יאקוב קאָלאס

# זומפּ

מעלוכע־פארלאג פון ווײַסרוסלאנד
מינסק — נאצסעקטער
1936

דער פאָלק־פּאָעט פונ ווײַסרוסלאַנד יאַקוב קאָלאַס שילדערט אינ דעמ דאָזיקנ בוכ די אנטשטײונג אונ אנטוויקלונג פונ דער פּאַרטיזאַנישער באַוועגונג אינ ווײַסרוסלאַנד בײַס דער מילכאָמע מיט די ווײַספּאָליאַקנ.

אינ א רײ בוילעטע עפּיזאָדנ באַווײַזט דער אויטער דעמ זעלבסטאָפּפערדיקנ קאַמפּ פונ די פּאַרטיזאַנער אונטער דער אָנפירונג פונ די באָלשעוויסטישע אונטערערדישע אָרגאַניזאַציעס אונ די בריוונג פונ נײַעמ לעבנ נאָכ דעמ, ווי פּאָלעסיע איז באַפרײַט געוואָרנ פונ די ווײַספּוילישע אָקופּאַנטנ.

ЯКУБ КОЛАС - ДРЫГВА - ДВБ - 1936

פונ ווײַסרוסיש — נ. קאַבאַקאָװ

באם פריפעט צווישנ וועלדער, זאמדנ אונ בלאָטעס טוליעט זיכ א קליינ דערפל, א שטיבעלעכ דרײַסיק אָדער, עפשער, פערציק. אונ די שטיבעלעכ זײַנענ דאָ ניט קיינ גלײַכע, פונקט ווי די מענטשנ: איינע איז א גרויסע, דאָס צווייטע א קלענערע, אנ עלטערע אָדער א נײַערע. אָבער דעם אלטנ טאלאשס שטיבל ציט צו פונדעסטוועגנ אפ זיכ די אופמערקזאמקײַט. ניט אזוי מיטנ אויסערלעכנ אויסזענ, ווי מיט איר איינזאמקײַט: זי שטייט אָנאזײַט אונ איז נאָענטער שכײנעשאפט מיטנ קליינ וועלדל באם ברעג פונ א בלאָטע. לעבנ דער שטוב, באשיצנדיק זי פונ דער זומערדיקער זונ, נעמט אָפ אנ אויג א צעצווײַגטער בארנבוים. פרילינג־צײַט, א באשאָטענער מיט ווײַסער בליִונג, ווי א יונג מיידל, גיט ער צו פּאָשעט כיינ דעם אלטנס הויפ, אונ ניט נאָר דער אלטער טאלאש, נאָר אויכ דער בושעל פונעם נעסט, וואָס איז אופגעמײַסטרעוועט אפנ ציידנס שטאל, קענ זיכ גיט אָנקוקנ אפ אלטנ בארנבוימ.

ווענ מע זאָל אפילע אראָפּוואַרפנ א יאָר פופצנ פונ דעמ אלטנ טאלאשס פלייצעס, איז ער אויכ דעמלט געווענ שוינ ניט קיינ יונגער: ער איז שוינ דאנ אלט געווענ א יאָר זיבעציק מיט עפּעס אונ דאָכ איז פונקט טאקע אינ יענע יאָרנ דער אלטער טאלאש בארימט געוואָרנ ווי א וואָיאקע[1]) אונ נאָכ וואָס פאר א וואָיאקע:

---

[1]) וואָיאקע—א מענטש א קעמפער א דרייסטער.

א רויטער פארטיזאַן און ניט קיין געוויינלעכער, ניט קיין פּאַשע־טער פארטיזאַן!

ביז דעמלט האָט קיינער ניט געוווּסט וועגן דעם אלטן טאַלאַש קריגספייַקייטן. עמעס, עס זיַינען געווען פאלן, ווען דעם אלטן טאלאַשן איז אויסגעקומען צו לאָזן אין גאַנג די פויסטן, אָבער דאָס האָט געטראָפן דעמלט, ווען דער אלטער טאלאַש האָט א הוליע געטאָן און א מיִעסער מענטש פלעגט אים אריַינברענגען אין קאַס. געוויינלעך אָבער איז ער געווען א מענטש א גע־שטעלטער, א מענטש מיט א קאָפּ, א געלאַסענער, כאָטש, דעם עמעס זאָגנדיק, ביז א געוויסער מאָס. זיַינע פלינקע, טונקעלע אויגן האָבן געקוקט פארטראַכט, אָבער אין זיי האָט אָפּט גע־בלאָנדזשעט אויך א געהיימניספול פייַערל, וואָס איז גרייט גע־ווען פאַנאַנדערפלאַקערן זיך אין געוויסע מינוטן אין א גאַנצער סריַיפע פון אַנטשיידענע מיַיסים.

דער אלטער טאלאַש האָט ליב דעם וואַלד, די בלאָטעס און זייַן לייַבלעכן פריפּעט, ווו ער פלעגט אַזוי בעריעש פאָרן אַפן שיפל און כאַפּן פיש. און א שיסער איז ער אויך געווען ניט קיין שלעכטער: וואָס פארא פּאָלעשוק [1]) וואָלט ער געווען, ווען ער וואָלט ניט קענען גוט שיסן? אַפ דעם איז עס דאָך פּאָ־לעסיע—אָן א ביקס באַגיין זיך דאָרט איז שווער.

אויב מע זאָל זיך שטרענג פאַנאַנדערקלייַבן אין פאקטן, איז דאָס שטיבל, וועגן וועלכן עס האָט זיך דאָ גערעדט, געווען ניט גאָר אינגאַנצן דעם אלטנס. פאר א לענגערער צייַט איז מען שוין געוווינט געווען אָנרופן עס טאלאַשס כאַטע. אינדערעמעסן אָבער האָט-עס געהערט דעם אלטנס וויַיב, דער איצטיקער אל־טער נאסטוליע. מיט 60 יאָר צוריק איז טאלאַש אָנגעקומען פאר א פרימאַק צו נאסטיע באַליגע. נאסטיע איז געווען אַן איינע איינציקע טאָכטער בא די עלטערן. אָט וויִאַזוי טאלאַש איז געוואָרן באַלע־

[1]) איַינוווינער פון פּאָלעסיע.

באָס פון דערדאָזיקער כאַטע. אָבער סאַפּקאָלסאָפּ איז דאָך עס ניט אזוי וויכטיק, ווען די כאַטע האָט געהערט, באזונדערס נאָך, אז דער אַלטער טאַלאַש האָט זי איבערגעשאַטן און ער האָט אַלפּי־יוישער רעכט צו רעכענען זיך פאַר איר בעלעבאָס. וויכטיק איז געווען דאָס, וואָס די שטוב איז געשטאַנען ווייטער אַב יסל פון דאָרף און אביסל אָנאזייט פון לייטישע אויגן. ביז דעם, ווי טאַלאַש איז אָנגעקומען פאַר א פּרימאַק, איז ער געווען באַם פּאָרעצ א פאַסטעך. און נאָך וואָס מע קען אָפּצייכענען פון דעם אַלטן טאַלאַשס פאַרגאַנגענהייט — בא זײַן טאַטן זײַנען געווען 12 קינדער. 8 פון זיי זײַנען געשטאָרבן קליינינקע. געבליבן לעבן זײַנען 2 זין, צווישן זיי אויך ער, דער אַלטער טאַלאַש, און 2 טעכטער.

רויִק און פּאַוואָליע, ווי אין א פּאַרקישעפּטן כאָלעם, געטוליעט אין בלאָטעס, טראָגט דער פּריפּעט זײַן רײַכן שטײַער דעם דניעפּער. ער אײַלט זיך ניט ארויסצוטראָגן דאָס גוטס פון די פּאָלעסיער בלאָטעס. און גוטס איז דאָ אַזויפיל, אז סײַווי אײַל זיך יאָ, אײַל זיך ניט, וועט דאָ ארבעט אימ קלעקן אַפּ לאַנגע יאָרן, ער האָט עפּשער אפילע די האָפענונג שוין פאַרלאָרן ארויסטראָגן כאָטש ווען ניט איז אַט דעם דאָזיקן יאַמ טונקל־ראָזן וואַסער פון די ענדלאָזע פּאָלעסיער בלאָטעס. און עפּשער דערפאַר טאַקע איז ער אזא פּאַוואָלעדיקער און פלעגמאַטישער? אָט בלויז דאַן, ווען עס צעהוליעט זיך דער ווינט איבער די גרינע נאַדלען פון די וועלדער, איבער די קײַלעכדיקע קופּעס היטעלעך פון דער קוטשעראַווער לאָזע, איבער די בראָדאָוועקעס פונעם האַרטן טשערעט,— דאַן ווערט דער טײַך ברויגעזדיק אָנגעכמורעט. ער צעוויגט זיך, ווערט אופגעטרייסלט מיט טויזנטער כװאַליעס און וואַרפט מיט צאָרן די שיפלעך און כליפּעט הילכיק אין דעם בײַברעגיקן טשערעט, ווי א מוטער באַמ קייווער, ווו עס ליגן באַגראָבן אירע קינדער. אפילע דער אַלטער טאַלאַש דערוועגט זיך ניט דאַן לאָזן זיך אַפּ זײַן שיפל אַפּן מיטן פּריפּעט.

דערפאַר אָבער, ווי ברייטלעכ און היימיש ליגט ער זיכ פאַנאַנדער אינ די ווייכע ברעגנ, ווענ עס באַרויִקט זיכ דער ווינט און איבער פּאָלעסיע צעשיט זיכ די זונ מיט מיליאַרדנ גאָלדענע ברעקלעכ ליכט! רו און שטילקײַט הערשנ דאַנ איבערנ גרינעמ סאַמעט פונ די בלאָטעס און וועלדער. ווי א בלישטשענדיק שטאָלנ שנירעלע גלאַנצט דער פּריפּעט. און בלויז אינ די טיפע, שוואַרצע בוכטעס זײַנע פּליעסקענ זיכ די פיש, אופהייבנדיק זילבערנע קרײַזנ־רייפנ. און דער אַלטער טאַלאַש, קוקנדיק אפ די זיאַזיקע שטיפערײַענ פונ די פיש, רוקט אַראָפּ פונ שטערנ אפ דער פּאַטיליצע זײַנ שטרויענעמ קאַפּעליוש און גיט זיכ א זאָג צו זיכ אַליינ: „א, א רועכ אינ דײַנ מאַמענ אַרײַנ: אָט גוט וואָלט געווענ אָנטשעפּענ דיכ, פישעלע!“

רויִק און פּאַוואָליע, ווי אינ א פאַרקישעפּטנ כאָלעמ, איז זיכ געפלאָסנ אויכ דאָס לעבנ אינ פּאָלעסיע. און דער אָפּקלאַנג פונ דאָס אַלצ, וואָס עס האָט זיכ געטאָנ אפ דער וועלט, פלעגט זיכ דערטראָגנ אַהער אינ טענער פאַרטויבטע דורכ די פּאָלעסיער ראַכוועסנ, אָדער מיט אַזעלכע אָנשיכטונגענ פונ מענטשלעכער פאַנטאַזיע, אַז עס איז שוינ שווער געווענ אויסשיילנ פונ זיי דעמ קערענדל עמעס.

אָבער עס איז געקומענ א צײַט.

עס האָט זיכ א וויג געטאָנ, עס האָט א ציטער געטאָנ פּאָלעסיע. און געווענ איז דאָס אינ יענעמ זומער, ווענ עס איז אָנגעקומענ דער צאַרישער באַפעל וועגנ מאָביליזאַציע. עס האָט זיכ א לאָז געטאָנ דער זאַפּאַס, האַלטנדיק די ריכטונג צו די נאָענטסטע אײַזנבאַנ־סטאַנציעס, זיי האָבנ זיכ א לאָז געטאָנ אונטער דער רוישיקער מוזיק פונ האַרמאָשקעס, לידער און האַרצ־רײַסנדיקנ געוויינ פונ מאַמעס און יונגע פרויענ.

כאָטש לעכאַטכילע איז די מילכאָמע געגאַנגענ ערגעצ ווײַט, אָבער איר עכאָ האָט אַלצ הילכיקער און הילכיקער דערטראָגנ זיכ צו דער שטילער פּאָלעסיע. מע פלעגט שיקנ פונ ווײַטנ

פראָנט בריוו אין די פארוואָרפענע ווינקלען פון די פּאָלעסיער דערפער און זייער אָפּט איז דער ענטפער אף די דאָזיקע בריוו געווען דער ביטערער געוויין פון פאריאָסעמטע קינדער און יונגע אלמאָנעס. און די מילכאָמע האָט געשלונגען אלץ נייע און נייע קאָרבאָנעס. און עס איז קיין סאָף ניט געווען צו דער מילכאָמע. איז נאָך קארג דאָס—האָט זיך דער פראָנט אָנגעהויבן דערנענטערן אהער. האָבן אלטע לייט שווער קרעכצענדיק געשאָקלט מיט די קעפּ. און דער אלטער טאלאש האָט זיך שיר ניט אריינגעפאקט אין א צאָרע. ער האָט געטראָגן אין פעטריקאָוו פארקויפן פיש. האָט זיך דער אלטער שטארק פארוואונדערט, ווען דער קויפער האָט אים אָנגעהויבן ציילן „געלט” מיט פאפירענע מארקעס. אף די געלט איז געווען דעם קייסערס פּאָרטרעט. אף איין מאטבייע איז געווען דער פּאָרטרעט פון ניקאָליי דעם צווייטן און עס איז געשטאנען א ציפער צען.

— וואָס גיסטו עס מיר?—האָט מיט אופרעגונג א פרעג געטאָן דער אלטער טאלאש, אוועקלייגנדיק אף דער דלאָניע די פאפירענע מארקעס.

— אן ערשטן מאָל זעסטו עס? ס'איז איצטער אומעטום אזעלכע געלט. גיב א קוק, דעם קייסערס פּאָרטרעט און עס איז אָנגעשריבן—צען קאָפּיקעס.

דער אלטער טאלאש האָט א פיר געטאָן מיט די אויגן אף קייסערס פּאָרטרעט, האָט א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

— א שיסער, א קלאָג צו דער מאמען... האָסט זיך דערלעבט מיט דיין מילכאָמע. אויסוווּרף דו, היצלע איינער, אז קיין מעשענע קאָפּיקע האָסטו שוין ניט!

האָט דער פּאָליציייִשער סטראזשניק אָנגעשפּיצט זיינע אויערן און א לאָז געטאָן זיך צום אלטן. מיט צאָרעס האָט זיך דער אלטער טאלאש אָפּגעטשעפּעט פונעם דאָזיקן אומגליק. און ער האָט זיך א וואָרט געגעבן איינמאָל פאר אלעמאָל: פאר לייטן דארף מען זיין פונקט אזוי פּאָרזיכטיק, ווי אף א זומפּיקן באָדן:

גיסטו ניט אזוי א טראַט—ווערסטו פארזונקען. ווערסט זיך ניט ארומקוקן—טרעפסטו אָן אפ א שלאנג.

II

אסאך געשעענישן זיינען פאָרגעקומען פאר דער לעצטער צייט. ווען דער אלטער טאלאש דערמאָנט זיך אָן זיי, דאכטן זיי זיך אים אויס ווי עפעס א מין מאָדנער כאָלעם. א מילכאָמע, א רעוואָליוציע, ווידער א מילכאָמע. אפ וואָס דארף מען דאָס אלץ האָבן? וואָס קענען דאָ מענטשן ניט צעטיילן זיך? ווי א וויכער איז דאָס לעבן געוואָרן און עס קאָכט ווי א שווארצער וואסערווירבל. ווען זשע וועט שוין רויִק ווערן? וואָס־זשע וועט ווייטער זיין? דער אלטער טאלאש הערט זיך וואכזאם צו צום גערויש פונעם וואלד, צו דעם, ווי עס כליפען אין די גראָזן די אומרויִקע כוואליעס פונעם ברייטן פריפעט. ער קוקט זיך שטארק איין אין די ווייטן פון די שווייגנדיקע בלאָטעס. זיי פארטייען אין זיך עפעס פארבאָרגנס, און אינטערעסאנטעס.

און דער דאָרף איז אויך שטיל געוואָרן. עס איז אינדערעמעסן אן אָנגעשטרענגטער און אינטערעסאנטער מאָמענט. פריִער פאר אלץ—עס איז ניטאָ קיין שום מאכט. דערפון איז עפעס אביסל איימעדיק. נעכטן נאָך איז דאָ געשטאנען רויטע מיליטער. אפילע בא דעם אלטן אין שטיבל איז איינגעשטאנען א רויטער נאטשאלניק, א באטאליאָן־קאָמאנדיר, מיט וואָס דער אלטער טאלאש האָט אפילע שטאָלצירט. און אן אינטערעסאנטער מענטש איז ער געווען אָט דער דאָזיקער קאָמאנדיר—א באריידעוודיקער, א פּאָשעטער...

„דער ארבעטער און פויער—אָט, זאָגט ער, ווער עס דארף אָנפירן מיטן לעבן און זיין דער גאנצער באלעבאָס פון זיין אייגענער מעלוכע. די פריצים, סאָכרים, גאלאָכים און פארשיידענע רייכע לייט, דאָס זיינען אלץ אונדזערע סאָנים".

אָבער דאָס רויטע מיליטער האָט זיך א רוק געטאָן אפ צוריק

ערגעצ: מע זאָגט, די פאָליאקנ גרײַפנ אָנ, אונ זײ זײַנענ איצטער ערגעצ דאָ ניט װײַט.

עס זיצט זיכ ניט דעם אלטנ טאלאש אינ שטוב, אָבער אָפּרײַסנ זיכ פונ שטוב קומט אויכ ניט אויס אונ באזונדערס נאָכ דערפאר, וואָס די אלטינקע נאסטע איז קעגנ דעם, זי לאָזט ניט דעם אלטנ ניט אינ וואלד אונ ניט אפנ פריפעט: ווער ווייס, וואָס עס קאָנ זיכ טרעפנ אינ אזא סאקאָנעסדיקער, ניט־רויִקער צײַט! אָבער דער אלטער טאלאש גייט דאָכ פאָרט ארויס פונ שטוב. אינ וואלד וועט ער ניט גיינ, אָט ער וועט זיכ נאָר דורכגיינ איבערנ דאָרפ אונ א הער טאָנ, וואָס ריידנ לײַט, צי הערט זיכ ניט עפּעס נײַס.

אינ סאמע מיטנ דאָרפ האָט זיכ געשפרייט א ניט־גרויסע, אָבער א גאנצ הויכער אונ אביסל א פארקײַלעכטער פלאצ. אינדערברייט פונעם פלאצ גייט דורכ נאָכ איינ געסעלע, אביסל א קירצערע, וואָס עס גיט צו דעם דאָרפ א פאָרמע פונ א צײלעם. אונ אפ דעם איבערקרייצ פונ די גאסנ שטייט טאקע אנ עמעסער צײלעם, וועלכער האָט אויכ אופגעהויבנ זײַנ שפיצ איבער די שטרויענע סטרעכעס פונ די הײַזלעכ. אהערצו קומענ זיכ צונויפ מענטשנ צו שמועסנ וועגנ זייערע איניאָנים אָדער פאָשעט פארברענגענ א פרײַע מינוט.

דעם אלטנ טאלאש ווארפנ זיכ אינ די אויגנ צוויי מענטשלעכע פיגורנ: איינע—וואסיל בוסיגא אונ די צווייטע—דעם פאָרעצ קרוליעווסקיס זונ, טאקע דעמזעלביקנ פאָרעצס, בא וועמעס טאטנ עס האָט אמאָל נאָכ געדינט פאר א פאסטעכ דער אלטער טאלאש. דער יונגער קרוליעווסקי איז אָנגעטאָנ אינ א מיליטערישער פאָרמע פונ א צארישנ אָפיצער. מערנישט היטלענ אזעלכע האָבנ די צארישע אָפיצערנ ניט געטראָגנ: נאָכנ היטל נאָכ קענ מענ אימ רעכענענ פאר אנ אָפיצער פונ פרעמדנ מיליטער. בא דעם אלטנ טאלאש זײַנענ דורכגעלאָפנ עטלעכע געדאנקענ: פונ וואנענ האָט זיכ דאָס גענומענ אָט דער דאָזיקער לעצ? אפ

א געוויסער צײַט איז ער עפּעס נעלעם געוואָרן — מען האָט אים ניט געזען, און זײַן היטל האָט איידעס געזאָגט וועגן דעם, אַז ער האָט עפּעס א שײַכעס צו דער פּוילישער אַרמיי. וואסיל בור־סיגא איז געווען א קאנדידאט אפ א וואָלאָסט־סטאראָסטע, אָבער די רעוואָליוציע און אלע ווײַטערדיקע געשעענישן האָבן אראָפּ־גענומען זײַן קאנדידאטור. נאָך זיירע פּענעמער נאָך זעט דער אלטער טאלאש, אז זיי זײַנען שטארק צופרידן מיט דעם, וואָס עס האָט זיך א דריי געטאָן אפ צוריק. דעם אלטן טאלאשן ווילט זיך זייער וויסן, וועגן וואָס ריידן זיי עס מיט אזא היץ, אז זיי באמערקן אים אפילע ניט. דער אלטער טאלאש האלט אײַן דעם טראָט, ער מאכט אן אָנשטעל פון א מענטשן, וואָס איז שטארק פארטאָן, ער לאָזט אראָפּ די אויגן און גייט זיך פּאוואָליע זײַן וועג און הערט, וועגן וואָס עס ריידן פאן קרו־ליעווסקי מיט וואסיל בוסיגא. צום אלטנס אויערן דערטראָגן זיך איינצלנע ווערטער און אָפּגעריסענע רייד, אָבער עס איז אים שווער צו פארשטיין, וועגן וואָס עס האנדלט זיך דאָ.

— ווארווארן, פּסיאקרעוו!

— נאָך א מין ווילדע כײַעס... עס וועט עפּשער ווערן א טאָלק.

— קלאָר ווי דער טאָג... דאָס איז דאָך, פּאניע, אייראָפּע! קולטור!..

אז דער אלטער טאלאש האָט זיך שוין דערנעענטערט צו זיי, זײַנען זיי מיטאמאָל אנשוויגן געוואָרן. דער אלטער האָט גע־מאכט אן אָנשטעל, אז ער איז שטארק פארכידעשט פון דער דאַזיקער „פּלוצלינגדיקער" באגעגעניש און האָט זיך קלוימערשט דערשראָקן. א כאפּטאָנדיק זיך פארן היטל, האָט ער זיך א נויג געטאָן און געזאָגט „גוטמאָרגן". פאן קרוליעווסקי האָט ניט גע־קאָנט פארבאָרגן זײַן גוטע שטימונג און האָט אין א געלעכטער א פרעג געטאָן דעם אלטן טאלאש.

— ווענעס אונטערטאן ביסטו איצטער?

— קיינעמס ניט — האָט געענטפערט דער אלטער טאלאש.

— נו, איז אינ 3 שאָ ארומ ווערסטו זײַנ א פּוילישער אונ־טערטאַנ.

— א פּוילישער?!—האָט זיכ פאַרכירעשט דער אלטער, ווי ער וואָלט גאָרנישט ניט פאַרשטאַנענ.

פונ יענער זײַט גאַס, פונ וואַנענ ס'איז געגאַנגענ דער אלטער טאַלאַש, לויפט אַנ אַנ אָטעמ א 16־יאָריק יאַטל. דאָס איז פאַ־נאַס, טאַלאַשס ייִנגערער זונ. פונ גיכ לויפנ האָט פאַנאַס שטאַרק געסאָפּעט.

— טאַטע!—שרײַט פאַנאַס נאָכ פונדערווײַטנ,—א פּאָליאַק נעמט בא אונדז צו דאָס היי.

פאַנאַס שטימ, זײַנע ווערטער אונ זײַנ עצעמ אויסזעהנ האָבנ ווייטעקדיק א שטאָכ געטאָנ דעמ אלטנ טאַלאַש. ער האָט זיכ ווילד אומגעקוקט אונ פלינק זיכ אויסגעקערט צוריק, פאַרגעסנ אינ דעמ מאָמענט אי וואַסיל בוסיגענ, אי פּאַנ קרוליעווסקי, אי זייער שמועס. מיט שנעלע טריט אונ אָפּט אונטערלויפנדיק, האָט זיכ דער אלטער א לאָז געטאָנ צו זײַנ שטיבל. דעמ אלטנס על־טערער זונ מאַקסימ, אַנ אָנגעכמורעטער אונ ערנסטער, האָט מיט אַנ אומצופרידענער מינע באַשטעטיקט פאַנאַס ווערטער, כאָטש קיינ נויטווענדיקײַט איז אינ דעמ ניט געווענ. דעמ אלטנס סטויגל היי פונ א וועגענער פינפ איז געשטאַנענ ניט ווײַט פונ שטוב באַמ ברעג בלאָטע, פונ וועלכער עס איז אָפּגעגאַנגענ א געדיכט בערדל פונ א נידעריקנ קוסטעס־וועלדל—אונ מ'האָט עס גוט געקאָנט זענ. לעבנ סטויגל זײַנענ געשטאַנענ צוויי פורלעכ, צו צוויי פערד געשפּאַנט אינ א שליטל אונ לעבנ זיי האָבנ זיכ געפּאָרעט צוויי פּוילישע סאָלדאַטנ. דער דריטער האָט זיכ פאַר־קליבנ אַפנ סטויגל אונ האָט געוואָרפנ דאָס היי פונ אויבנ. מער ווי א פערטל פונעמ סטויג האָט מענ שוינ פאַנאַנדערגעשלעפּט. אַרופגעוואָרפנ אַפ זיכ דעמ רויטנ פעלצל, איז די אלטע נאַסטע געשטאַנענ אַפנ הויפ, האָט געבראָכנ די הענט אונ געוויינט: מיט וואָס וועט מענ דאָס איצטער קאָרמענענ די כודאָבע?

ניט געזאָגט קיין וואָרט, האָט דער אַלטער טאַלאַש פאַרוקט אין גאַרטל די האַק — דער אַלטער האָט געהאַט א געוווינהייט נעמען מיט זיך א האַק, אוועקגייענדיק פונדערהיים — און איז אוועק צו זיין סטויגל היי, איבער וועלכן ס'האָבן געבאַלעבאַטעוועט די פוילישע סאָלדאַטן. הינטערן אַלטן אַביסל ווייטער זיינען אוועק אויך זיינע זין.

— טשעפּע זיך ניט מיט זיי, — האָט דעם אַלטן געוואָרנט די אַלטינקע באַסטיע — זיי וועלן דיך נאָך דערהאַרגענען אָדער אַרעסטירן.

זי איז געבליבן אפן הויף און מיט שרעק האָט זי געקוקט, וואָס וועט עס ווייטער זיין. ווי נאָר דער אַלטער טאַלאַש איז צוגעגאַנגען צום סטויגל, האָט די אַלטינקע נאַסטע זיך ווידער צעיאָמערט אפן קאָל איבערן גאַנצן הויף, האָט באַקלאָגט דעם סטויגל היי, ווי מען באַקלאָגט א באַרמינען. איר געיאָמער האָט זיך הילכיק דערטראָגן צו דער בלאָטע, וווּ עס איז געשטאַנען דעם אַלטנס סטויגל, און האָט זיך צעשוווּמען אויך איבערן גאַס, צעשטערנדיק איר רו. מענטשן זיינען אַרויס אין גאַס און די יעדיע וועגן די פּאָליאַקן האָט זיך גלייך פאַרשפּרייט איבערן גאַנצן דאָרף.

דער אַלטער טאַלאַש איז זיך צוגעגאַנגען צום סטויגל היי, האָט זיך נידעריק א נויג געטאָן פאַר די סאָלדאַטן, האָט אַראָפּגענומען דאָס היטל, אָבער די סאָלדאַטן האָבן אפּ אים ניט געלייגט קיין אַכט און האָבן ניט געענטפערט אפּ דעם אַלטנס באַגריסן זיך. איינער פון די סאָלדאַטן איז געזעסן אפּ א שליטן און האָט געטאָפּטשעט דאָס היי, דער צווייטער האָט דערלאַנגט קופּעסווייז, און דער דריטער האָט פאַנאַנדערגעוואָרפן דעם סטויג.

— פּאַנאָטשקי, וואָס טוט איר עס? — האָט מיט שרעק אָנגעהויבן ריידן דער אַלטער טאַלאַש, — צו וואָס נעמט איר צו דאָס היי? דאָס לעצטע ביסל היי? — מיט וואָס זשע וועל איך קאָרמענען די כודאָבע?

צום טײַוול גײ!—האָט זיך אָפּגערופֿן דער סאָלדאַט פֿון שליטן און דער צווייטער, וואָס איז געזעסן אויפֿן סטויג, האָט מיט אַ קיוון אַ וואָרף געטאָן אויפֿן אַלטן אַ כאַפּקע היי און אַזוי טרעפֿלעך, אַז בײַ דעם אַלטן האָט זיך דאָס היטל אַראָפּגערוקט אויף דער פּאַטיליצע, און די סאָלדאַטן איז דאָס אַזוי שטאַרק געפֿעלן געוואָרן, אַז זיי האָבן געקײַכט פֿון געלעכטער.

דער אַלטער טאַלאַש האָט שטילינקערהייט אַראָפּגעשלונגען די דאָזיקע באַליידיקונג און אַוולע. נאָך מער, ער האָט אַ כאַפּ געטאָן מיט די הענט דעם שינעל פֿונעם סאָלדאַט און האָט זיך געשטעלט פֿאַר אים אויף די קני.

— פּאַנאָטשקי, נעמט ניט צו דאָס לעצטע ביסל היי! לײַט האָבן אַסאַך אין זאַפּאַס און בײַ מיר איז דאָס דער לעצטער סטויג.

— גײ צום טײַוול, אַלטער קעלעוו!—איז אַן אויפֿגעוזאָדענער געוואָרן דער סאָלדאַט און האָט אַ שטורכ געטאָן דעם אַלטן אין האַרצן.

מיט דער ספּריטנעקײַט פֿון אַ יונג יאַטל האָט זיך דער אַלטער טאַלאַש אַ כאַפּ אויף געטאָן פֿון די קני. זײַנע אויגן האָבן זיך צעפֿינקלט מיט שרעקלעכן קאַעס.

— הונט!—האָט ער אַ דונער געטאָן מיט אַ שטים, פֿול מיט האַס און נעקאָמע. די האַק האָט ווי אַ בליץ אַ טראַג געטאָן זיך אין דעם אַלטנס הענט, אַ בליאַסקע געטאָן אינדערהויך מיטן קאַלטן געשליפֿענעם שאַרף. דער סאָלדאַט אויף וועלכן דער זיידע האָט פֿאַרהויבן די האַק, איז בלאַס געוואָרן ווי אַ טוך און האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אָנאַזײַט, אַז די האַק זאָל אים ניט טרעפֿן.

— וואָס טוסטו דאָס, טאַטע?—איז מאַקסים צוגעשפּרונגען צום אַלטן און אַ כאַפּ געטאָן אים פֿאַרן האַנט.

די צעטומלטע סאָלדאַטן זײַנען אויף אַ ווײַלע, ווי אָפּגעשטאָרבן. זיי האָבן פֿאַר קיין פֿאַל ניט געריכט זיך, אַז דער אַלטער זאָל פּלוצלינג אַזוי ענדערן זײַן אויפֿירונג.

— נעם אים! בינד אים דעם פארפלוכטנ אזיאט!—האָט דער ערשטער אויסגעשריִען דער סאָלדאט פונ שליטנ אונ איז אראָפּ־געשפּרונגען אפ דער ערד. די סאָלדאטנ האָבנ זיך א וואָרפ גע־טאָנ אפ דעם אלטנ טאלאשנ אונ האָבנ אים גענומענ קאמיאטשענ, סטארענדיק זיך אומווארפנ אים. האָט זיך דער אלטער טאלאש צעלאָזנ, האָט א קער געטאָנ מיט זײַנע ברייטע פּלייצעס, האָט זיך א דריי געטאָנ, אונ די סאָלדאטנ זײַנעג פונ אים אָפּגעפלויגנ, ווי שפּענדלעך. איינער האָט א פאל געטאָנ מיטנ נאָז גלײַך אינ שניי ארײַנ.

— א, שעד דו אלטער!—האָט ער נאָר ארויסגערעדט, אופּהויבנ־דיק זײַנ קאָנפעדעראטקע [1].

דער אלטער טאלאש האָט דערזענ, אז עס האלט מיט אים שמאָל, האָט ער ניט ווארטנדיק אפ א צווייטנ אָנפאל, ווי א פײַל פונ בויגנ א לאָז געטאָנ זיך אינ געדיכטנ וועלדל ארײַנ אונ איז אינ איינ אויגנבליק פארשווונדנ געוואָרנ. איצט ערשט האָבנ די פּאָליאקנ דערמאָנט זיך, אז זיי זײַנענ סאָלדאטנ, אז זיי האָבנ נאהאנענ. האָבנ זיי אויסגעשאָסנ עטלעכע מאָל אינ יענער זײַט, ווו דער אלטער טאלאש איז פארשווונדנ געוואָרנ.

ס'האָט זיך אָנגעהויבנ צונויפלויפנ דער דאָרפישער אוילעמ. די ערשטע זײַנענ געקומענ צולויפנ וואסיל בוסיגא אונ פאנ קרו־ליעווסקי.

— א ווארִיאט, א ווארִיאט,—האָט בוסיגא מיטגעפילט די פּאָליאקנ.

— א באָלשעוויק—האָט באשלאָסנ פאנ קרוליעווסקי.

די פּאָליאקנ האָבנ צענומענ דעם אלטנס סטויגל אונ דאָס פאר־בליבענע היי האָבנ זיי געצוווּנגענ מאקסימענ אוועקפירנ אפ דער אייגענער פור.

---

[1] א היטל פונ א פּוילישנ סאָלדאט.

„וואַיאקעס, א קרענק אײַכ אינ די קעפ ארײַנ!"—האָט צו זיכ אליינ א זאָג געטאָנ דער אלטער טאלאש, ווענ די שיסערײַ האָט אופגעהערט אונ די קוילנ האָבנ מיט א פײַפ זיכ דורכגעטראָגנ איבערנ קאָפ, זעצנדיק מיט א טרוקענעמ קנאַק איבער די קוס־טעס. פאר דעמ אלטנס אויגנ איז נאָכ ווי א לעבעדיקער גע־שטאנענ דער צוזאמענשטויס מיט די פוילישע סאָלדאטנ אונ בא־זונדערס דער מאָמענט, ווענ אפ אימ האָבנ זיכ א וואָרפ געטאָנ די סאָלדאטנ אונ ער האָט זיי צעשלײַדערט ווי דער ווינט גרינגע פעדערלעכ, דאָס האָט זייער געמונטערט דעמ אלטנ אונ ער האָט אָנגעהויבנ פילנ מער זײַנ אייגענעמ איכ. דאַכ האָט ער שנעל א לאָז געטאָנ זיכ אלצ טיפער אונ טיפער אינ דער בלאָטע, אינ די געדיכטע קוסטעס, אינ וואלד ארײַנ אונ ערשט דאנ האָט ער זיכ אַפגעשטעלט אונ א ביסל אָפגע־עטעמט, ווענ ער איז שוינ אָפגעגאנגענ גאנצ ווײַט אונ ער איז זיכער געווענ, אז קיינער יאָגט אימ ניט. צומ גליק האָט נאָכ אַנגעהויבנ שיטנ א געדיכטער שניי. וואָס טוט מענ ווײַטער?

ער האָט זיכ אויסגעקליבנ א רויִקנ אָרט, זיכ צוגעשפארט צו אנ אלטער יאָדלע אונטערנ צורעק פונ די אראָפגעהאנגענע מיט שניי באשאָטענע צווײַגנ, האָט ארויסגענומענ דאָס רימענע בײַטעלע, אַנגעשטאָפט אינ דער פיפקע טיטונ, אויסגעקלאפט פײַ־ער אונ פארויכערט. פיפקעט דער אלטער טאלאש אונ לאָזט איינ קנוילכל רויכ נאָכנ צווייטנ. די רויכ־קנוילכלעכ זיפנ זיכ דורכ די יאדלאָווע לאפקעס, רײַסנ זיכ ארויס אינדרויסנ אונ ווערנ פאר־שווונדנ אינ דער ווינטערדיקער לופט, אונ דער אלטער טאלאש אליינ זיצט זיכ אונ באטראכט די וועלט... טראכטנדיק אזוי, קומט ער צומ געדאנק, אז ער האָט זיכ אביסל צופיל צעהיצט. ס'איז נאָכ גוט, וואָס מאקסימ האָט אימ אײַנגעהאלטנ די הענט, עס וואָלט געווענ גאָר שלעכט, ווענ ער וואלט דערהארגעט דעמ

סאָלדאט, אָבער וואָס טוט זיך דאָרטן מיט זײַנע זין און מיט דער אלטינקער נאסטען — ווייס ער גאָר ניט... אַך, מענוּ־וואַלים! דער שעד האָט זיי אָבער אָנגעטראָגן אפּ זײַן קאָפּ. און ווי זשע האָט ער געקאָנט אנדערש באגיין זיך מיט זיי? געבעטן זיך, צו די פיס געפאלן און זיי האָבן זיך נאָך זדיעקעוועט איבער אים, ווי ער וואָלט גאָר קיין מענטש ניט געווען... און אז דער אלטער טאלאש האָט אָנגעהויבן דערמאָנען זיך, וויאזוי די סאָלדאטן זײַנען זיך מיט אים באגאנגען, האָט זיך זײַן צאָרן אָנגעצונדן מיט נײַער קראפט און דעמלט האָט אים פארדראָסן, פארוואָס האָט ער ניט צעפלעט די מויכעס אָט דידאָזיקע מערדער.

אין רעזולטאט פון אָט די אלע געדאנקען איז בעקומען די פראגע וועגן דעם, ווי דערהויסט מען זיך, וואָס איז פאָרגעקומען דאָרטן אינדערהיים מיט זײַנע זין און מיט דער ווײַב, און ווי טײַטשט מען אויס דאָרטן זײַן אופירונג.

און אין דער זעלבער צײַט, וואָס דער אלטער טאלאש איז געזעסן אונטער דער יאָדלע פארטיפט אין געדאנקען, האָט דאָרטן אין דאָרף דער פאן קרוליעווסקי אָפּגעראמט דעם וועג און צוגעגרייט די געזעלשאפטלעכע מיינונג אין די אינטערעסן פון דער פוילישער אָקופּאציע, פון דער פוילישער מאכט און מעלוכע־שאפט. ער האָט ארום זיך צונויפגעקליבן די כאָשעווע באלע־באטים און האָט פארפירט מיט זיי א שפיל אין דעמאָקראטיש־קײַט. וואסיל בוסיגא איז געווען זײַן טרײַער געהילף. ווען פאן קרוליעווסקי האָט געשפילט די ראָל פון דעם הויפט־מעכוטן פון דעם פוילישן צאד, איז וואסיל בוסיגעס ראָל געווען די ראָל פון א פריצישן אונטערבילער. דער פאן קרוליעווסקי האָט זיך געהאלטן פאר א קענער פון דער פויערישער פסיכאָלאָ־גיע, ער האָט זיך געסטארעט ריידן מיט זייער לאָשן, מיט זייער לעקסיקאָן. זײַן שטימונג איז געווען אַן אופגעמונטערטע און ער האָט זיך שיר ניט פארכלינעט, ווען ער האָט גערעדט וועגן דער פוילישער קולטור, וועגן דער פוילישער דעמאָקראטישקײַט, וועגן

דער פוילישער מיסיע צו זײַן א שוץ פאר דער אייראָפּײִשער קולטור פונעם באָלשעוויסטישן אָנגריף.

וואסיל בוסיגא האָט איליוסטרירט די פריצישע טעזיסן וועגן דער באָלשעוויסטישער ווילדקייט און מערדערײַ מיט אויסגעטראכטע בײַשפּילן, פון וועלכע מען האָט געקאָנט ארויסזען, וויאזוי די באָלשעוויקעס מאכן אלץ כאָרעוו, וויאזוי זיי האָבן געדריקט אפילע דעם פּאָשעטן אוילעם; ווער עס האָט נאָר געלעבט אביסל רײַכער, האָט מען בא אים אָפּגענומען די פערד, בעהיימעס, ערד און אָפּגעגעבן זיי, די הולטײַעס, וועלכע קאָנען אפילע ניט א קער טאָן זיך ארום דער ערד. מען האָט דאָ דערמאָנט אויך דעם אלטן טאלאשן און זײַן „ווילדע" אופירונג און מען האָט אים פארורטיילט אפן סאמע אנטשיידנסטן אויפן. ניט אומזיסט טאקע איז בא אים געשטאנען קווארטיר א רויטער קאָמאנדיר.

דער אלטער טאלאש האָט פאר דער צײַט באטראכט וואָס ווײַטער צו טאָן. ער איז ארויס פון זײַן אָרט, ווו ער האָט זיך באהאלטן, האָט זיך צוגעהערט, האָט זיך ארומגעקוקט. אין די שפּיצן פון די ביימער פונעם וואלד האָט אומעטיק געפּײַפט א ווינט, פאנאנדערוואָרפנדיק צווישן די צווײַגן און אָפּ די צווײַגן פון די ביימער א העלע שניי־נעץ. אונטן איז געווען שטיל. ערגעץ ווו לינקס פון דאָרף האָבן זיך געהערט ווײַטע שאָסן. און עפּשער האָט זיך עס נאָר אויסגעדוכט דעם אלטן טאלאשן. ער איז געשטאנען נאָך א מינוט און האָט זיך פּאַוואָליע געלאָזן צו זיך אהיים. געגאנגען איז דער אלטער טאלאש ניט געײַלט, אָפּזוכנדיק די פארוואָרפענע וואלד־סטעזשקעס, וועלכע זײַנען אזוי גוט באקאָנט געווען דעם אלטן. ער איז זיך געגאנגען גלײַך מיט די וואסער־פּאסן פון דער בלאָטע, טוליענדיק זיך צווישן די הוילע לאָזע־קוסטעס און שטארק אײַנגעקוקט זיך אין דעם ווײַסן נעפּל פונעם שניי־פּוך. געגאנגען איז דער אלטער טאלאש מיט אזא כעזשבן, אז ער זאָל צו זיך אפן הויף

קומען פארנאכט, קעדיי ער זאָל קענען בעסער אויסבאהאלטן זיך פון לייטישע אויגן.

און פארנאכט דעם זעלבן טאָג האָט זיך אין דאָרף באוויזן א גרופע פוילישע סאָלדאטן. זיי זיינען ארייַנגעגאנגען שטיל, אומבאמערקבאר, ניט שרעקנדיק איבעריקס קיינעם. פאן קרוליעווסקי, וועלכער איז ווייַזט אויס אינפאָרמירט געווען וועגן דעם, האָט געהאט א שמועס מיטן נאטשאלניק, נאָכדעם זייַנען סייַ די סאָלדאטן, סייַ פאן קרוליעווסקי פארשוווּנדן פון דאָרף, און אין א קורצער צייַט ארום איז אהער ארייַן א גאנצער אָפטייל סאָלדאטן מיט אן אָפיצער אינדערשפיץ. געגאנגען זייַנען די סאָלדאטן איבער דער גאס זייער האָפערדיק מיט אן אויסגעשפראָכענעם אויסזען פון „וואָיאקעס” און זיגער. דער יונגער אויסגעפוצטער אָפיצער האָט שטרענג, קורץ, אָפגעגעבן א פאראָרדענונג. אוועקשטעלן א וואכ, אָנגעצייכנט די פונקטן, ווו די וואכ דארפ זייַן באזונדערס וואכזאם, האָט באפוילן אייַנרעגולירן די פארבינדונג, ארויסשיקן אופזועער און ביכלאל אכטונג געבן ווי עס באדארפ צו זייַן. א טייל סאָלדאטן זייַנען אוועק אין נאריאד און די איבעריקע זייַנען זיך צעגאנגען איבער די הייַזער.

א שרעק האָט אָנגענומען די אלטע נאסטע, ווען זי האָט דערזען אפן הויפ סאָלדאטן. אין שטוב מיט איר איז געווען נאָר איינס פאנאס. די סאָלדאטן האָבן זיך א לאָז געטאָן אין שטוב ארייַן. דרייַען זייַנען זיי געווען. זיי זייַנען ארייַן אָן א גוטמאָרגן, האָבן א וואָרפ געטאָן אן אויג איבערן שטוב.

— און ווו איז, אלטע, די שנור דייַנע?—האָט בא דער אלטער א פרעג געטאָן איינער פון די סאָלדאטן.

— צו די עלטערן אוועק, פאנאָק,—האָט אין איינע שרעק געענטפערט די אלטע נאסטע.

— און דו לייַגסט ניט?—האָט ווידער א פרעג געטאָן דער סאָלדאט.

די אלטע נאסטע האָט ניט פארשטאנען און האָט געשוויגן.

— און דו ביסט עפּעס געווען א כאווער־לאפ מיט די באָלשעוויקעס? — האָט פּלוצלונג א פרעג געטאָן פאנאסן דער צווייטער סאָלדאט.

— ניין! — האָט געענטפערט דאָס יאטל.

— און באָלשעוויקעס זײַנען אײַנגעשטאנען בא אײַך? — האָבן זיך נאָכגעפרעגט די סאָלדאטן.

— זיי זײַנען געשטאנען אין די הײַזער. אומעטום זײַנען זיי געשטאנען.

— איז פארוואָס עפּעס האָט דער באָלשעוויסטישער קאָמיסאר אויסגעקליבן דאפקע אײַער שטוב?

— פון וואנען זאָל איך וויסן? — האָט א קוועטש געטאָן מיט די פּלייצעס פאנאס.

— א, הינטישע מאמע דײַנע! באָלשעוויקעס!.. און ווּ איז דער טאטע?

אָנגעטומלט, אָנגעשראָקן אלעמען זײַנען די סאָלדאטן ארויס פון שטוב. די אלטע נאסטע האָט זיך נאָך מער געטרייסלט פאר שרעק. וואָס־זשע וועט עס זײַן מיטן אלטן? און ווּ איז ער? עפּשער האָט מען שוין אים ערגעץ ווּ געכאפּט?

ענדלעך האָבן זיי זיך דערטראכט זוכן שטילערהייט דעם אלטן און וואָרענען אים, אז ער זאָל ניט גיין אהיים.

IV

דער אלטער טאלאש איז ניט גלײַך אוועקגעגאנגען צו זיך אפן הויף. אים האָט א צי געטאָן צו יענעם אָרט, ווּ עס איז געשטאנען דאָס סטויגל היי און ווּ עס איז פאָרגעקומען דער געשלעג מיט די סאָלדאטן. דער אלטער האָט זיך פארטײַעט אין קליינעם וועלדל און קוקט זיך פאָרזיכטיק ארום. דאָס סטויגל איז שוין ניט געווען. אין דעם מאָמענט האָט פּלוצלונג עפּעס דאָ ניט ווײַט א שווינדל געטאָן. קוקט זיך צו דער אלטער טא־

לאש—א מענטשלעכע פיגור! ווער זשע קאָן דאָס זײַן? און אָט די פיגור פֿון אָט דעם אומבאוווּסטן מענטשן האָט זיך, דאָס צו־בויפֿגיסנדיק זיך מיט דער פֿינצטערניש, דאָס ארויסקריכנדיק פֿון דער פֿינצטערניש, גערוקט אלץ נעענטער צו דעם אלטן. אף דעם אָרט, ווו עס איז געווען דאָס סטויגל היי, האָט די פיגור אָפּגע־שטעלט זיך א ווײַלע, איז געשטאנען, צוגעהערט זיך און דער־נאָך א לאָז געטאָן זיך אינעם קוסטעס־וועלדל. נאָך אווײַלע—און עס האָט זיך דערהערט א ניט דרייסטער געשריי:

— האָ־האָ!

— האָ!—האָט זיך אָפּגערופֿן דער אלטער טאלאש, דערקענענ־דיק זײַן, פאנאסעס, שטים.

דער פֿאָטער און דער זון זײַנען זיך צונויפגעגאנגען אין דעם קליינעם וועלדל.

— און איך היט דיך צו, טאטע!—האָט שטיל אָנגעהויבן פאנאס.

— נו!—האָט זיך אָפּגערופֿן דער אלטער טאלאש, דערפֿילנדיק עפּעס נײַס אין זײַן זונס שטים.

— אין דאַרף זײַנען די פאָליאקן... מע זוכט דיך.

דער טאטע און דער זון זײַנען א ווײַלינקע אנשוויגן געוואָרן.

— דו נעכטיק ניט הײַנט אינדערהיים,—האָט איבערגעריסן פאַ־נאס די שטילקײַט.

דער אלטער טאלאש האָט א קראצ געטאָן די פאטיליצע.

— און וואָס מאכט די מאמע?—האָט ער א פרעג געטאָן.

— נישקאָשע. האָט זיך אביסל אָנגעשראָקן פֿון די פאָליאקעס. זי האָט מוירע, מען זאָל דיך ניט כאפּן. זי זאָגט, אז דו זאָלסט איצט אהיים ניט גיין... אָט איז דיר ברויט און כאזער.

פאנאס האָט אראָפּגענומען פֿון די פּלײצעס א גאנצע היפּשע טאָרבע, אָט דעם אייביקן פאספאָרט פֿון דער פויערישער דאָליע. א ווײַלע איז די טאָרבע געבליבן בא פאנאסן אין די הענט. דער אלטער האָט געשוויגן, ווי ער וואָלט געוויגן די ווערטער פֿון זײַן זון. און דערנאָך האָט ער שווײַגנדיק גענומען די טאָרבע.

— די היי האָט מען אינגאנצן צוגענומען?

— אינגאנצן... עס איז געבליבן א וועגעלע, האָט מען גע־הייסן מאקסימען, אז ער זאָל דאָס אויך אָפּפירן.

— האָ, אבארמאָטנ! קיין מאגייפע איז גאָר אפ זיי ניטאָ!— האָט דער אלטער מיט קאעס א טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ:—מיט וואָס־זשע וועלן מיר דאָס איצטער די כודאָבע קאָרמענען?.. מאקסים איז נאָך צוריק ניט געקומען?

— ניין.

זיי זיינען אנשוויגן געוואָרן.

א געדיכטע פינצטערניש איז אראָפּגעהאנגען איבער פּאָלעסיע. אין די הוילע קוסטעס האָט געזשומעט דער ווינט, אין אומעטיק האָבן געשאָרכט די ווייסע שניי־שטראָמען אין דעם געל־געוואָרענעם גראָז. דער דאָרף האָט א פארטייעטער געשוויגן, בלויז די הינט, צערייצטע פון די ניט געבעטענע געסט, וועלכע האָבן פארפולט די הויפן, האָבן זיך איבערגערופן מיט א בייז־פייַנטלעכער בי־לעריי און שרעקלעכן וואָיען.

— אז מאקסים וועט זיך אומקערן, זאָל ער פאָרן צו לאבוזען קיין פריצקי, לייען היי. דעם אלטן האָט שטארק באאומרויִקט די פראגע, מיט וואָס וועט מען קאָרמענען דאָס פי.

— מיר וועלן ווי עס איז די כוראָבע דורכקאָרמענען,—האָט פאנאס געוואָלט פריילעכער מאכן דעם טאטן—היי וועלן מיר קריגן, מיר וועלן אָנהאקן צווייגן און אנדערע זאכן—דאָס פי וועט ניט פייגערן.

— עהע, סטארע זיך זונעלע!

— גיי, טאטע, אין מאקושע צו פאראסקען און זיי דאָרטן. אויב עס וועט עפּעס געשען, וועל איך אהין צולויפן.

פאראסקע—דאָס איז דעם אלטנס אנ אויסגעגעבענע טאָכטער.

— ע!—האָט א מאך געטאָן מיט דער האנט דער אלטער טא־לאש:—וועגן מיר, זונעלע, זאָלסטו ווייניק וואָס דייַגענען... דו ווייסט ניט, וויפל זיינען דאָ אנערעך פּאָליאקן?

דעם אלטן טאַלאַשן האָבן, ווײַזט אויס, אינטערעסירט עפּעס פראַגן.

— אסאכ!—האָט אים מיט א שטילערער שטים געענטפערט פאַנאַס:

— ניט ווייניקער ווי צוויי הונדערט! און מען זאָגט, אז איך וועפרי איז דאָרטן שיידים ווייסן וויפל.

זעגענעדיק, זיך האָבן זיי אָפּגערעדט, ווו זיי וועלן זיך מאָרגן באגעגענען. און פארזאָגט נאָך האָט דער אלטער טאַלאַש, מע זאָל זײַן פאָרזיכטיק און ארומשמעקן אלץ וועגן די פּאָליאקן. מע האָט באשטימט די צײַט פון באגעגענען זיך און מע איז זיך פאנאנדערגעגאנגען.

טעג פון דײַגעס, שרעק און אומרו האָבן זיך אָנגעהויבן פאר דעם אלטן טאַלאַשן און זײַן געזינד. די אלטע נאסטע האָט גע־קלאָגט. עפּעס אן אומגליק האָט זיך ארײַנגעריסן אין זייער לעבן און ווו איז דאָס עפּעס יוישער אף דער וועלט? פארוואָס דארף ער עס אָפּקומען אזוי, דער אלטער? ווען מען האָט ער געטשעפעט? ווען מען האָט ער עס געשטערט לעבן, וואָס ער מוז איצטער, א פארוואָגלטער אויסבאהאלטן זיך אין וועלדער, וואלגערן זיך אין דער פרעמד? און ס׳האָט איר אזוי באנג געטאָן אף דעם אלטן, און ס׳האָט זי אזא ראכמאָנעס־געפיל אָנגענומען, אז זי האָט זיך פאנאנדערגעוויינט. און מאקסימען מיטן פערד האָט מען אויך פארטריבן, ווער ווייס וווהין.

דאָס ביסל אייגנס האָט מען געצווונגען אָפּפירן צו איינעם עפּעס א פליכעוואטן שעד, און די כודאָבע זאָל פייגערן פון הונ־גער. און צי וועט מען אים נאָך אָפּלאָזן? צי וועט ער זיך אומ־קערן אף צוריק? דאָס געזינד איז צעזייט, צעשפרייט און ווער ווייס, וואָס עס וועט נאָך זײַן.

די אלטע נאסטע איז איינע אליין אין שטוב. דאָס פיצל גאַזע־לעמפּעלע רויכערט איבערן אויוון און אין שטוב איז אזוי שטיל־שטום און ביז קוקט ארײַן פון הויף די נאכט אין די

פענצטער און שטילערהייט פײַפט אין קוימען דער ווינט, ווי ער וואָלט אונטערגעהאלטן דער אלטערס אומעטיקע געדאנקען.

א קלאפ אין טיר האָט איבערגעשלאָגן די דאָזיקע ראיוינעס.

די אלטע האָט פריִער א קוק געטאָן אין פענצטער.

— דאָס בין איך!—האָט זיך דערהערט א שטים פון הויף. ד אלטע נאסטע האָט געעפנט די טיר.

— נו, וואָס הערט זיך?—האָט זי א פרעג געטאָן פאנאסן.

— כ'האָב זיך געזען מיטן טאטן. כ'האָב אים איבערגעגעבן דאָס עסן.

— ווהיך־זשע איז ער אוועקגעגאנגען?

— אוועקגעגאנגען... ער האָט אָנגעזאָגט, אז מע זאָל זיך פאר אים ניט זאָרגן... ער וועט מיסטאָמע אוועק צו פאראסקען... מאָרגן וועט ער קומען אין זאטיאָמקי.

בא דער אלטער נאסטען איז אראָפּ א שטיין פון הארצן.

עס איז אוועק א שמועס וועגן די פּאָליאקן. אפ קיין גוטס איז ניטאָ וואָס צו ריכטן זיך פון זיי. טויגעניכטסן, פאסקודניא־קעס, קענען זיך מיט קיינעם ניט באגיין ווי מענטשן!

צו דער אלטער נאסטען איז געקומען אגאטע סמיגע. זי האָט דערציילט וועגן פארשיידענע מעשׂים פון די פוילישע סאָלדאטן זיי טשעפּען זיך צו מיידלעך און יונגע ווײַבלעך, קריכן אין ד, שפּײַכלערס, שנאָרען, נעמען צו אלץ, וואָס עס מאכט זיך אונ־טערן האנט. מאך זיי א פּײַנקוכן, כאָוער פרעגל זיי. און עפּעס ניט אזוי—איז גלײַך מיטן קאנטשיק.

שפּעט באנאכט האָט זיך מאקסים אומגעקערט, ער האָט גע־בראכט אביסל היי. פּאָשעט גערעדט, האָט ער עס צוגעאנגוועט בא די פּאָליאקן. מאקסים איז שטארק בייז, און נײַס האָט ער געבראכט ניט קיין פריילעכע. די פוילישע נאטשאלסטווע רעכנט זיך פאנאנדער מיט יענע, וועלכע האָבן פאנאנדערגעשלעפּט דעם פּאָרעצס גוטס פון דעם מאיאָנטעק און האָבן געהאקט דעם וואלד־

און פאַן קרולעווסקי ווערט באשטימט פאר א פּאָוויט *)־קאָמיסאר מע שטעלט פאנאנדער וויטנ אינ די וואָלאָסטנ.

— ניט שוינ־זשע וועלנ זיי דאָ טאקע פארבלײַבנ זיצנ אונדז אפנ קארק?—האָט געקרעכצט די אלטע נאסטע.

אנ אומעטיקע שטימונג האָט געהערשט באם אלטנ טאלאשנ אינ שטוב.

צעזעגנט זיך מיט פאנאסנ, איז זיך דער אלטער טאלאש אוועק פאמעלעך דורך די בלאָטעס, צוהערנדיק זיך צום גערויש און צו די קלאנגענ פונ דער פּאָלעסיער נאכט. ס'איז געווענ אביסל סומנע איינעם אליינ אינ דער פינצטערניש און טויבער שטילקײַט פונעם וואלד. די האק, וואָס איז געווענ פארוקט אינ גארטל, האָט אונטערגעגעבנ אביסל דרייסטקײַט. דער אלטער טאלאש וואָלט מיסטאָמע אלײנ ניט געקענט זאָגנ, וואָס שרעקט אים מער: צי א ניט־גוטער, דער גלויבנ אינ וועלכנ איז בא דעם אלטנ טאלאשנ נאָך פארבליבנ ערגעצ אינ דער טיפעניש פונ דער נעשאָמע, צי א כײַע, צי א בייזער מענטש אינ דעם געשטאלט פונ די פּוילישע סאָלדאטנ. די נאכט, די איינזאמקײַט און דער פּאכעד האָבנ געצווונ־גענ דעם אלטנ טאלאשנ אלצ מער און מער טראכטנ וועגנ גע־ווער. גאָר אנדערש וואָלט ער געפילט זיך, ווענ בא זיך אינ די הענט וואָלט ער געהאט א זיכערנ פרײַנט—א ביקס. דעם עמעס זאָגנדיק, איז בא דעם אלטנ טאלאשנ פאראנ א ביקס און בא־האלטנ איז זי טאקע אינ וואלד. זי איז באהאלטנ צוזאמענ מיט פּאטראָנעס, פּולווער, פּיסטאָנעס, שראָט, קוילנ, גראנאטנ און פאר־שיידענע אנדערע זאכנ. האלטנ דאָס בא איצטיקע צײַטנ אינ־דערהיימ איז געווענ א גרויסע סאקאָנע. דער אלטער טאלאש דערמאָנט זיך, אז אינ די וועלדער איז באהאלטנ זייער אסאך געווער און טאקע עמעסע געווער. עפשער וועט נאָך קומענ א צײַט, ווענ דאָס געווער וועט צונוצקומענ.

מיט די דאָזיקע ראַיוינעס קומט צו אומבאמערקבאר דער אל־

*) פּאָוויט־אויעזד.

טער טאַלאַש צו יענעם אָרט, ווו ער האָט באַהאַלטן זײַן ביקס. פֿונדעסטוועגן האָט ער זיך דאָ אַביסל אָנגעטויקעט, ביז ער האָט עס באַנאַכט אָנגעטראָפֿן אויף דעם אויסגעגעסענעם בוים, וועלכן ער האָט אָנגעטרויט די ביקס.

דער אַלטער טאַלאַש האָט זי אַרויסגעשלעפּט פֿונעם בוים. האָט זי באַטראַכט, אַ צי געטאָן דעם שלאָס, אויסגעפּרוּווט, צי שיסט ער—ווײַזט אויס, אַז דער אַלטער פֿרײַנט דינט נאָך טרײַ. ער האָט אָנגעטאָן איבערן פּלייצע זײַן רימענע יעגער־זאַק אויפֿן ברייטן פּאַס, האָט אַרויסגעצויגן די טרײַבלעך מיט פּולווער, אָנגעשאָטן אין ביקס אַ היפּשע פּאָרציע פּולווער, און האָט עס שטײַף פֿאַרקלאַפּט מיטן פּראָפּ. האָט אַוועקגעלייגט אַ שטיק זעקס קוילן און אַז אַלץ איז שוין געווען פֿאַרטיק, האָט ער אָנגעטאָן אַ ־פּיסטאָן און איז שוין מיט פֿעסטערע און מער זיכערע טריט אַוועק קיין מאַקושי.

V

צוקומענדיק צום פֿריפּעט, האָט דאָס פּוילישע מיליטער זיך גע־מוזט אָפּשטעלן. די ערשטע טעג זײַנען אין דעם דאָזיקן ראַיאָן געגאַנגען זייער גרויסע שלאַכטן. דיסקאָנטירנדיק די וויכטיקײַט פֿון די פּאָזיציעס אויפֿן פֿריפּעט, האָבן די פּאָליאַקן געשטרעבט אַריבערצוגיין דעם טײַך, קעדיי דערנאָכדעם פֿירן זייער ווײַטער־דיקן אָנגריף קעגן דער רויטער אַרמיי. אָבער אַלע פּרוּוון פֿון די פּוילישע לעגיאָנען אַ רוק טאָן זיך פֿאָרויס האָבן ניט געהאַט קיין דערפֿאָלג, און די פּוילישע שלאַכט־גײַציקײַט האָט זיך באַדײַטנ־דיק פֿאַרמינערט און אָפּגעקילט. די שנייען און פֿרעסט, וועלכע האָבן אומדערוואַרט אַ כאַפּ געטאָן פּאָלעסיע, האָבן אָפּגעשטעלט די מיליטערישע אָפּעראַציעס פֿון ברייטן מאַסשטאַב. בײדע צדאָ־דים האָבן אונטערגעצויגן די הינטער־פֿראָנטן און די רעזערוון האָבן וואַכזאַם נאָכגעשפּירט איינע נאָך די אַנדערע, האָבן פֿאַר־שטאַרקט די פּאָזיציעס, גרייטנדיק זיך צו די קומענדיקע אַנטשיי־

דענע שלאכטן. באדייטנדיקע טיילן פון פּאָלעסיע, קימאַט גאַנץ פּינסקער געגנט, אַ טייל רעטשיצער און מאָזירער פּאָלעסיע זײַנען געווען אָקופּירט דורך די ווײַספּאָליאַקן.

פון דער טיף פון דוירעס האָבן זיך אופגעהויבן לאַנג־פאַרגעסענע, שוין אָפּגעווישטע אינעם זיקאָרן פון פאָלק פאַראַנדקעס, טראַדיציעס, וואָס די אָקופּאַנטן האָבן אופגעלעבט. זיי האָבן זיך אופגעהויבן, ווי שאָטנס פון די קוואָרים, אופּרודערנדיק די מויכעס פון די ברייטע שיכטן אַרבעטנדיקע מאַסן, און אויב עס איז נאָך עפּעס פאַרבליבן אין דעם פאָלק־זיקאָרן פון דער פאַרגאַנגענהייט האָט עס אַרויסגערופן פאַרשטעלונגען וועגן שוואַרצע מאָמענטן פון דער פאַרגאַנגענהייט, וועלכע איז פאַרבונדן מיט דער פּוילישער שליאַכטע, מיט פּאַנשטשינע און לײַבאייגנטום, וואָיעוואָדסטוועס, סטאַראָסטעס, פּאָוויט־„קאָמיסאַרזשנ״, ווויטן, פּאַסטאַרונקעס,—שוין אָט די דאָזיקע נעמען אַליין האָבן געצוווּנגען אָנצושפּיצן פאַרדעכטיק די אויערן און ווערן צו דאָס אַלץ סקעפּטיש, פײַנטלעך האָפענונגלאָז. עס זײַנען אויך אָבער געווען אַזעלכע, וועמען די פּוילישע אָקופּאַציע איז געווען צום הארצן. צו די דאָזיקע טאַקע האָט געהערט וואַסיל בוסיגאַ.

א נײַע נעשאָמע האָט זיך אָנגעטאָן אָף וואַסיל בוסיגאַ. נו, מאַמעש ווי בא אים וואָלטן אויסגעוואַקסן עפּעס פליגלען. ער איז געגאַנגען אויסגעגלײַכטער און האָט העכער אופגעהויבן דעם קאָפּ. נאָר צײַטנווײַז און באַזונדערס פון אָנהייב האָט ער זיך געשראָקן, אַז עס זאָלן נאָך צוריק זיך ניט אומקערן די באָלשעוויקעס. דערווײַל זײַנען זיך געגאַנגען טעג, די באָלשעוויקעס האָבן זיך ניט אומגעקערט און דער צווייפל אין דער שטאַנדאַפטיקייט פון דער נײַער לעבנס־אָרדענונג איז אַלץ קלענער און קלענער געוואָרן, און פאַר וואַסילן האָבן זיך אַלץ דרייסטער און דרייסטער אָנגעהויבן אויסמאָלן די ראָזע ווײַטן פונעם לעבן. ער איז ניט ניספּאָעל געוואָרן פון דעם, ווי אַזוי די פּוילישע אדמי־

ביסטראציע האָט זיכ אָפּגערעכנט מיט די ליבהאָבער אָפּצושאפּנ דאָס הייליקע רעכט פונ פרעמדנ אייגנטומ. ער האָט זיכ גלייַכ דערפילט, אז די פוילישע מאכט טראָגט פאר אימ אָרדענונג, געזעצלעכקייַט אונ א זיכערקייַט אינ מאָרגעדיקנ טאָג. אונ וואסיל האָט מיט א באזונדער געשמאק געבויט אינ קאָפּ פארשיידענע פּלענער וועגנ זייַנע ווירטשאפטלעכע איניאָנימ. עס האָבנ זיכ געעפנט אויכ מעגלעכקייַטנ אפּ באדייַטנדיק העכערנ דאָס געוויכט פונ זייַנ אייגענער ווירטשאפט, פארשיידענע פּלענער וועגנ פארגרעסערנ דעמ ערד־שעטעכ זייַנענ אימ אינ קאָפּ געקומענ. עס האָט אימ אויכ האנאָע געטאָנ דאָס, וואָס דעמ פּאנ קרוליעווסקי האָט מענ באשטימט פאר א פּאָוויט־„קאמיסארזש", אונ ווי גוט עס איז, וואָס ער, וואסיל בוסיגא, קענ אויסקומענ מיט אזוינע מענטשנ, ווי פּאנ קרוליעווסקי.

אונ דאָס פירט ארופּ וואסילנ אפּנ געדאנק אָפּגעבנ א וויזיט דעמ פּאנ קרוליעווסקי, דעמ איצטיקנ פּאָוויט־„קאָמיסארזש" אונ אָפּגעבנ אָט דעמ דאָזיקנ וויזיט איז וואסילנ ניט שווער: ניט שוינ־זשע וועט זיכ בא אימ ניט געפינענ קיינ פּאסנדיקע סיבע אפּ באגרינדנ זייַנ וויזיט? אזוינע סיבעס זייַנענ דאָ אסאכ. ערשטנס, דארפ מענ איינרעגולירנ די ערד־איניאָנימ—מע קאָנ דאָכ זיי נישט לאָזנ אזוי, ווי זיי זייַנענ געבליבנ נאָכ די באָלשעוויקעס, אונ מע דארפ דאָכ עפּעס אינ דאָרפ אויכ אייַנפירנ א נייַע אָרדענונג. ארויסווייַזנ אייגענע איניציאטיוו וועט קיינמאָל ניט שאטנ.

וואסיל בוסיגא האָט פאנאנדערגעקאמט אקוראטנע זייַנ שווארצע באָרד, האָט אָנגעטאָנ א שווארצנ פּעלצ, אייַנגעצויגנ אינ טאליע, האָט זיכ אונטערגעגארטלט מיט א פייַנעמ גארטל, וועלכנ עס האָט ספּעציעל אויסגעשטריקט זייַנ אוהיניע, א שיינע אונ מילדע פרוי. אונ ווענ וואסיל האָט זיכ אויסגעטראָצלט אונ געשטעלט זיכ פאר אוהיניענ, קעדיי באווייַזנ זיכ פאר איר אינ אָטאָ די שיקארנע בגאָדימ, האָט זי בלויז א זאָג געטאָנ: „הע, סארא פראנט!"

פאַנ קרוליעוווסקי איז געזעסנ באַ זיך אינ קאַבינעט אפ אַ ברייטנ ווייכנ פאָטעל. אפנ טיש, וועלכער איז געווענ געדעקט מיט אַ גרינעם געוואַנט, זײַנענ געשטאַנענ שרײַב־געצײַג אונ פאַרשיידענע ווערטפולע זאַכנ, וועלכע זײַנענ ספּעציעל באַשטימט פאַר אַ שרײַב־טיש. דאָ זײַנענ אויך געלעגנ פאַרשיידענע פּאַפּירנ. אונ אָט דאָס אַלץ האָט פאַרגרעסערט די ווערדע פונ דער אַדמיניס־טראַטיווער פּערזענלעכקײַט פונעם פּאַנ פּאָוויט־קאָמיסאַרזש. אפ די ווענט זײַנענ געהאַנגענ פּאָרטרעטנ פונ פּוילישע גענעראַלנ. אַזעלכע שטרענגע, ניט צוטריטלעכע. צווישנ אָט די דאָזיקע עכטע „וואָיאַקעס" האָט זיך געוואָרפנ אינ די אויגנ אַ גײַסטלעכע פּער־זאָנ, דער פּאָרטרעט פונ אַ ביסקופּ... אַ געשאָרענעם, אַנ אָפּגעגאָלטנ מיט אַלע אַטריבוטנ פונ אַ ביסקופּ. וואָסיל האָט אפ אים אַ קוק געטאָנ אונ אַ טראַכט געטאָנ פאַר זיך: „ווי קומט עס אהער אָט דער דאָזיקער פּאַרצעף"? אָבער הויך אַרויסזאָגנ דעמ דאָזיקנ געדאַנק האָט ער ניט אַרויסגעזאָגט, וואָרעם וואָסיל איז גע־ווענ אַ מענטש אַ פּאָליטישער אונ אַ ספּריטנער. אַ צענטראַל־אָרט צווישנ די פּאָרטרעטנ האָט פאַרנומענ דער פּאָרטרעט פונ אַ גאַנצ אומעטיקנ גענעראַל מיט לאַנגע אַראָפּגעלאָזענע וואָנצנ, ווי בײַ אַ מאָרזש. אפנ ברוסט בײַ אים איז געווענ אַ גאַנצער מוזיי פונ צלאָמים, מעדאַלנ אונ פאַרשיידענע צאַצקעס, וואָס ציענ נאָכ זייער ייִכעס פונ יענער צײַט, ווענ די שטאַמ־פּאָטערס פונ אונדזערע אורעלטערנ האָבנ זיך נאָכ געפּוצט אינ פאַרטעכלעך אונ אינ כיניי־שע פעלנ.

סײַ דער ביסקופּ, סײַ אָט די אַלע גענעראַלנ, סײַ דער טיש מיט זײַנ באַפּוצונג האָבנ צוגעגעבנ נאָכ מער וויכטיקײַט אונ גלאַנצ דער פּערזענלעכקײַט פונעם אויעזדנעם פּאָוויט־„קאָמי־סאַרזש". אָט די דאָזיקע באַזונדערהײַטנ האָט גלײַך דערפילט וואָסיל בוסיגאַ אונ דעריבער איז זײַנ גוטמאָרגנ דעמ פּאַנ קרו־ליעוווסקי געווענ מיט נאָכמער אַכטונג ווי שטענדיק.

דער פּאָוויט־„קאָמיסאַרזש" האָט קוימ־קוימ אַ מאַכ געטאָנ מיטנ

קאָפּ און אָט דערדאָזיקער מאַכ איז פול געווענ מיט גרויסמוט און ווירדיקײַט.

— וואָס ווילסטו עפּעס דערצײלנ?

פאַנ קרוליעווסקי האָט איצט גערעדט אַפּ פּויליש און אינ שטימ בא אים האָט זיכ געפילט דער קאַלטער אָפיציעלער טאָנ פונ א נאַטשאַלניק.

אינ דער פּוילישער שפּראַכ איז וואַסיל בוסיגא ניט געווענ קיינ גרויסער בעריע, כאָטש אייניקע פּוילישע ווערטער האָט ער יאָ געוווּסט. דאָסראָוו פלעגט אים אויסקומענ ריידנ מיט וואָלאָסט־שרײַבער, מיט גאַלאָכים און אורעדניקעס, אַנ אַנדערש מאָל מיטנ פּריסטאַוו. פונ זיי האָט ער דאָס געכאַפּט די רוסישע ווערטער, כאָטש אויסריידנ זיי פלעגט ער מיט זײַנ פּאָלעסיער אַקצענט.

— איכ בינ געקומענ צום פּאַנ קאָמיסאַר, א הער טאָנ עפּעס נײַס, וואָרעמ מיר לעבנ איצט, ווי אַנ אַרבעס באַמ וועג און וויסנ גאָרניש.

פאַנ קרוליעווסקי האָט א קוק געטאָנ אַפּ וואַסילנ. ער האָט גע־וואָלט מאַכנ א באַמערקונג וועגנ דעמ, וויאַזוי עס קלינגט די פּוילישע שפּראַכ אינ וואַסילס אויסשפּראַכ, אָבער אָנשטאָט דעמ האָט ער א פרעג געטאָנ:

— און ווי באַציִען זיכ די דאָרפישע צו דער פּוילישער מאַכט?

די וואָס זײַנען, פּראָשע פּאַנא, יוסטע באַלעבאַטימ, יענע דאַנ־קענ גאָט—אַנ אָרדענונג קומט אָנ, מע וועט קאָנענ רויִק לעבנ און אַרבעטנ.

— און די איבעריקע?

פאַרשיידענע, פּראָשע פּאַנא, זײַנענ פּאַראַנ... שווער צו זאָגנ, וואָס ווער עס טראַכט, אַפּ וויפל דערבײַ איז פונ נאַטשאַלסטווע ניטאָ קיינער, וואָס זאָל זיכ מיט דעמ אינטערעסירנ.

וואַסיל בוסיגא האָט ניט דערעדט ביזנ סאָפּ זײַנ געדאַנק: דער אינסטינקט פונ זעלבסטפאַרהיטונג האָט אים אונטערגעזאָגט, ער, זאָל ניט צופיל פאַנאַנדערלאָזנ דעמ צונג. אָבער מיקויעכ דער

באטשאלסטווע האָט ער געגעבן זייער איידל אָנצוהערן: וואסיל איז דאָך געווען א קאנדידאט אפ א סטארשינא.

דער שמועס האָט זיך אפ דעם איבערגעריסן; אינעם הויפ פר־נעמ פאָוויט־„קאָמיסארזש״ האָט זיך דערהערט א טומל. שטימען און פרעכע סאָלדאטישע אויסגעשרייען, וועלכע האָבן דערמאָנט א הינטישן בילן. פאן קרוליעווסקי האָט זיך אופגעהויבן פון פאָ־טעל, איז צוגעגאנגען צום פענצטער. אהין האָט אויך א קער גע־טאָן דעם קאָפ וואסיל.

דעם הויפ האָט פארפילט א גרויסער אוילעמ פאָלעשוקעס, אין גרעסטן טייל יונגע און מיטעלע מענטשן. זיי האָט ארומגע־רינגלט א קייט פון פוילישע לעגיאָנערן. שאָפן־היטלען פון פאר־שיידענע פאָרמעס און קאָלירן. לאנגע און קורצע אָפגעניצטע פעלצלעך, שווארצע קורטקעס פון פראָסטן געוואנט, סוויטקעס. און אלע זייַנען אָנגעטאָן אין שלעכטע, פון לאָזע געפלאָכ־טענע לאפטיעס מיט הויכ־אָנגעדרייטע פון אויבן אָנעטשעס. זייערע פענעמער זייַנען געווען אייַנגעשלאָסענע, פאַ־רומערטע, בייזע. די געטרייַע און שוין צופיל איבערגעגעבענע קאָנוואָירן האָבן געמאכט אן אָרדענונג אין דעם דאָזיקן טומלדיקן אוילעמ. סטארענדיק זיך אויסשטעלן אָט די ווער ווייס פונוואַ־נען צונויפגעטריבענע מענטשן אין רייען, האָבן זיי זיך געוידלט זיך געשטויסן, געדראָט. ניט צוגעוווינט צו אזעלכע שטרענגקייַטן און פילנדיק א פאראכטונג צו אָט דער דאָזיקער קאפראלישער אָרדענונג, האָבן זיך די פאָלעשוקעס צוריק געזידלט און אפ דעם באָדן פלעגן ארויסשפרינגען קאָנפליקטן, וואָס האָבן געקענט יע־דער מינוט אויסברעכן אין א גאנצן שטורעם פון שרעקלעכע מייַסים.

— וואָס שטויסטו זיך, פריצישע פאדעשווע! איך וועל די אזא שטויס געבן, וועסטו אפילע די ביינער ניט צונויפקלייַבן!

א הויכער, ברייטפלייציקער אָדערדיקער פאָלעשוק האָט פון אונטער די בייז־אראָפגעלאָזענע ברעמען מיט קינע א קוק געטאָן

אפנ קאָנוואָיד, וואָס האָט אים א שטויס געטאָנ. דערפילנדיק דעמ דאָזיקנ בייזנ קוק, האָט זיכ דער לעגיאָנער דערשראָקנ אונ איז אָפגעגאנגענ.

— שווייג, הונט איינער! — האָט ער א געשריי געטאָנ, אָבער אפ יעדנ פאל האָט ער זיכ א רוק געטאָנ אפ צוריק.

— „דאָס איז דאָכ מארטינ ריל!" האָט בוסיגא דערקענט איב אימ דעמ דאַרנ ברייטנ פאָלעשוק פונ דעמ שכייניש נ דאָרפ וועפ־רי, אונ איבערנ לייב בא אימ איז דורכגעגאנגענ א נערוועזער ציטער. אָבער די דאָזיקע אומגעריכטקייט האָט בא אימ ארויס־גערופנ א צופרידנקייט.

די פאָלעשוקעס האָט מענ אָפגעפירט אהינטערנ שטוב, ווו עס איז געווענ צוגעגרייט אנ אַסטראָג אינ א געוועזענעמ סקלאד. איב עטלעכע מינוט ארומ איז געקומענ דער קאפראל אונ האָט ראפאָר־טירט דעמ פאנ קרוליעווסקי, אז מענ האָט געבראכט די פארברע־כער, די בונטאָווששיקעס קעגנ דער נייער מאכט, די אָפענע אָנהענגער פונ די באָלשעוויקעס.

אומקערנדיק זיכ אהיימ פונעמ פאָוויט־"קאָמיסארזש", האָט וואַ־סיל בוסיגא געטראכט פאר זיכ וועגנ דעמ, ווי ער וועט עס זיינ א וויט, ווערליק דער פאנ קרוליעווסקי האָט עס אימ צוגעזאָגט. ער האָט אויכ געטראכט וועגנ זיינע פליכטנ, אלס וויט אונ געט־ראכט האָט ער אויכ וועגנ מארטינ רילנ. אונ די פראגע וועגנ דעמ צי ער זאָל דערציילנ וועגנ דעמ אוהינעג צי ניט, איז געבליבנ אנ אָפענע.

## VI

העד־זשע איז אזוינס דער מארטינ ריל, וואָס דער ארעסט זיי־ער האָט אזוי אופגערודערט דעמ נייעמ וויט אונ פארוואָס עפעס האָט געצווייפלט דער וויט, צי ער זאָל זאָגנ וועגנ דעמ אוהי־נענ צי ניט?

מיט 10 יאָר צוריק איז אינ ווערי ניט געווענ קיינ שענערע

מיידל ווי אוהיניע, וועלכע איז איצט דעם וויטס ווײַב. א פריי־
לעכע, א לעבעדיקע, א שטיפערקע און די ערשטע בעריע אפ
פארשיידענע שפּילערײַען און פארוויילונגען—אָט א וועלכע עס
איז געווען קובליקאָווע אוהיניע. זי האָט ליב געהאט אויך מיט
באַכערים א שטיפּ טאָן, אָבער געשפּילט האָט זי אזוי, אז יעדערן
פון זיי האָט זיך געדוכט, אז ער איז קלוימערשט יענער, אפ
וועלכן זי האָט אָפּגעשטעלט איר מיידלשן אויג.

„ס'וועט זיך אָנרײַסן דאָס מיידל".— פלעגן ריידן וועגן איר
עלטערע און ייִנגערע פרויען, ווען עס פלעגט פארגיין א שמועס
וועגן אירע שטיפערײַען. אוהיניע האָט זיך טאקע געשטיפט, אָבער
די גרענעצן פלעגט זי אין אירע שטיפערײַען ניט איבערטרעטן.
זי האָט געקאָנט זײַן אָנשטענדיק און ערנסט, און אירע אויגן די
טונקלעכע, ווי דער לײַכטער טונקל פון די קלאָרע יונ־אָוונט,
האָבן דאן געקוקט ערנסט און פארטיפט. און עס איז שווער גע־
ווען צו באשטימען דעם קאָליר פון די דאָזיקע אויגן, וואָס האָבן
זיך געלויכטן ווי צוויי גלײַכע אויסגעצויגן־קײַלעכיקע גריבעלעכ־
אָזערעס צווישן פרעכטיקע געוויקסן. מע האָט זיי געקאָנט אופּנע־
מען ווי קארע אויגן, וועלכע זײַנען קוים, קוים פארצויגן מיט
א גרינלעכן נעפּל, און אָפט פלעגן זיי אויסקומען ווי גראָ־גרינ־
לעכע. עפשער פלעגן זיי זיך פאָשעט ענדערן אָפּהענגיק פון יע־
נע געדאנקען, פון יענע טרוימען, מיט וועלכע עס איז פול גע־
ווען איר מיידלשער קאָפּ און וואָס האָבן געהוידעט איר הארץ
אין פארשיידענע מאָמענטן. איינס נאָר קאָן מען זאָגן וועגן זיי:
זיי פלעגן צוציִען—אָט אזוי ווי עס ציט צו די פרײַהײַט און די
פריידיקע ראכוועסן פונעם פרילינג. פול מיט מוזיק, מיט קלאנג
און לעבן־געריש פלעגן זיי ארײַנציִען ווי א בײַ־טײַכיקער זומפּ,
וו עס סוירען זיך, עס ריידן די הויכע טומלענדיקע טשאראָט
און דער שמעקנדיקער איר.

אָבער אָט די דאָזיקע צוויבער־אויגן האָבן, דאכט זיך, ניט
געהאט קיין שליטע איבער מארטין רילן, און ניט אוהיניען פלעגט

ער אויסדערוויילן פון אלע וועפּרעווער מיידלעך. אוהיניע אליין פלעגט אָפט, באַגענענדיק מאַרטינען, פאַרטשעפּען אים, כאָטש קיין שום כידעש איז אין דעם ניט געווען, אויב מען זאָל נעמען אין אכט אוהיניעס כאַראַקטער און איר שטיפערישקייט. מאַרטין וועט איר אָפּגעבן אזויפיל אופמערקזאַמקייט, וויפל עס פאָדערט זיך פאַר די באַציִונגען פון א מענטשן צו א מענטשן—און ניט מער.

— געפעלסט מיר זייער, מאַרטין,—האָט איינמאָל אזוי א זאָג געטאָן אים אוהיניע און אין די אויגן בא איר בלישטשען פונקען פון שטיפערישן שפּאַס.

מאַרטין ענטפערט איר רויִק:

— און דו געפעלסט מיר אויך, אוהיניע.

און אין זיין טאָן פילט זיך ניט קיין שום אופרעגונג.

— איז מיט וואָס געפעל איך דיר, מאַרטין?

— מיט דאָס זעלבע, וואָס איך געפעל דיר.

— און אז דו וואָלסט מיר ניט געפעלן געווען?

— נו, איז וואָס?

— ווייסטו, פאַרוואָס דו קענסט געפעלן ווערן?

— איך ווייס ניט. זאָג.

— דערפאַר, וואָס דו ביסט א הויכער, וואָס בא דיר וועלן, ווי עס ווייַזט אויס, זיין שוואַרצע וואָנצן. און די אויגן זיינע בא דיר גראָע און אז דו גיסט מיט זיי אמאָל אקוק, פאַלט אָן אן איימע. איך האָב ליב, ווען באָכערישע אויגן צווינגען דיך א טרייסל טאָן זיך פון שרעק. אָבער איך וואָלט מיט דיר ניט כאַסענע געהאַט, דו וועסט עלטער ווערן, וועט בא דיר זיין א ציגן בערדל.

און אוהיניע פאַרגייט זיך אין א פריילעכן געלעכטער.

מאַרטינען ווערט א ביסל ניט אָנגענעם אי פון דעם דאָזיקן געלעכטער, אי פון דעם, וואָס דער שמועס האָט זיך אזוי פאַרענ־דיקט. ער פילט זיך א ביסל ווי באַליידיקט. ביזוואַנען ער האָט זיך צוגעקליבן ענטפערן מיט א טרעפלעך ווערטל אף אוהיניעס בא־

מערקונג וועגן זײַן ציגעגער בערדל, האָט זי שוין באַוויזן אָפּ־
ציִען פון אים און, ווי עס ווײַזט אויס, אינגאַנצן פאַרגעסן אָפּ
דעם, אַז אין וועפּרי איז פאַראַן אַ שוואַרצכענעוודיקער, אַ הויי־
כער, אַ ברייטפּלייציקער און שלאַנקער מאַרטין. אָבער מאַרטין
פאַרגעסט אויך איינגיכן אָט די גאַנצע אין טאָג געגומענע קליינ־
לעכע זאַך. און בלויז אין אָוונט, ווען ער האָט זיך געלייגט
שלאָפן, האָט זיך פאַר זײַנע אויגן פלוצלונג באַוויזן אוהיניע. איי־
רע צוציִענדיקע אויגן און זייער גאַנצער שמועס איז אַרופגעש־
ווומען אין זיקאָרן, צוגלײַך מיט דעם האָט זיך דערמאָנט אויך
דאָס ציגענע בערדל, וועלכע ווערט בײַ אים אויסוואַקסן, ווען ער
וועט עלטער ווערן. וואָס פאַראַ שײַכעס האָט אהער די באָרד?
צוליב וואָס האָט זי עס סטאַם אין דער וועלט אַרײַן צוגעטשע־
פּעט? ס'איז ניט אָנגענעם ברענגען עס אָפּן זיקאָרן. מאַרטין וועגט
איבער אוהיניעס אַלע ווערטער, וואָס זי האָט געזאָגט בײַסן שמו־
עס מיט אים. אויב מ'זאָל זיך רעכטן פאַנאַנדערקלײַבן האָט זי
אים אָנגערעדט אַסאַך מער אָנגענעמע זאַכן איידער פּריקרע. וועגן
דעם אָבער, וואָס זי וואָלט פאַר אים ניט כאַסענע געהאַט, האָט
מאַרטין ניט געטראַכט אַפילו כאַסענע האָבן מיט איר און ביכלאַל
טראַכט ער ניט וועגן כאַסענע האָבן. אָבער דאָס זײַנען דאָך נאָר
ווערטער אירע און מען קען זיי אויסטײַטשן פּונקט פאַרקערט.
און פונדעסטוועגן פאַרנעמט די ציגענע בערדל אַ גרויס אָרט בײַ
אים. מאַרטין האָט אַ שפּײַ געטאָן, האָט זיך אַ קער געטאָן אָפּ אַ זײַט
און איז אײַנגעשלאָפן געוואָרן מיט אַ יונגן געזונטן שטאַרקן שלאָף.

מאַרטין רײַל מיט זײַן ביקס פאָרט זיך אָפּ אַ שיפּ לענגויס דעם
ברעג פון פּריפּעט, ער טוליעט זיך אַלץ נעענטער צום טשערעט,
קעדיי שנעלער קענען אונטערגאַנגוועגען זיך צו די ווילדע ענט־
לעך. אים האָט אָפּגעגאָלטן און ער האָט אַ שטיק פינף דערשאָסן.
פון יענער זײַט פּריפּעט שווימט שנעל אַ שיפל. אָפּן שפּיץ פאַר־
נעם שיפל ליגט אַ גרינער בינטל פרישע גראָז און אַ היפּשער
גאַרב פון אַ פּרעכטיקן קוטשעראַוון טשערעט. אָפּן שיפל זעט

זיך א בויגעוודיקע, באוועגלעכע מיידלשע פיגור אין א רויטן טיכל אפן קאָפּ: שנעל שווינדלט די וועסלע אין אירע עלאסטי־שע הענט און דאָס שיפל גליטשט זיך לעבעדיק און גלייך איבער דעם ברייטן שוים פונעם רויקן פּריפּעט.

דורכפאָרנדיק דעם מיטן טייך, גיט דאָס שיפל זיך מיטאמאָל א קער אין מארטינס זייט. מארטין פאַרט אומיסטן פּאוואָלי און קוקט זיך שטארק איין אין די ביי־טייכלעך, ווו עס האָבן ליב שפּילן זיך די ענטלעך און ער קוקט ניט אפן שיפל מיטן מיידל, כאָטש ער ווייס שוין, ווער עס זיצט אפ אים. אָבער עס איז אים אָנגענעם.

— און איך וועל דיר אלע ענטלעך צעפּודיען, — הערט זיך א יונגע הילכיקע מיידלשע שטים און גלייך נאָך דעם הערט זיך איר געשריי.

— א־טי־הא! א־טי־הא, ענטלעך!

— דאָס הילכיקע פליעסקן פון דער וועסלע מאכט גרעסער דעם גערויש און צעטראָגט זיך הילכיק איבערן טייך צווישן די גראָזיקע ברעגן. און עטלעכע ענטלעך האָבן זיך וויר־קלעך א הויב געטאָן איבערן ביי־טייכל און דער גערויש פון זייערע שנעלע פליגלען הערט זיך קלאָר אין דער לופט. די ענטלעך פליִען פונקט אפ מארטינען. מארטין צילעוועט זיך. א הילכיקער שאָס קייקלט זיך איבערן פּריפּעט און ווערט אנטשטילט אין די ביי־ברעגיקע גראָזן און טשערעטן. איין ענטל האָט זיך א וואקל געגעבן, פאלט אראָפּ, פּאָכט קוים מיט די אָפּגעשוואכטע פליגלען און, מאכנדיק א קרייז אין דער לופטן, גיט זי זיך פלוצלונג א פליוך אין וואסער.

אוהיניע גיט שנעל א קער איר שיפל. איר גאנצע בויגעוודי־קע פיגורל גייט ארום כאָדראָם און אפן וואסער באַם שיפל דרייען זיך נאָך יעדער פּאָך פון דער וועסלע וואסער־ווירבעלעך מיט א שטילן ריזלענדיקן מורמל.

מארטין וואַרפט מיטאמאָל אוועק די פּאוואָליעדיקייט. אריבער־

יאָגן אוהיניען, פארלויפן איר דעם וועג און דער ערשטער דער־שוימען צו דער געשאָסענער ענטל! בייגט זיך די וועסלע און־טער זײַנע מעכטיקע אָנשטרענגונגען און דאָס שיפל טראָגט זיך צום אָנגעמערקטן פונקט. אָבער אוהיניעס שיפל האָט זיך א לאָז געטאָן פון אסאך א נעענטערער דיסטאנץ. זי האָט מער שאנסן אפ צוצושווימען די ערשטע. מארטין הייבט אָן כאראָטע האָבן, וואָס ער האָט זיך פארמאָסטן מיט איר. אָבער אפ צוריק גיין איז שוין שפעט, און דערצו איז ער ניט אזא מענטש, אז ער זאָל מאכטלאָז אוועקלייגן די וועסלע און אנערקענען זיך פאר א באַזיגטן. טוט ער אויס דעם פידזשאק, גיט אים א וואָרף אפן נאסן דעק פונעם שיפל. נאָך שטארקער בייגט זיך אויס זײַן וועסלע. נאָך שנעלער שנײַדט זײַן שארפנאָזיקע שיפל דאָס וואסער. אוהיניע זעט, אז מארטין יאָגט איר איבער. איר ווערט פון דעם אפילע ניט פריילעך, אָבער די האָפענונג פארלירט זי נאָך ניט. אָפטער און שנעלער האָט גענומען שפרינגען די וועסלע אין אירע ספריטנע הענט, איר פּאָנעם האָט זיך צערויטלט ווי מאָן־בלױונג. צוויי לאַנגע טונקל־בלאָנדע צעפּ האָבן זיך ארויסגערוקט פון אונטער איר רויטן טיכל און ווען זי דריקט אפ דער וועסלע און ווארפט זיך אָפּ אפהינטן, לאָזן זיך די עקן פון אירע צעפּ אראָפּ אין וואסער. די דערהארגעטע ענטל איז שוין ניט ווײַט. מארטין וועט זי גע־וויס צונעמען. אוהיניע פּרוּווט זיך איבערכיטרעווען מארטינען: זי גיט שנעל אקער איר שיפל אפ איבערשנײַדן מארטינען דעם וועג. ער האָט זיך צעטומלט אביסל. און, מארטין האָט נאָך ניט באוויזן א טראכט צוטאָן, ווי צו אויסמײַדן די דאָזיקע שטערונג— ערשט בא זיי פאר די אויגן איז פּאָרגעקומען א טשיקאווע גע־שעעניש: די ענטל איז פּלוצלונג דורכגעפאלן אין וואסער און אפ אָט דעם אָרט האָט זיך דאָס וואסער אופגעהויבן, פּונקט ווי עפּעס וואָלט דאָס וואסער אונטערגעשטויסן פונונטן, האָט זיך צע־וויגט און אין קײַלעכדיקע קרײַזעלעך א לאָז געטאָן זיך צום סאמע ברעג.

— מארטינ, וווּ־זשע איז די ענטל?
אינ אוּהיניעס אויגנ האָבנ זיכ אָפּגעשפּיגלט שרעק אונ פּארכי־
דעשקייט. מארטינ האָט אפּ איר א קוק געטאָנ אונ צעלאכט זיכ.
— ניט איכ אונ ניט דו זײַנענ דערשווּומענ, אונ די ענטל האָט
א סאָמ צוגעכאפּט. אוּהיניע האָט א ווײַלע צוגעשוויגנ. די דאָזיקע
געשעעניש האָט אפּ איר, ווי זיט אויס, געמאכט זייער א שטארקנ
אײַנדרוק.
— לאָמיר, מארטינ, פאָרנ צוריק!
האָבנ זיי אויסגעקערעוועט די שיפלעכ, אונ הארט צוגעטוליעט
איינס צומ צווייטנ אוועקגעשווּומענ צומ ברעג.
— דו ביסט מיסטאָמע אינ קאעס אפּ מיר, וואָס איכ האָב דאָ
צעפּודיעט די ענטלעכ?
— ניינ, איכ בינ ניט אינקאעס. מאלע וואָס עס מאכט זיכ.
— נו, האָב איכ דאָכ געוואָלט אפּ דיר א קוק טאָנ.
מארטינ איז טאקע אינדערעמעסנ ניט געווענ אפּ איר אינ קאעס
אונ אירע לעצטע ווערטער בארויִקנ אימ גאָר אינגאנצנ, אָבער
עס דערמאָנט זיכ דאָס ציגענע בערדל. דאָס מאכט מארטינענ
שטרענג אונ גלײַכגילטיק.
— וואָס איז דאָ אפּ מיר צו קוקנ?—גיט ער א פרעג.
— נו, ווײַל דו ביסט א פײַנער.—ענטפערט אוּהיניע אונ ציט
אימ צו זיכ מיט אירע צויבער-אויגנ.
— בא דיר, דאכט זיכ, זײַנענ אלע פײַנע,—מאכט מארטינ
קוימ שמייכלענדיק.
— איז דאָס דענ שלעכט?
— כ׳ווייס ניט.
— אָבער דו ביסט דער עמעסער שיסער,—גייט אוּהיניע איי־
בער אפּ אנ אנדער שמועס. מארטינ וואָלט וועלנ ווײַטער פירנ
דעמ אָנגעהויבענעמ שמועס אונ דאָס בײַטנ די טעמע געפעלט
אימ ניט.
— ווער עס שיסט גוט מיט א ביקס, אונ ווער—מיט די אויגנ.

— און ווער שיסט מיט די אויגן?

— פאראנ אזוינע שיסער.

— אָבער מיט די אויגנ וועסטו קיינ ענטלעכ ניט אָנשיסנ, — באמערקט אוהיניע.

— מיט אויגנ שיסט מענ ניט אינ ענטלעכ.

אוהיניע לאכט.

— ווענ דו וואָלסט געווענ אנ ענטל, וואָלט איכ שוינ דיכ אסאכ מאָל דערשאָסנ.

מארטינ האָט זיכ געוואָלט מוידע זײַנ, אז אויב ער איז אפילע, ניט קיינ דערשאָסענער, איז ער אלנפאלס לײַכט פארטשעפעט, אָבער אָנשטאָט צו זאָגנ דאָס האָט ער אומגעריכט פאר זיכ און פאר אוהיניען געמאָלדנ:

— איכ וועל קומענ צו דיר הײַנט אינאָוונט.

אוהיניעס הארצ האָט א ביסל פארגיכערט דעמ טעמפּ.

— נו, איז וואָס? וועל איכ ווארטנ אפ דיר.

די שיפלעכ זײַנענ צוגעשווומענ צום ברעג, מארטינ האָט ארופּ־געשלעפּט פריִער אוהיניעס שיפל, דערנאָכ זײַנע. האָט זיי צוגע־בונדנ, האָט גענומענ א בינטל היי, אוהיניע — א גארב טשערעט און זיי זײַנענ אוועק.

און אלצ איז גוט געווענ, ביז עס האָט זיכ ניט באגעגנט קאָנ־דראט בוס. ער האָט, ווײַזט אויס, צוגעהיט אוהיניען. ווי נאָר זיי האָבנ זיכ אויסגעגלײַכט מיט אימ, איז קאָנדראט צוגעגאנגענ צו אוהיניען. אוהיניע האָט אוועקגעלייגט איר האנט אפ קאָנ־דראטס פּלייצע, קאָנדראט האָט אוועקגעלייגט זײַנ האנט אפ איר פּלייצע און זיי זײַנענ זיכ אוועק, ווי קיינמאָל וואָלט גאָרנישט געטראָפנ. מארטינ האָט זיכ געשלעפּט פונ הינטנ מיטנ בינטל פרישע היי, מיטנ ביקס און מיט די דערשאָסענע ענטלעכ. ער האָט געוואָלט א וואָרפ טאָנ דאָס גראָז, איז עפּעס ניט באקוועמ צו ארויסוואַרפנ זײַנ קאָעס. ער איז צוגעגאנגענ נאָכ אביסל.

— נעמ צו, אוהיניע, דאָס גראָז און איכ וועל דאָ גיינ דורכ די גערטנער. ניט קוקנדיק אוהיניען אינ די אויגנ, האָט ער איר אָפּגעגעבנ דאָס גראָז און אליינ האָט ער זיכ געלאָזט לויפנ צו זיכ אהיים.

אינאָוונט האָט אוהיניע געוואַרט אפ אים, אָבער מארטינ איז ניט געקומענ.

אזעלכע באגעגענישנ און אזעלכע שמועסנ זיינענ געווען אסאכ. פריִער האָט אוהיניע אים געזוכט, דערנאָכ האָט אוהיניען געזוכט מארטינ, דערנאָכ האָבנ זיי איינער דעם צווייטנ געזוכט. ס׳פלעגנ פאָרקומען צווישנ זיי קריגערייען, מיספארשטייענישן, ס׳פלעגנ זיינ אָנגענעמע מינוטנ פונ שאָלעמ. ס׳זיינענ געווען זעלטענע אָוונטנ פונ דערנענטערונג און פריינטשאפט.

איז אָט אינ דער צייט, ווען די וועפּרער באָכערימ האָבנ פאַר־לאָרנ די האָפענונג אפ אוהיניען און די וועפּרער מיידלעכ—אפ מארטינען, האָט זיכ אינ וועפרי אָנגעהויבנ באוויזנ וואסיל בור־סיגא, א שיינער יונג, א זונ פונ זייער רייכע עלטערנ. אויכ וואַ־סילן האָבנ פארקישעפט אוהינעס אויגנ. מארטינס הארצ האָט אָנגעהויבנ אומרויִק קלאפנ זיכ. וואסיל—איז א געפערלעכער קאָנ־קורענט. מארטינ—איז אנ אָרעמאנ. א קליינינקער הויפל. אנ אויסגעקרימט שטיבל. וואָס האָט מארטינ? א ביקס, פישער־מאכ־שירימ און א שלאנקע פיגור. פלעגט זיכ מארטינ אָנעמענ מיט מוט, פלעגט רייצנ אוהיניען מיט וואסילן. אוהיניע פלעגט אָפט אויסלאכנ וואסילן, אָבער אָפט פלעגט זי אויכ לויבנ אים און נעענטער טוליענ זיכ צו מארטינען. איר איז, ווייזט אויס, פּאָשעט א ראכמאָנעס געווענ אפ אים.

אינ א קליינער צייט ארומ האָט מארטינ א זאָג געטאָנ אוהיניען.

— האָסט קיינ הארצ ניט, אוהיניע... דו ביסט אַ שלעכטע און ניט קיינ אָפנהערציקע. צו וואָס האָסטו מיכ גענארט? צו וואָס האָבנ מיכ פארפירט דיינע אויגנ?

— וואָס האָסטו צו מײַנע אויגן, מארטין? — האָט מיט פארדראָס עפרעגט אוהיניע, — איך האָב דיך געליבט און ליב דיך אויך איצט... און וועל דיך ליבן — האָט זי צוגעגעבן נאָך דעם, ווי זי האָט א ווײַלע צוגעשוויגן.

— און די זעלבע ווערטער וועסטו זאָגן וואסילן?

— ניין, אזוי וועל איך אים ניט זאָגן, און אויב איך וועל 'אָ זאָגן, איז גלאט אזוי זיך.

— איז פארוואָס זשע האָסטו כאסענע פאר אים?

— מ'דארף אזוי, — מאכט שטיל און ניט זיכער אוהיניע.

מארטין שווײַגט, טראכט. וואסילס רײַכקײַט — אָט ווו די סיבע איז, אָבער אים האָט זיך געוואָלט נעמען דעם לעבער בא אוּ־היניען.

— ניט שוין־זשע האָסטו באוויזן אזוי נאָענט צונויפגיין זיך מיט אים און... ביסט טראָגעדיק געוואָרן?

וואָס האָט זי אים געזאָלט זאָגן. זאָגן, אז קיין שום נאָענטקײַט איז ניט געווען? און עפשער מוידע זײַן זיך אין דעם, וואָס איז ניט געווען? ניין, דאָס וועט זי קיינמאָל ניט טאָן.

— אך, ווי שווער מיר איז, מארטין. איך בין א סוינע אי זיך, אי דיר. קיין שום נאָענטקײַט איז ניט געווען, ניט געווען, מאר־טין, גלויב מיר. איך בין א גאָרנישט, א שלעכטס: דו האָסט ריכטיק געזאָגט.

זי טוליעט צו איר הייסן פּאָנים צו זײַן באק. ער נעמט איר אפ די הענט, ווי א קינד. זי כאפּט אים ארום מיט די הענט פאר האלדז, טוליעט זיך צו צו זײַן פּאָנעם.

ווי בא א שיקערן, דרייט זיך בא מארטינען דער קאָפּ, א קעלט און א לײַכטער ציטער לויפן דורך איבער זײַן קערפּער.

און נאָכדעם האָט אוהיניע א לעצטן מאָל א פרעג געטאָן:

— איצטער גלויבסטו מיר?

ער האָט איר ארומגענומען, געקושט און געשעפּטשעט:

— אוהינקע, ליבינקע, טײַערינקע.

— טשעפּע זיך אָפּ פון מיר, גיי אוועק.

וואָס האָט זיך דאָס פּלוצלונג געטראָפן מיט איר?

זי האָט מיט קאַעס אָפּגעשטויסן אים פון זיך און איז אוועק. און ער איז אין פאַרלעגנהייט געבליבן שטיין און געקוקט אין איר זײַט. זי האָט זיך צונויפגעגאָסן מיט דער פינצטערקײַט פון דער יול־נאכט. מאַרטין איז אוועק אין זײַן זײַט.

לײַכט און וויסט איז געווען בײַ אים אין קאָפּ.

אוהיניע האָט כאַסענע געהאַט מיט וואַסיל בוסיגאַ. מאַרטין האָט כאַסענע געהאַט מיט דער בלוי־אויגיקער יעווא גאַרבאַר, אַ מיידל אַן ערנסטע און אַ קלוגע.

אָבער אוהיניעס אויגן האָבן טיף געטראָפן אין זײַן האַרצן און מאַרטין קען זיך ניט באַפרײַען פון זייער קישעף.

מאַרטין און אוהיניע פלעגן זיך פון צײַט צו צײַט באַגעגענען אויך נאָך דעם, ווי מאַרטין איז שוין געווען אַ כאַסענעגעהאַטער און אוהיניע איז שוין געווען וואַסיל בוסיגעס אַ ווײַב. און די דאָזיקע באַגעגענישן פלעגן זיי ברענגען יעדער מאָל צו אויפרעגונג. סײַ זי, סײַ ער האָבן געפילט דעם אומזין פון די דאָזיקע באַגעגענישן, אָבער דאָס האַרץ האָט ניט געוואָלט צוהערן זיך צו דעם, וואָס דער סייכל האָט באַוויזן.

האָט איינמאָל מאַרטין אַ פרעג געטאָן אוהיניען:

— געדענקסטו, אוהיניע, ווי מיר האָבן זיך געיאָגט, אז ווער דער ערשטער זאָל צושווימען צו דער געשאָסענער ענטל. און די ענטל האָט נאָר אײַנגעשלונגען דעם סאָם.

אוהיניע האָט נאָר אַ זיפץ געטאָן.

VII

דעם אַלטן טאַלאַש האָט אָנגעהויבן דערעסן דאָס טוליען זיך און אַרומוואַלגערן זיך אין פרעמדע ווינקעלעך. אַ ביסל צײַט האָט ער זיך געפונען בײַ זײַן טאָכטער אין מאַקושי. גאַנצענע אָוונטן

פֿליגט ער פֿליכטנ לאַפּטיעס פֿאַר די אייניקלעך, פֿליגט זיי דער־ציילנ מײַסעס. די לאַגע אָבער איז געווענ אַזאַ, אַז עס האָט אים ניט געצויגנ צו אַזאַ אַרט לעבנ. מענ האָט געדאַרפֿט געפֿינענ עפּעס אַנ אויסוועג פֿונ דער דאָזיקער ניט זיכערער אונ פֿריקרער לאַגע. דערווײַל האָבנ זיכ פֿאַרשפּרייט זייער פֿאַסקודנע קלאַנגענ איבער אַלע ווינקעלעכ פֿונ פּאָלעסיע, ווי נאָר עס האָט פֿאַר־שפּרייט זײַנע פֿליגלענ דער ווײַסער פּוילישער אָדלער, וועגנ די מײַסים פֿונ דער פּוילישער מאַכט בענעגייע יערערנ, אַפֿ וועמענ עס פֿליגט נאָר פֿאַלנ אַ כשאָד. אונ קיינ גוטס איז אינ אָט די קלאַנגענ ניט געווענ, אונ ערגער פֿונ אַלצ איז דאָס, וואָס די קלאַנגענ פֿליגנ באַשטעטיקט ווערנ מיט פֿאַקטנ.

מיט דער היים האָט דער אַלטער טאַלאַש די פֿאַרבינדונג ניט פֿאַרלאָרנ. פֿאַר אַזאַ פֿאַרבינדונג האָט געדינט פֿאַנאַס. דער אַל־טער טאַלאַש האָט זיכ דערוווּסט פֿונ פֿאַנאַסנ, אַז וואַסיל בוסיגאַ איז אַ וויט, אַז די פּאָליאַקנ האָבנ געהייסנ דורכנ וויט צו־נויפֿקלײַבנ צו צענ פֿוד היי אונ שטרוי פֿונ אַ הויף. אונ ביז דעם האָט מענ געקליבנ פֿאַרשיידענע שפּײַז: הענער, כאַזיירים־לעכ, כאַזער־פֿעטס. סאַראַ שטויסעניש אונ טומל ס'איז דאָס גע־ווענ אינ דאָרף. אונ יעטווידער קלענסטער ווידערשטאַנד פֿליגט אַכזאָריעסדיק באַשטראָפֿט ווערנ, אונ דאָס צערעכענענ זיכ פֿליגט פֿאָרקומענ גלײַכ אַפֿנ אָרט. אינ גאַנג פֿליגנ געלאָזנ ווערנ נאַהײַ־קעס אונ שאָמפּאָלנ.

„דוואַדזעשטשאַ פּיענטש“ (25 שמיצ)! האָבנ געשריִענ די צע־ווילדעוועטע קאַפּראַלנ. אינ דאָרפֿ האָבנ זיכ אָנגעהויבנ באַווײַזנ אומבאַקאַנטע מענטשנ, פֿליגנ אַרומשלעפּנ זיכ ווי שאָטנס, צו־הערנ זיכ, ווי וואָס מענ רעדט, ווי וואָס עס טוט זיכ. עס גייענ אַרום קלאַנגענ, אַז פּאָליאַקנ ווילנ מאַכנ אַ מאָביליזאַציע. דער וויט האָט פֿאַנאַנדערגעפֿרעגט אים, פֿאַנאַסנ, ווי איז דער אַלטער טאַלאַש. אָבער פֿאַנאַס איז ניט אַזאַ יאָלד, ער זאָל אים דער־ציילנ דעם עמעס. מיט איינ וואָרט, דער אַלטער טאַלאַש טאָר בע־

שומויפן ניט אומקערן זיך אהיים — אזוי פלעגט קעסיידער פאַ־
נאַס פארענדיקן דערציילן די נײַס.

דער אלטער טאלאש פלעגט הערן דאָס דאָזיקע נײַס און זײַן
אייגענע קריוודע פלעגט אָפּטרעטן אפן הינטערשטן פּלאַן, און
דאָס סטויגל היי, וואָס די פּאָליאקן האָבן צוגענומען, און וואָס
איז געווען די סיבע פון אָט דער גאַנצער אָנשיקעניש, האָט זיך
איצט אויסגעדוכט ווי אַ קליין קופּקעלע און האָט זיך פאַרלאָרן
אין דעם אלטנס געדאַנקען. די זאַך האָט אָנגעהויבן ווערן אסאַך
ערגער, און אפן ערשטן אָרט האָט ארויסגעשפּאַרט די אַלגעמיינע
צאָרע פון דער פּויערישער אָרעמקייט. איז וואָס־זשע זאָל מען
טאָן? ס׳האָט זיך אָנגעהויבן פאַרלירן די האָפענונג אפ דעם, אז
די פּאָליאקן וועט מען פאַרטרײַבן צוריק, אז זייער באַוויזן זיך
דאָ איז אפ אַ קורצער צײַט. איז ניט שוין זשע זײַנען אים, דעם
אלטן טאלאש, אַלע וועגן אָפּגעשניטן אפ אומקערן זיך צוריק
אהיים?.. און עפּשער גיין און מעלדן זיי, אז ער האָט כאַראָטע
אפ דעם, וואָס ער האָט געטאָן? איז אין וואָס זשע איז ער
אייגנטלעך שולדיק? אים האָט מען באַליידיקט, דערנידעריקט און
ער זאָל נאָך גיין בעטן זיך בא זיי? אז ניט דערלעבן זאָלן
זיי דאָס!

דער אלטער טאלאש איז געווען פאַרביסן און שטאָלץ, ווי אַ
ווילדער אָדלער.

ס׳איז געווען פּונקט אין דעם טאָג, ווען דער אלטער טאלאש
איז געקומען צו דעם אָרט, ווו ער האָט אָפּגערעדט באַגעגענען
זיך מיט פאַנאַסן. געוויינלעך פלעגט פאַנאַס קומען דער ערשטער
און אונטערפּײַפן, וואַרטנדיק אפן טאַטן. דאָס מאָל איז דער אַל־
טער טאלאש געקומען דער ערשטער. ער האָט זיך צוגעהערט,
ס׳איז אַ שרעקלעכע גרויזאַמע שטילקײַט. עפּשער האָט ער זיך
צוגעײַלט? דער אלטער האָט פאַרנומען אַ פּאָזיציע אונטער אַן
אלטן בעזונטן דעמב, אַזאַ ווי דער אלטער טאלאש אַליין. די
צײַט איז זיך בעגאַנגען. פאַנאַס איז אַלץ ניטאָ. האָט דער אַל־

טער געוואָרט אַ שאָ, אַ צווייטע. אַ נאָגנדיקע, טויבע אומרויִקייט האָט פאַרקוועטשט דעם אַלטנס האַרצן. וואָס איז דאָס די מייסע, וואָס פאַנאַס איז אהער ניט געקומען? דער אַלטער טאַלאַש דער־מאָנט זיך די לעצטע באַגעגעניש מיט פאַנאַסן—צי איז דאָ ניט פאָרגעקומען אַ וועלכער עס איז טאָעס, עפּשער האָבן זיי גאָר אָפּגערעדט באַגעגענען זיך ניט אויף דעם אָרט? ניין, קיין טאָעס איז דאָ ניט געווען. און אָט דעם דיקן דעמבּ אונטער סוכאָ־פּאָליע—דאָס געדענקט גוט דער אַלטער טאַלאַש. אַפילו פאַנאַסעס ווערטער, וועלכע ער האָט אים געזאָגט בּאַם געזעגענען זיך, קלינגען נאָך אין דעם אַלטנס אויערן:

— איז אונטער דעם גראָבן דעמבּ לעבן סוכאָפּאָליע.

דער אַלטער טאַלאַש האָט אויפגעהויבן די אויגן אויף אָט דעם דאָזיקן שטאַרקן דעמבּ מיט די מעכטיקע לאַפּעס, פּונקט ווי ער וואָלט געוואָרט פון אים אַן ענטפער אויף זיינע ספּייקעס. דער דעמבּ איז געשטאַנען אומבּאַוועגלעך אין זיין וואַזשנער פּאַרגלייַ־ה'ערטקייט, האַלטנדיק אין זיינע צווייַגן היפּשע קופּעס שניי. דאָס טויטע פעלד האָט זיך צעשפּרייט ווי אַ דורכויס ווייַסער לייַלעך, און דער וואַלד איז ווי אַ טונקל־בּלויע וואַנט אַרויסגע־קראָכן מיט זיין אומבּאַוועגלעכן סילועט און טעמפּער שטומקייט. די פּאַרטייַעטע שטילקייט האָט פילבּאַר געהיט יעדן קלאַנג, יעדן ניט דרייסטן גערויש און בּלויז איין פּיקהאָלצ נאָר האָט ריטמיש און אייַנגעשפּאַרט געפּיקט אין אַ צווייַג פון הילכיקן בּוים, און דעם אַלטנס דייַגעס און זאָרגן האָבן אים ניט אָנגע־הויבּן צו ערן.

קאַלאַמוטנע איז געוואָרן דעם אַלטן אויפן האַרצן. עס האָבן זיך אים אָנגעהויבן פאָרצושטעלן זאַכן, וועלכע האָבן זיך בּעקאָנט טרעפן מיט פאַנאַסן, מיט מאַקסימען און מיט דער אַלטער נאַסטע. און יעדער מינוט וואַרטן האָט זיך ווי אַ שפּיז אַרייַנגעגעסן אין זיין האַרצן. דעם אַלטנס געדולד האָט שוין אָנגעהויבּן פּלאַצן—מען דאַרף ערגעץ גיין, מע דאַרף עפּעס אָנהייבּן צו טאָן.

אפ פאָלעסיע האָט זיכ גיכ אָנגערוקט א שטרענג־שווײַגעוודיקער אָוונט, וועלכער האָט מיט זיכ געבראכט זייער אסאכ טרײַע הייטער זײַנע און האָט פארצויגנ מיט א פינצטער הײַטל דעמ וואלד, די ווײַטע בלאָטעס און סוכאָפאָליע. די קוסטעס און איינצלנע בוימער אפנ פעלד האָבנ פארלאָרנ זייערע קאָנטורנ, זײַנענ פארוואנדלט געוואָרנ אינ ניט קלאָרע, צעשוומענע סילועטנ.

דער אלטער טאלאש האָט א הייב געטאָנ די אקסלענ, האָט פלינק א נעמ געטאָנ דעמ ביקס, נאָכאמאָל א וואָרפ געטאָנ מיט די אויגנ אפנ גאנצנ ארומ און האָט שוינ געוואָלט א לאָז טאָנ זיכ גיינ ערגעצ־ווו, אבי ניט שטיינ דאָ און ווארטנ אומזיסט. אָבער פלוצלינג איז ער דערשטוינט געוואָרנ: פונ דער טיפ פונ וואלד האָט זיכ דערהערט א שאָרכענ פונ עמעצנס פיס איבערנ שניי און א טויבער קנאקנ פונ טרוקענע צווײַגנ אונטער פיס. דאָס שאָרכענ איז געווענ זייער ריטמיש—איינס־צוויי! איינס־צוויי. אָפט פלעגט דער ריטמ געשטערט ווערנ, אַבער דאָכ האָט ער פארהיט זײַנ אלגעמיינעמ טעמפ. נאָכ די קלאנגענ פונ די טריט האָט דער אלטער טאלאש דערקענט, אז דאָס מוז גיינ א מענטש, אָבער דאָס זײַנענ געווענ ניט פאנאסעס טריט: עס האָט עפעס געטראָטנ עמעצער שווער און וואָגיק. דער אלטער האָט זיכ באהאלטנ הינטערנ דעמב און האָט אָנגעהויבנ צוקוקנ זיכ אינ דעמ זײַט, פונ וואנענ עס האָט זיכ געטראָגנ דאָס דאָזיקע שאָרכענ פונ די פיס פונ דעמ אומבאקאנטנ מענטשנ. א הויכע טונקעלע מענטשלעכע פיגור האָט א שווינדל געטאָנ צווישנ די מיט שניי באדעקטע צווײַגנ און איז פאוואָלינקע ארויסגעשוואומענ אפ א נאקעטנ אָרט, אויסטיילנדיק זיכ אלצ מער און מער בוילעט פונ דער וואלדיקער אָוונטדיקער פינצטערניש. דער אלטער טאלאש איז געשטאנענ אָנגעשטרענגט און געווארט. א רופ טאָנ צי ניט? וואָס איז דאָס פאר א מענטש און קעגנ זײַנ ווילנ האָט זיכ בא אימ ארויסגעריסנ:

— ווער גייט עס?

דער הויכער מענטש האָט זיך אין שרעק אָפּגעשטעלט. פאַר־זיכטיק אומקוקנדיק זיך.

— ווער פרעגט עס?—האָט זיך דערהערט א געדיכטער באַס פונעם אומבאקאנטן מענטשן.

דעם אַלטן טאַלאַש האָט מען ניט ארויסגעזען פון הינטערן דעמב.

— איך פרעג דאָס!—האָט זיך אָפּגערופן דער אַלטער טאַלאַש.

— און ווער ביסטו!?

— און דו ביסט ווער?

לויט דער שטים און נאָכן ריידן האָט דער אַלטער טאַלאַש דערקענט, אז דאָס מוז זײַן אן אייגענער מענטש, אן אָרטיקער, א היגער. דעם אַלטנס אָנגעשטרענגטקייט און שרעק איז א ביסל אָפּגעגאנגען, אָבער דאָך האָט ער אויך אָפּ ווײַטער באהאַלטן זײַן אינקאָגניטאָ און דעריבער, ווען עס האָט א ביסל געדויערט די ניט קלאָרע און ניט באקוועמע שווײַגעניש צווישן זיי, האָט דער אַלטער טאַלאַש ווידער א זאָג געטאָן:

— איך בין א היגער!

— דו ביסט דאָ איינער אַליין?—האָט זיך נאָכגעפרעגט דער פאָרזיכטיקער אומבאקאַנטער מענטש.

— אי אַליין, אי ניט אַליין: מיט מיר איז א ביקס.

— נו, טאָ ווארפ אוועק דײַן ביקס: א ביקס איז בא מיר אויך פאראן און, ווײַזט אויס, א בעסערע ווי בא דיר—האָט פון וואַלד שטאָלץ דורכגעקלונגען א געדיכטער באַס מיט א טאָן, וועלכער דערלאָזט ניט קיין שום צווייפל אין דעם, אז זײַן ביקס איז א בעסערע פאר דעם אַלטנס.

דער אַלטער טאַלאַש האָט זיך ארויסגערוקט פון הינטערן דעמב און דער הויכער אומבאקאנטער מענטש האָט דרייסט און גע־וואגט א לאָז געטאָן זיך צו אים. ניט דערגייענדיק א טריט דרײַ, האָט זיך דער ריז אָפּגעשטעלט און שטארק פארוואונדערט זיך.

אזא פארווונדערונג האָט זיך אויך אָפּגעשפּיגלט אף טאלאשס פּאָנים.

— דיאדקאָ טאלאש! — האָט א דונער געטאָן א געדיכטער באַס.

— מארטינ! — האָט פריידיק אָפּגערופן זיך דער אלטער טאלאש און האָט זיך א וואָרף געטאָן צו מארטינ רילן, צו אָט דעם דאָזיקן מארטינען, וועלכער האָט געדראָעט דעם קאָנוואָיִר־לעגיָאָנערן, אז ער וועט אים אויך אזוי א שטויס טאָן, אז ער וועט די ביינער ניט צונויפקלייַבן. די מאנצביל האָבן פּעסט א דריק געטאָן איינער דעם אנדערן די הענט.

— ווען היסטו דאָ, פּעטערקע?

— הא, טײַערינקער! ווען איך היט דאָ? ס'קומט אויס, אז איך היט דאָ זיך אליינ... און דו?.. ווי איך זע, כעוורעמאַנ, ביסטו זייער אָנ אָנגעשראָקענער...

— אוי, פרעג בעסער ניט, פּעטערקע! פונ דער פּוילישער ספּיסע, פונ געפענקעניש ארויסגעריסן זיך! און ניט זיך אליינ נאָר 36 מאנ.

— וואָס רעדסטו? — האָט זיך פאדכידעשט דער אלטער טאלאש. — ווי־זשע איז דאָס געשען?

— אָט וואָס, די רויטע זײַנען אָפּגעטראָטן, די פּאָליאקן זײַנען געקומען, געקומען זײַנען זיי און אָנגעהויבן ארויסכאפּן איבער־הויפּט יענע... אָט די, ווער עס איז דרייסט אינ דער רעוואָליוציע אוועק אָדער ווער ס'האָט די הענט ארום דעם פריצישן גוטס אביסל א ווארעמ געטאָן. און זיי האָבן אָנגעהויבן נויקעם זײַנ זיך, פּאָראָנדקעס אײַנפירן, אײַנשטילן און פארשיידענע כאטאָים דערמאָנען און דער אוילעם אונגדזוערער... ווייסט דאָך אליינ... א פארשיידענער אוילעם איז דאָ, די רײַכע האָבן אָנגע־הויבן אונטערלעקן זיך צו די פּריצים און ארויסגעבן, ווער אינ וואָס עס איז שולדיק. האָב איך זיך אויך געפּאקט. האָט מענ מיך ארעסטירט. און אינ אנדערע ערטער האָט מענ אנדערע ווי איך א נעמ געטאָן. האָט מענ, הייסט עס, אָנגעקליבן א גאנצע

כעוורע. האָט מען אונדז אלעמען צונויפגעקליבן צוזאמען און אוועקגעטריבן. און יאטן אלץ איינע אין איינע. באקאנטע און ניט באקאנטע. האָט מען אונדז געבראכט צום פּאָוויאט־קאָמיסאר, פארשפארט אין עפּעס א קאלטן, קעלער, אין א פוסטן שײַער. מיר האָבן שוין געמיינט, אז דאַ וועט שוין זײַן דער סאָף. אָבער עס איז אוועק א קלאנג, אז מע וועט אונדז פארטרײַבן ערגעץ ווײַטער, ווהין און נאָך וואָס—ווייסן מיר ניט. צווישן אונדז איז געווען איינער א יאט א בעדיע, מארק באלוק פון יענער זײַט טשערנישטש. א דורכגעטריבענער מענטש געווען! א סאָלדאט פון דער אלטער ארמיי. „א, זאָגט ער, איך וועל זיך דאָס זיי שלעפּן ווי אן אלטער ארעסטאנט? א קרענק זיי אין די זײַטן! פון דער דײַטשישער געפענקעניש האָב איך זיך ארויסגעריסן און דאָ, הייסט עס, אינדערהיים וועל איך זיך מאטערן? ניטאָ אזעלכע פּראָצים! האָדיע!״ מיר האָבן דערזען, דער מענטש איז ניט קיין נאר. האָבן מיר זיך ארומגעקליבן ארום אים.— „ווי זשע װעסטו דאָס מאכן״,—פרעגן מיר אים—„שווערט זיך, מאכט ער, אז איר וועט מיך פאָלגן, וועט איר אויך זײַן אף דער פרײַ״. מיר זעען—דער מענטש האָט עפּעס פארטראכט. נו, איז ווער וויל עס ניט זײַן אף דער פרײַ? איז פארוואָס־זשע זאָל מען ניט שווערן? מאכט ער צו אונדז אזוי:—„מיר האָבן ניקאָלײַעון געשוואָרן בא דער יע־וואנגעליע, אָבער די שווּע האָט אים ניט געהאָלפן. איר אָבער שווערט מיר בא אײַער פויערשער לאפּטיע. שווערט זיך, אז יע־דער וועט מיך פאָלגן און יעדערער זאָל א קוש טאָן זײַן לאפּ־טיע״!—און ריידן רעדט ער ערנסט, טרײַבט ניט קיין קאטאָוועס. „די לאפּטיע,—מאכט ער,—איז די פאָן פון אונדזער פויערישער דאָליע״. איז הערסטו, פעטערקע? מיר האָבן זיך א לאָז געטאָן קושן די אייגענע לאפּטיעס. זיך אליין אין פוס. ווי דו זעסט מיך א לעבעדיקן! ווער אף א געלעכטער און ווער טאקע אף אן עמעס מאכט ער דעמלט אזוי:

— נו, איז אָט וואָס. ווען מ׳וועט אונדז אָפּפירן פונדאנען

א וויאָרסט פינף-זעקס און עפשער מער, איך וועל זען נאָכן אָרט, נאָך, איז הערט זיך צו צו מײַן סיגנאַל: און מײַן צייכן וועט זײַן אָט א וואָסערער: „שטיי, די לאַפּטיע איז אראָפּגעפאַלן". ווי איר וועט דאָס נאָר דערהערן, גיט זיך שנעל ווי א בליץ א וואָרף נאָך מיר אפן קאָנוואָי, נעמט בא אים אָפּ דאָס געווער. אלץ איז אָפּהענגיק פון דער פּלוצלינגדיקייט און שנעלקייט פונעם אָנפאַל. 2—3 ניט באוואָפנטע מענטשן וועלן זיך גרינג ספּראַווען מיט איינעם א באוואָפנטן, אויב זיי וועלן דאָס נאָר טאָן שנעל און געשיקט. ס'איז אונדז געפעלן געוואָרן די דאָזיקע סטראַטעגיע. האָבן מיר ארומגעטראַכט, באַקלערט יעטווידער קלייניקייט, צע־טיילט זיך אף גרופּקעס. מירריידן שטילינקערהייט, קעדיי אויס־צובאהאלטן אונדזער סאָד... מען האָט אונדז ארויסגעפירט... מיר גיבן א קוק—צוועלף קאָנוואָירן, דער דרײַצנטער—איז דער קאָ־מאַנדיר. האָבן מיר מוירע אביסל, אָבער מיר ווײַזן ניט ארויס קיין סימען פון דעם, וואָס מיר האָבן פארטראַכט. מיר האָבן זיך געמאַכט קלוימערשט, אז מיר זײַנען אָפּגעשוואַכט, קוים וואָס מיר הייבן די פיס, מיר שאָקלען זיך. האָט מען אונדז צעשטעלט אין רייען. דער קאַפּראַל האָט דערלאַנגט א קאָמאַנדע. אליין איז ער אוועק פאָרויס. מיר האָבן זיך א ריר געטאָן, פינף קאָנוואָירן פון איין זײַט, פינף פון דער צווייטער און צוויי גייען פונהינטן. איך בין אין דער ערשטער ריי. איך נעם ניט אראָפּ די אויגן פונעם קאַפּראַל. ניט אזוי פון קאַפּראַל אליין, ווי פון זײַן ביקס: זי איז מיר עפּעס שטאַרק געפעלן געוואָרן. און אין די אויערן קלינגען בא מיר די גאַנצע צײַט די פינף ווערטער: „שטיי! די לאַפּטיע איז אראָפּגעפאַלן"! אונדזער קאָמאַנדיר האָט זיך גע־שטעלט אין דער לעצטער ריי. מיר זײַנען דורכגעגאַנגען דאָס שטעטל. מיר זײַנען אין פעלד ארויס. ווו-ניט-ווו באַגעגענען זיך פורלעך. מענטשן גייען פארבײַ. און די קאָנוואָירן טרײַבן אונדז אונטער, זידלען מיט אזוינע פּאַסקודנע ווערטער, אז עס ווערט ניט גוט הערנדיק, און מיר קענען שוין ניט דערוואַרטן די מינוט.

מיר גייען שוין אזוי א שאָ אָנדערהאלבן. אונדזער קאָמאַנדיר שווייַגט, און ווי נאָר מיר זייַנען ארויס פון וואלד אפ דער לאָנקע, ערשט מארקא באַלוקט גיט דאָס א דונער מיט זייַן באַ־סאָוון קאָל: „שטיי! די לאַפּטיע איז אראָפּגעפאלן!“ איי, וואָס האָט זיך דאָס דאָרטן אָפּגעטאָן אין דעם מאָמענט! איך קען גאָרניט איבערדערציילן, וואָס דאָרטן האָט זיך אָפּגעטאָן! אלץ האָט זיך אויסגעמישט אין איין קנויל. אָן געשריי, בלויז אין א שווערן סאָפּען און כריפּען. איך געדענק אפילו ניט, ווי האָב איך זיך אליין דערזען לעבן דעם קאפּראל. איך געדענק נאָר, אז ער ליגט אין שניי מיט אן אראָפּגעריסענעם אויער, האָט אויסגע־גלאָצט די אויגן, אליין איז ער ווייַס ווי שניי, און קוקט אלץ אפּ מיר. און איך זאָג אים: „ליג, שטיי ניט אופ!“ און בא מיר איז זייַן ביקס, טאקע די זעלביקע—אן אויסלענדישער קאראבין אפּ 7 פּאטראָנעס. איך האָב אויך א רעוואָלווער און א שווערד. איך גיב זיך א וואָרפּ העלפן אנדערע—ערשט דאָרטן גייטיקט מען זיך שוין ניט אין מייַן הילף,—„העך מייַן קאָמאַנדע!—האָט א געשריי געטאָן מארקאָ, האָט א פּאַכ געטאָן מיטן הוילן שווערד, און אין דער אנדער האנט האלט ער א רעוואָלווער—היידא אין וואלד אריין און די קאָנוואָיִרן פיר אָפּ!“ איבערגעשראָקענע, בלאַ־סע, ווי דער טויט, רוקן זיך אונטערטעניק די קאָנוואָיִרן. און ניט זיי זייַנען קאָנוואָיִרן, נאָר מיר. געננג שוין אָנצורופן אונדז בידלעס, מיר זייַנען אָפּגעגאנגען א קלאַפּטער פינף—„שטיי“—קאָמאַנדעוועט מארקאָ. מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט—„נעמט אראָפּ, פּאנעס די שטיוול“!—האָבן זיי אויסגעטאָן די שטיוול. דרייַצן מאן האָבן זיך אָנגעטאָן אין שטיוול און די לאַפּטיעס האָט מען אָפּ־געגעבן די קאָנוואַיִרן. און מע האָט זיי דאָרטן אין וואלד גע־לאָזן לעבעדיקע, אָבער אביסל צעביילטע, און צעקאַלטע. מיר האָבן צענומען זייער געווער—ווער א ביקס, ווער א רעוואָל־ווער און ווער א שווערד. באם געזעגענען זיך זאָגט מארקא:—„נו, יאטן, היידא ווער וווהין! אָבער די שוועסטער נעם איך פון

אײַך ניט אראָפּ! און איר, טײַוואָלים, זײַט אויך פרײַ! — זאָגט ער צו די קאָנוואָירן — רוט זיך אײַך דאָ און גײט אײַך װוּהין איר ווילט" — און ער איז אוועק אין זײַן זײַט, און יעדערער פֿון אונדז — אין זײַן זײַט.

— אך, ניט געדאכט זאָלן זיי ווערן! פּאַרוואָס בין איך דאָס מיט אײַך ניט געווען? נו, אָבער א ביקס האָסטו זיך, מאַרטין, געקריגן! — האָט געשטמאָקעט מיט די ליפּן דער אַלטער טאַלאַש, באַטראַכטנדיק די וווּנדערבאַרע ביקס.

VIII

ס'האָט ניט געוווּסט דער יונגער פּאַנאַס, אַז מיט זײַן פּערזאָן אינטערעסירן זיך ניט אַבי וואָסערע מענטשן, נאָר דער ווויט וואַסיל בוסיגאַ אַליין. דער ווויט דאַרף וויסן, ווער וואָס עס טראַכט. דער ווויט מוז נאָכשפּירן און דערגיין, וווּהין איז פֿאַרפֿאַלן געוואָרן דער אַלטער טאַלאַש און װעגן וואָס טראַכט ער. א ווויט איז נאַטשאַלסטווע. און נאַטשאַלסטווע האָט אַפֿן קאָפּ אַזױנע געדאַנקען, אַז ניט אַלע אונטערטעניקע מעגן פֿון זיי וויסן, איבערהויפּט טאָר װעגן זיי ניט וויסן אַזאַ צעיושעטער מענטש, ווי דער אַלטער טאַלאַש. דער אַלטער טאַלאַש האַלט אינגאַנצן ניט פֿון די פּריצים און פֿון דער נאַטשאַלסטווע. ער יאָגט זיך נאָך פֿרעמדן פֿאַרמעגן. דער אַלטער טאַלאַש האַלט זיך ביכלאַל פֿײַנטלעך צו אַזעלכע באַלעבאַטים, ווי וואַסיל בוסיגאַ, קאַנדראַט בירקע און צו נאָך אַסאַך אַזעלכע כאָשעווע פּערזאָנען. דאָס האָט ער פֿאַרנאַנדערגעקלונגען צווישן די האַלאָנדראַנצעס, אַז מע דאַרף זיך א נעם טאָן פֿאַר די פֿאַרמעגלעכע און צעטיילן זייער ערד. באַם אַלטן טאַלאַש אין שטוב איז אײַנגעשטאַנען א באָלשעוויסטישער קאָמאַנדיר. דער אַלטער טאַלאַש האָט זיך דאָך געוואָרפֿן מיט א האַק אויף די פּוילישע סאָלדאַטן. קורץ געריירט — דער אַלטער טאַלאַש האָט זיך אָנגענומען און דורכגעזאַפּט מיטן באָלשעוויסטישן גײַסט און איצטער האָט ער זיך געוויס צונויפֿגעבאַוועט

מיט די באָלשעוויקעס. ווער קען אָרעוו זײַן, אז ער וועט אהער ניט ברענגען די רויטע? ניין, קאָלזמאַנ דער אלטער טאלאש בא-האלט זיך ערגעץ אויס, ווער ווייס ווו מיט וואָס פאר א געדאנקען, וועט דער פאַנ ווייט, וואסיל בוסיגא ניט רוען. דאָס הייסט ניט, אז ער, דער ווייט, האָט מוירע פארן אלטן טאלאש. ניין, דער ווייט—איז נאטשאלסטווע און ער שטייט אפ דער וואך צו פאר־היטן געזעצ און אָרדענונג. ניט אומזיסט האָט דאָך די העכערע נאטשאלסטווע—דער פאָוויט־„קאָמיסארזש״ אָנגעזאָגט, ער זאָל נאָכשפירן און נעמען אפן צעטל יעדערן, וואָס איז אָנגעשטעקט מיטן גײַסט פון ניט פאָלגן און בונטעווען. און וואָס איז שײַעך די רויטע, איז וואסיל בוסיגא דאָ רויִק. דער פאָליאק איז ניט אליין, הינטער אים שטייען פראנקרײַך און ענגלאנד. ניין, די באָלשע־וויקעס האָבן שוין זייער לידל אָפגעזונגען! אָבער צאָרעס קאָנען זיי נאָך אָנטאָן, נאָך מער, צום ווייטס אויערן דערגייען קלאנ־גען: אין די וועלדער וואלגערן זיך ארום פארדעכטיקע מענטשן, מע רעדט זיך צונויף, מע גרייט זיך צו עפעס, מע באשליסט זיך אפ עפעס. פאָרזיכטיקײַט וועט דאָ ניט שאדן. און עס איז קיין כידעש ניט, וואָס זײַן א נאטשאלניק איז גאָרניט אזא פאָשעטע זאך, ווי עס קאָן זיך אויסדוכטן א מענטשן פון דער זײַט.

אין דער ערשטער ריי דארף מען זיך א נעם טאָן פארן אלטן טאלאשן.

פון איין זײַט איז גוט, וואָס טאלאשס שטוב שטייט אָנאזײַט: יעדערער, וואָס גייט אהין אָדער פון דאָרטן, ווארפט זיך בעסער אין די אויגן, אָבער עס איז דאָ אויך א ניט באקוועמלעכקײַט פאראן. ווען דו אליין דרייסט זיך ארום איר, ווארפסטו זיך אויך אין די אויגן. צוקוקנדיק זיך צו טאלאשס שטוב, האָט וואסיל בוסיגא באמערקט, אז פאנאס גייט צײַטנווײַז אוועק פונדערהיים. אינטערעסאנט, ווהין גייט ער דאָס אוועק? דער ווויט שטויסט זיך אָן, אז פאנאס מוז זײַן דער שליסל, מיט וועלכן מען קאָן אָפשליסן דעם אָרט, ווו עס באהאלט זיך דער אלטער טאלאש.

פון פאנאסן דארף מען טאקע אָנהייבן, אָבער וויאַזוי? סײַדן אי־בערגעבן עמעצן, מע זאָל נאָכשפּירן, אוועקשטעלן א ספּעציעלן מענטשן? דער וויט האָט ארומגעטראכט און אײַנגעפונען, אז אזא מיטל איז ניט באקוועם. און ס'איז אויך א ריזיקע ארײַנציען אין דעם איניען זײַטיקע פּערזאָנען: זײַטיקע פּערזאָנען — דאָס זײַנען איבעריקע איידעס קעגן אים זעלבסט. און דערצו איז ער ניט זיכער, אז אלץ וועט בלײַבן בעסאָד. וואסיל בוסיגא האָט זיך אָפּגעשטעלט אף א נײַעם פּלאן. ער וועט איבערגעבן, חוהיג מען דארף, ער וועט איבערגעבן, וויאַזוי און דורך וועמען מע קאָן דערגיין וועגן דעם אלטן טאלאשן און דעמלט זאָלן זיי שוין אליין דערפרעגן זיך. אף אזא אופן וועט אי דאָס היי זײַן גאנץ, אי די ציגן וועלן זײַן זאט.

ערעוו דעם טאָג, וואָס פאנאס האָט געדארפט באגעגענען זיך מיטן טאטן אונטערן גראָבן דעמב לעבן סוכאָפּאָליע, האָט זיך אינמיטן דערנאכט פּלוצלונג דערהערט א קלאַפּ אין טיר פון טאלאשס שטוב. די ערשטע האָט זיך אופגעכאפּט די אלטע נאסטע. א דערשראָקענע האָט זי אופגעהויבן דעם קאָפּ, האָט זיך צוגעהערט, מע האָט א צווייטן מאָל א קלאַפּ געטאָן נאָך שטאר־קער און האַזעדיקער.

— אוי, ווער קלאַפּט עס דאַרטן? — האָט מיט שרעק אין דער שטים זיך אָפּגערופן די אלטע נאסטע.

ארופגעכאפּט אף זיך א פּעלץ, איז מאקסים א באָרוועסער ארויסגעלאָפן אין פירהויז.

— ווער איז עס דאָרטן?

— עפן! — האָט עמעצער בייז און הערשעריש א קאָמאנדע גע־טאָן פון הויף.

— אָבער ווער איז דאָס? — האָט מאקסים אלץ געוואָלט דערגיין.

— עפן, מאקסים: דאָס זײַנען די פּאנעס, די „פּוילישע מאכט".

נאָך דער שטימע נאָך האָט מאקסים דערקענט דעם שאָכן מי־קיטע צעליעך און האָט אָפּגערוקט דעם פאַרוקער.

שטלעכע פאָר פיס האָבן א טופע געטאָן אין פירהויז. און צו־
זאמען מיט די אופגעעפנטע טירן האָט זיך אין שטוב אריינגע־
ריסן א גאנצער שטראָם ווייסע ליכט. אן אָפגעקאָרמעטער מענטש
מיט געלע וואָנצן מיט א גראָבער מאָרדע מיט א כינעזישן אויסזען
האָט געהאלטן אין די הענט אן עלעקטרישן טאשן־לאמטערן,
באלויכטנדיק די שטוב און איר אָרעמע אויסשטאטונג. מאקסים
האָט אָנגעצונדן דאָס גאזע־לעמפעלע. די שווארצע שאָטנס האָבן
דאכט זיך, נאָך געדיכטער זיך געלייגט אף די ווענט און
אין די ווינקלען פון דער ניזעריקער כאטקעלע. די פרייסן,
וועלכע זיינען דרייסט געוואָרן אין דער פינצטער, האָבן זיך מיט
א טומל א לאָז געטאָן נעענטער צום אויוון, באהאלטן זיך אין די
שפאלטן, ווייזט אויס, אז זיי האָט אויך אופגערודערט אָט דער
דאָזיקער שרעקלעכער פאן מיט זיין עלעקטרישן לאמטערנדל. זאל־
באפערט זיינען זיי געווען, אָט די ניט דערווארטעטע געסט: דריי
פאָליאקן אין א מיליטערישער אוניפאָרם און דער 4-טער מי־
קיטע צעליעך, וועלכן מע האָט גענומען פאר אן איידעס.
טרייסלענדיק זיך, ווי אין א קאדאָכעס, האָט די אלטע נאסטע
ארופגעצויגן אף זיך א פעלץ און מיט א שרעק ארומגעקוקט
די ניט באקאנטע מיליטער-לייט. פאנאס איז געלעגן אָן באווע־
גונג, א דערשראָקענער אף טויט.
— ווער נעכטיקט דאָ?—האָט א פרעג געטאָן דער געל־וואָנצי־
קער. די פראגע איז געווען אזא נארישע, אזא אומגעריכטע, אז
קיינער האָט זיך ניט געכאפט אין דער ערשטער מינוט וואָס צו
ענטפערן.
— ווער נעכטיקט דאָ?—איז ניט אָפגעטראָטן דער געל-וואָנ-
ציקער.
— אלע... אייגענע מענטשן,—האָט שטאמלענדיק פאר שרעק
א זאָג געטאָן מאקסים. און אין דער זעלבער צייט האָט נאָך
עפעס איינער, א זשוואווער, א פלינקער א צונד געטאָן א לאמ־
טערנדל און האָט מיט אים געלויכטן איבערן שטוב, כאפנדיק

א קוק אפֿן אויוון, אפֿן פּריפּעטשיק און אונטער די נאַרעס. דער דריטער איז געשטאַנען שווײַגעדיקערהייט און האָט אומבאַוועגלעך נאָכגעקוקט און צוגעהערט זיך.

— אַלע געכטיקן? — האָט נאָכאַמאָל איבערגעפֿרעגט מאַקסימען דערזעלביקער געל־וואָנציקער, און קיינער אין שטוב האָט זיך ניט אָפּגערופֿן.

דאַן איז דער געל־וואָנציקער אונטערגעגאַנגען צו פֿאַנאַסן און האָט אים אַ שטורך געטאָן מיטן פֿויסט אין פּלייצע.

— נו, דו... הייב זיך אויף! — האָט ער אַ קאָמאַנדע געטאָן.

פֿאַנאַס האָט זיך אונטערטעניק אָוועקגעזעצט אפֿן געלעגער.

— ביסט געגאַנגען צום טאַטן זען זיך?

ווי מיט אַ מעסער האָט פֿאַנאַסן אַ שניט געטאָן די דאָזיקע פֿראַגע. אין קאָפּ בײַ אים האָבן שנעל־שנעל אָנגעהויבן לויפֿן געדאַנקען. ווי באַלד ער פֿרעגט אַזוי, מיסטאָמע ווייס ער שוין, אַז ער, פֿאַנאַס, איז געגאַנגען צום טאַטן. די ערשטע מינוטן פֿון גרויסן שרעק זײַנען דורכגעגאַנגען.

— כ'בין געגאַנגען! — האָט פֿעסט נאָך אַ קורצן שווײַגן געענטפֿערט פֿאַנאַס.

דער געל־וואָנציקער האָט אים גוטמוטיק אַ קלאַפּ געטאָן אין פּלייצע פֿאַר דעם, וואָס ער זאָגט דעם עמעס, און האָט שוין אים אַ פֿרעג געטאָן אַביסל ווייכער:

— איז וווּ־זשע איז דײַן טאַטע?

— כ'ווייס ניט.

דער געל־וואָנציקער האָט אַ קוק געטאָן אָפּ פֿאַנאַסן שטרענג, האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

— ווי ווייסטו דאָס ניט? דו האָסט דאָך הײַנט באַטאָג געקליבן זיך גיין צום טאַטן?.. נו?..

וואָס האָט פֿאַנאַס געזאָלט זאָגן? עמעס טאַקע, ער האָט זיך בעקליבן גיין צום טאַטן. אָבער בײַ פֿאַנאַסן איז דורכגעלאָפֿן

א געדאנק, צי וויל אים ניט אָט דער דאָזיקער געלער טײַוול אויסכיטרעווען. האָט ער זיך אויך געלאָזן אפּ כיטריקעס.

— באַטאָג גיי איך ניט צום טאַטן.

— לײַגסטו! — האָט א געשריי געטאָן דער געל־וואָנציקער: — ווױהינ־זשע דען גייסטו באַטאָג? — ער האָט געמיינט, אז ער האָט דאָ געפּאַקט פּאַנאַסן. נאָר פּאַנאַס האָט פעסט געענטפערט:

— איך גיי אפּן בלאָטע צווײַגן שנײַדן, די כודאָבע קאָרמע־נען. בא אונדז האָט מען דאָס היי צוגענומען.

דער דאָזיקער ענטפער האָט דעם געל־וואָנציקן אראָפּגעשלאָגן פון וועג.

— איז וואָס־זשע האָט דיר דער טאַטע געזאָגט?

— ער האָט געזאָגט, אז מען זאָל צו אים מער ניט גיין.

— איז ווו האָסטו זיך באגעגנט מיטן טאַטן?

— אין וואַלד.

— וועגן וואָס האָט איר גערעדט?

— הועגן אַלץ: וועגן דער כודאָבע, וועגן קאָרם...

— און וואָס האָט נאָך געזאָגט דער טאַטע?

— ער האָט געזאָגט, אז ביז וועסנע וועט ער אהיים ניט קומען.

— לײַגסט, לײַדאַק! — האָט א דונער געטאָן דער געל־וואָנציקער.

— פּאָרעצל! האָט א זאָג געטאָן מאַקסים: — דער פּאָטער אונ־דזערער איז אַן אַלטער מאַן. אים איז זיבעציק יאָר. ער האָט זיך אביסל צעהיצט, האָט זיך אַליין דערשראָקן און איצט האָט ער מוירע אהיים ווײַזן זיך.

— האָ, האָ, הינטישע מאַמע דײַנע! ער האָט מוירע!.. און פאַרוואָס איז א באָלשעוויק אײַנגעשטאַנען בא אײַך דאָ אין דירע?

און נאָך מער הייבנדיק דעם טאָן, האָט ער וואַרפּ געטאָן מאַקסימען אין פּאָנעם אַרײַן:

— ווו איז ער, דער אַלטער קעלעוו?

די אַלטע גאַסטע האָט זיך ווי אַ קנויל אַראָפּגעקײַקלט פֿון אויוון און איז געפֿאַלן צו די פֿיס דעם געלן פּאַן.

— אײַ, דו פּאָרעצל! אוי דו גאָלד מײַנער! וואָס איז עס אָפּ אונדז פּאַר אַן אָנשיקעניש? דאָס לעצטע ביסל היי האָט מען צוגענומען. די כודאָבע פֿייגערט פֿון הונגער. דער אַלטער איז פֿון שטוב אַנטלאָפֿן. און ער איז דאָך גאָרניט שולדיק. מען האָט אים געשלאָגן, געשטורכעט... פּאַרוואָס פּײַניקט איר עס אונדז אַזוי!

דער געל-וואָנציקער האָט מיט פּאַראַכטונג פֿון אויבן אַראָפּ אַ קער געטאָן זײַן מערדערישע מאָרדע צו דער אַלטע גאַסטען, ער האָט גאָרנישט ניט געזאָגט, פּונקט ווי די אַלטע גאַסטע וואָלט עס ניט פֿאַרדינט, אַז מען זאָל זיך אָפּרופֿן אָפּ אירע ווערטער. און אַז זי האָט אים אַ צווייטן מאָל אָנגעהויבן בעטן, האָט ער אַ געשריי געטאָן:

— שווײַג!

און דערנאָך האָט ער רויִק און אַכזאָריעסדיק פֿאַרענדיקט זײַן וויזיט.

— נו, כעוורעמאַן,—האָט ער זיך געווענדעט צו פּאַנאַסן,— קלײַב זיך אײַן וועג אַרײַן.

און אַז מע איז אַרויס פֿון שטוב און מע האָט געפֿירט פּאַנאַסן האָט ער געזאָגט פֿעסט און דײַטלעך:

— וועט קומען צו אונדז דער טאַטע—וועלן מיר באַפֿרײַען דעם זון!

IX

דער אַלטער טאַלאַש און מאַרטין ריל האָבן דערציילט איינער דעם צווייטן וועגן זייערע געשעענישן, האָבן זיך אָנגעהויבן אײַ־צען, וואָס טוט מען ווײַטער. וווהין גייט מען. דעם אַלטן האָט ניט געלאָזט רוען דער געדאַנק וועגן דער היים, וועגן פּאַנאַסן, און די פֿראַגע, פֿאַרוואָס איז ניט געקומען פּאַנאַס, האָט אַרויס־גערופֿן אומרו אינעם אַלטנס האַרצן און האָט זיך געלייגט ווי אַ שווערער שטיין אָפּ זײַנע אַלטע פּלייצעס.

מארטין ריל האָט אויך געטראַכט וועגן זײַן היים. וועגן דער ווײַב און קינדער. וועגן זײַן ווירטשאַפט. אי דער, אי יענער האָט געדאַרפט אָפּ עפּעס זיך באַשליסן, קלאָר מאַכן די לאַגע, פּאָטער ווערן פון אָט דער ניט זיכערקייט. מארטין ריל האָט זיך באַגעגנט מיט פאַרשיידענע מענטשן און די מענטשן האָבן דערציילט וועגן דער אַכזאָריעסדיקייט פון דער פּוילישער מיליטערשטשינע, וועגן זייערע שרעקלעכע מעשׂים. און אָט די דאָזיקע אַכזאָריעסדיקייט האָט אַרויסגערופן אַן אַלגעמיינע אויפרעגונג דאָרט, ווו די פּריצישע מאַכט פאַרפירט אירע פאַראַנדקעס, ווו זי באַציט זיך באַזונדערס גרויזאַם צו דער אָרעמקייט, צו פּערזאָנען, וועלכע זײַנען פאַרדעכטיק אין באָלשעוויסטישער רעוואָליוציע. אָט די דאָזיקע אויפרעגונג קעגן די פּריצים און קעגן דער פּוילישער אָפּיצערשטשינע פלעגט זיך ערטערווײַז אויסגיסן אין אַן אויפשטאַנד. און די פּאָליאַקן נעמען אָן אַלע מיטלען אָפּ אויסוואָרצלען דעם גײַסט פון ניט־געהאָרכזאַמקײַט. און אָט דער פּאַל מיטן אַנטוואָפענען דעם פּוילישן קאָנוואָי, ווו עס האָט אויך גענומען אַן אָנטייל מארטין ריל, וועט נאָכמער אויפברענגען זייער צאָרן און וועט זיי צווינגען שטעלן זיך אָפּן וועג פון וואַכזאַמקײַט, נעקאָמע און אומבעראַכמאָנעסדיקן צערעכענען זיך מיט די, אָפּ וועמען עס וועט פאַלן זייער כשאַד. דער אַלטער טאַלאַש האָט געהערט און האָט זיך געטרייסלט פון קאַעס אָפּ די פּריצים, אָפּ דער פּוילישער אָפּיצערשטשינע, אָפּ דעם אומרעכט. אָט די דאָזיקע סינע און צאָרן איז ווי אַ פײַער פאַנאַנדערגעגאַנגען זיך איבער זײַנע אָדערן און האָט פאַרפילט אַלע ווינקעלעך פון זײַן נעשאָמע. קיין ווערטער האָט דער אַלטער טאַלאַש ניט געפונען אָפּ אַרויסזאָגן אָט דעם גאַנצן שטורעם פון זײַן אויפרעגונג און האַס צו די אָקופּאַנטן.

— שנײַדן, בראָקן, ברענען זיי, די קאַנאַליעס אָפּן פײַער!

אָבער די לאַגע איז געווען אַזאַ, אַז מען האָט געדאַרפט זײַן זייער פּאָרזיכטיק, קעדיי ניט אַרײַנפּאַקן זיך אין די פּריצישע הענט.

דאָס דאָרף וועפרי, ווו עס האָט געוווינט מאַרטין ריל, איז געווען אַפּן וועג צו דעם אַלטן דאָרף. צו דעם אַלטנס דאָרף איז פון דאַנען געווען אַ קילאָמעטער פיר. זאָלבענאַנד איז זיי געווען פריילעכער און היימלעכער, באַזונדערס, אויב מען זאָל נאָך נעמען אין אַכט מאַרטינס קאַראַבין. אָט פאַרוואָס זיי האָבן טאַקע אויסגעקליבן אַזאַ פּלאַן: פאַרגיין צום אַלטן טאַלאַשן, דער־וויסן זיך ווי און וואָס, דאָרטן איבערבײַסן און איבערנעכטיקן, אויב עס וועט מעגלעך זײַן. און דאָרטן וועט מען שוין בעסער וויסן, וואָס מען דאַרף טאָן ווײַטער. אין פינצטער פון דער נאַכט איבער טויבע וועגעלעך און סטעזשקעלעך האָבן זיי זיך געלאָזן מיטן וועג צו זייערע דערפער.

ניט דערגייענדיק אַ קילאָמעטער אָנדערהאַלבן ביזן דאָרף, זײַנען זיי פאַרבײַגעגאַנגען דעם הויפל, וואָס איז געגאַנגען ביזן דערבײַטן דאָרף, האָבן זיך פאַרקערעוועט אָנאַזײַט און פאַוואָליע אַ קער געטאָן זיך צו טאַלאַשס שטוב, אָפּשטעלנדיק זיך און צו־הערנדיק זיך.

ס'איז שוין געווען טיפע נאַכט. דאָ און דאָרט האָבן אין די הײַזער געפינקלט טונקעלע פײַערלעך. פונעם צווייטן עק דאָרף האָט זיך הילכיק געטראָגן אַ הינטיש בילן. אָט די דאָזיקע פוסט־קײַט און אָנגעצויגנקײַט פון דער ווינטערדיקער שטילקײַט האָט צוגעגעבן עפּעס אַ באַזונדער שוידער דעם בילן פון אַ הונט, וואָס עמעצער האָט צערייצט. אין אַ מינוט צוויי אַרום האָבן אָנגעהויבן צושטייגן די שטימען פון אַנדערע הינט, אי דינע, אי דײַסנדיקע, אי גראָבע. לעסאָף האָט דאָס געביל אויפגעהערט און די שטילקײַט האָט ווידער פאַרהילט דאָס דאָרף.

דער אַלטער טאַלאַש און זײַן מיטגייער זײַנען געשטאַנען שווײַגנדיק, ביז עס האָט ניט אויפגעהערט דאָס הינטישע בילן. זיי זײַנען געשטאַנען אין די קוסטעס, פון וואַנען עס האָט זיך ניט דײַטלעך אויסגעמאָלט פון דער פינצטער דער שוואַרצער סילועט פון דעם אַלטנס שטיבל.

— שטיי א ווײַלע, טײַערער מײַנער, דאָ. און איך וועל גייב דערוויסן זיך, ווי איז דאָרט און וואָס, און וועל דיר געבן צו־וויסן.

מארטין איז געבליבן שטיין אין די קוסטעס, און דער אלטער טאלאש איז פארשוווּנדן געוואָרן פון די אויגן, איז צערונען גע־וואָרן אין דער פינצטערניש. ער איז פאַרזיכטיק צוגעגאנגען צו דעם נידעריקן פענצטערל פון זײַן שטיבל, האָט זיך אײַנגעהערט און שטילינקערהייט א קלאפ געטאָן אין דער פארפראָרענער שויב. די אלטע נאסטע איז ניט געשלאָפן, געטראכט אלץ וועגן פאנאסן און וועגן דעם אלטן טאלאשן. אָט דער דאָזיקער ניט דרייסטער, פאָרזיכטיקער קלאפ האָט שטארק פארווּנדערט די אלטע און האָט געצווּנגען איר הארץ אָנהייבן צו קלאפן. אזא קלאפן אין פענצ־טער האָט זי שוין געהערט ניט איין מאָל פאר די לאנגע יאָרן פון איר צוזאמענלעבן מיטן אלטן. זי איז גיך, אַפּ וויפל איר עלטער האָט איר דערלויבט, צוגעלאָפן צום פענצטער און האָט אויך שטיל אָ קלאפ געטאָן. אלס ענטפער, האָט זיך דערהערט פון הויף ווידער א קלאפ אין פענצטער.

בא דער אלטינקער נאסטען איז שוין קיין שום צווייפל ניט געווען. האָט זי ארופגעוואָרפן אפ זיך דעם פעלצל, האָט ארײַנגע־רוקט די פיס אין א פאָר שקראבעס, פארבײַגייענדיק האָט זי אופ־געוועקט מאקסימען.

— דער טאטע איז געקומען!—און איז אוועק עפענען די טיר, סטארענדיק זיך ניט אָנמאכן קיין טומל.

איבערטרעטנדיק דעם שוועל פון זײַן שטוב, איז טאלאש גע־בליבן שטיין.

— וואָס הערט זיך?—האָט ער א פרעג געטאָן בא דער אלטער נאסטען.

די אלטינקע נאסטע האָט א ווײַלע געשוויגן.

— פאנאסן האָבן די פּאָליאקן צוגענומען!—האָט זי שטיל אָפּ־געענטפערט.

דעם אלטן טאַלאַשן האָבן געגומען טרייסלען הענט און פיס. א שאַרפער ווייטעק איז אונטערגעגאַנגען סאַמע צום האַרצן.

— ווען האָט מען צונעגומען?

— נעכטן באַנאַכט. מען האָט זיך אַריַינגעריסן אין שטוב, גע־טרייסלט, געשמיסן אונדז. מען האָט געוואָלט דערגיין, ווו ביסטו.

— איז פאַרוואָס זשע האָט מען אים גענומען?

— עמעצער האָט אונטערגעמאַסערט, אַז ער איז געגאַנגען צו דיר אין וואַלד, — האָט געענטפערט מאַקסים און גיך זיך אָנגעטאָן.

— מ'האָט אַלץ געוואָלט דערגיין, ווו געפינסטו זיך. — האָט געגעבן צו פאַרשטיין די אַלטע נאַסטע.

זי האָט ניט געוואוגט אויסזאָגן דעם שרעקלעכן עמעס: פאַנאַסן וועט מען דערמאָרדן, ווען צו זיי וועט קומען דער טאַטע.

וויסט איז געוואָרן דעם אַלטן אַפּ דער נעשאָמע. א שטילקייט, א פינצטערניש און אַז אומעט האָבן אָנגעפילט דאָס שטיבל.

די אַלטע נאַסטע האָט זיך אָנגעהויבן פּאָרען אַרום אויוון און געוואָלט אָנצינדן דאָס קליינע לעמפּעלע.

— פאַרהענג א פריַער די פענצטער, — האָט שטילערהייט באַ־מערקט דער אַלטער טאַלאַש. דאָס אַרומשלעפּן זיך און אויסבאַ־האַלטן זיך אין די וועלדער האָט אים געמאַכט פאַר זייער א פּאָר־זיכטיקן.

— מיט מיר איז דאָ מאַרטין ריל. ער איז געבליבן שטיין אין די קוסטעס. ער באַהאַלט זיך אויכעט אויס ווי איך. איך וועל אים גיין א רופּ טאָן. און דו, מאַקסים, היט צו אַפּן הויף.

אין שטוב איז געבליבן די אַלטע נאַסטע אַליין. זי האָט שטשיל־נע פאַרהאַנגען די פענצטער, האָט פאַנאַנדערגעלייגט פייַער אַפּן פּריפּעטשיק און גענומען זיך מאַכן וועטשערע פאַר די אומגע־ריכטע געסט. א שרעק האָט איר אָנגענומען — און וואָס וועט זיַין, אַז די פּאָליאַקן וועלן קומען? די דאָזיקע שרעק האָט זי ניט אָפּ־געלאָזן די גאַנצע צייַט, וואָס אין שטוב האָבן זיך געפונען דער אַלטער טאַלאַש און מאַרטין ריל.

און זיי זײַנען זיך געזעסן באַם טיש און געגעסן וועטשערע. די יעדיִע, אַז מען האָט פּאַנאַסן אַרעסטירט, האָט טיף אָפּגע־רודערט דעם אַלטן טאַלאַשן. ער איז געזעסן אַן אומעטיקער, מיט אַן אַנגעכמורעטן צעקנייטשטן שטערן און האָט געטראַכט.

— איין מיטל איז פֿאַראַן אַף אַרויסצוראַטעווען פּאַנאַסן, — האָט ער שטיל פֿאַרטראַכטערהייט געזאָגט: — אָפּגעבן זיך אַליין צו זיי אין די הענט. צוליב דעם טאַקע האָבן זיי דאָך דאָס געטאָן.

די אַלטע נאַסטע האָט טיף אַ זיפֿץ געטאָן, באַשטעטיקנדיק אָט דעם דאָזיקן ביטערן עמעס.

אַף אַ ווײַלינקע האָט אַ שווערע שטילקײַט אַרומגענומען די שטוב.

— פֿאַראַן אויך אַ צווייטער מיטל ווי צו באַפֿרײַען דעם כעוור־רעמאַן, — האָט צעשטערט די שטילקײַט מאַרטין ריל: — וועגן דעם דאָזיקן מיטל דאַרף מען אַ טראַכט טאָן.

דער אַלטער טאַלאַש איז מיטאַמאָל ווי לעבעדיק געוואָרן.

— זאָגסט מיט אַן עמעס, מאַרטין? — און דער אַלטער טאַלאַש האָט אַ טרייסל געטאָן רילן פֿאַר די פּלייצעס, — אָבער זאָג, ווי זאָל מען דאָס מאַכן?

— מען דאַרף אַ טראַכט טאָן, — האָט זיך מאַרטין אויסגעדרייט פֿון אַ גלײַכן ענטפֿער, אָבער אין קאָפּ בא אים איז, קענטיק, עפּעס יאָ געווען אַ פּלאַן.

— ווייסטו וואָס, דיאַדקאָ ריהאָר, — האָט ער אויפֿגעהויבן די אויגן אַפֿן אַלטן טאַלאַשן: — יאַוועט זיך צו זיי דאַרף מען ניט. און טאַקע צו וועמען יאַוועט זיך? צו אָט די דאָזיקע מענוואָלים? מע וועט דיך אַליין אַוועקזעצן דאָרטן און דעם כעוורעמאַן וועט מען ניכער פֿון אַלץ ניט אַרויסלאָזן. גיין אַהין — הייסט אונטערגעבן זיך זיי. אַ קריינק זיי אין די זײַטן!

— איך מיין אויך טאַקע אַזוי, טײַערינקער... עהע! אַזוי צי אַזוי, אָבער לעבן רויִק וועט מען אונדז סײַווי ניט לאָזן... ניט דו און ניט איך קענען בלײַבן אין דער היים.

און אראָפּלאָזנדיק די שטים, סוידעסדיק האָט דער אלטער א זאָג געטאָן אופגערעגט.

— מען דארף זיך איבערפעקלען אין וואלד און ניט זיצן דאָרטן צונויפגעלייגט די הענט און קוקן רויִק פון דער זײַט, וויִאזוי זיי באלעבאטעווען און שאפן זיך מיט אונדז.

ניט דער אלטער טאלאש און ניט מארטין ריל האָבן דערעדט זייערע געדאנקען ביזן סאָף, אָבער זיי האָבן זייער גוט פארשטאַנען איינער דעם צווייטן.

קיין אנדער זאך בלײַבט אונדזו ניט צוטאָן, דיאדקע ריהאָר.

— עך, איך האָב ניט קיין גוטע ביקס!—האָט מיט פארדרוס א זאָג געטאָן דער אלטער טאלאש.

ריל האָט צוגעשוויגן: ער האָט זיך געפילט א ביסעלע ווי שולדיק פארן אלטן טאלאשן, וואָס בא אים איז פאראן אזא גוטער קאראבין, פון וועלכן מע קאָן אויסשיסן זיבן מאָל נאָכאנאנד.

— אָבער איך וועל זיך קריגן א רעכטע ביקס, אַן עמעסע,— און דער אלטער טאלאש האָט צוגעקוועטשט מיטן פויסט דעם טיש און שווײַגנדיק א ווײַלע האָט ער א זאָג געטאָן, ווי ער וואָלט ענטפערן אפ זײַנע געדאנקען:

— אָבער איין ביקס איז נאָך ווייניק... עס איז נאָך ווייניק, ברודערל, איין ביקס, מעג זי זײַן אפילע ווי גוט!

— עמעס,—האָט א שאָקל געטאַן מיטן קאָפּ מארטין.

אין שטוב איז ארײַן מאקסים.

— ס'איז שטיל און רויִק,—האָט ער איבערגעגעבן.

די מאנצביל האָבן זיך אן אייצע געהאלטן.

די מידקײַט האָט זיי געבראכט צום געדאנק, אז זיי זאָלן דאָ בלײַבן נעכטיקן און מאָרגן באגינען אוועקלאָזן זיך וואנדערן ערגעץ ווײַטער. אזוי האָבן זיי טאקע געטאָן.

מאקסים האָט ווידער זיך געשטעלט אפ דער וואך און דער אלטער טאלאש און מארטין ריל האָבן זיך צוגעלייגט ניט קיין אויסגעטאַנענע.

כאָטש דער אלטער טאלאש איז געווען זייער אן אײַנגעמאטער־
טער, איז ער דאָך ניט גלײַך אנשלאָפן געוואָרן. א ווײַלע האָט
ער געשמועסט מיט דער אלטער נאסטען און דערנאָך בלײַבנ־
דיק אליין האָט ער געטראכט וועגן פאנאסן, וועגן דעם ווי צו
באפרײַען אים פון דער פוילישער טורמע. און אויך האָט ער געט־
ראכט וועגן דעם, ווי קריגט מען זיך א רעכטע ביקס. דעם אלטנס
פאנטאזיע האָט זיך א ביסל צעשפילט און איז אומגעצאמט ארי־
בער די גרענעצן פון די רעאלע מעגלעכקײַטן. און דערנאָך איז
ער געשמאק אנשלאָפן געוואָרן. באגינען האָט דער אלטער און
מארטין פארלאָזן דאָס שטיבל און אוועקגעגאנגען אין דער גע־
דיכטעניש פון וואלד. דער וואלד און די פּאָלעסיער בלאָטעס וועלן
ווערן איצט זייער אָפּרו־ווינקל און זייער שטוב.

X

אומבאוועגלעך איז געשטאנען דער געדיכטער אָפּגעשטאָרבע־
נער וואלד. הארט טוליען זיך שפּיצן ביימער צו שפּיצן ביימער,
ס'פלעכטן זיך איבער די צווײַגן, באדעקטע מיט א ווײַסער טוך
און ברעכעוודיקן, שאָרכנדיקן פראָסט־ווײַס. ניט קיין כײַע, ניט
קיין מענטש, ניט קיין פויגל האָבן ניט געשטערט זײַן פרימאָרגנ־
דיקע רויִקײַט. ס'האָט נאָר טרוקן אין דער געדיכטעניש פון די
צווײַגן געקנאקט דער פראָסט, איבערשפּרינגענדיק פון א בוים
אף א בוים. עס האָט אָנגעהויבן טאָגן. פון דער פינצטערניש
האָבן זיך אויסגעטיילט די שלאנקע שטאמען פון אָסינעס, אל־
טע הויקערדיקע דעמבן, שורפאטע, קרומע בעריאָזעס, אָפּגע־
בראָכענע פון שטורעם, הויכע פאנאנדערגעשפּאָלטענע שטיקער
ביימער און אָפּגעזעגטע שטאמען; מיט ווײַסע קײַלעכדיקע היטלען,
מיט פארשארפטע שפּיצן און ווײַסע קאָנוסן האָבן זיך אויסגע־
שטעלט איבערן וואלד פײַן־פארונדיקטע שניי־בערגלעך. דער שניי
האָט געסקריפּעט אונטער די פיס פון דעם אלטן טאלאשן און
פון דעם שווערן מארטינס ריל. געגאנגען זײַנען זיי ניט געײַלט,

אויסקלײַבנדיק די סאמע פארוואָרפענע ווינקעלעך און סטעזשקעס, אויסמײַדנדיק געפערלעכע ערטער. געגאנגען זײַנען זיי שווײַגנדיק, פארטיפט אין אומרויִקע געדאנקען.

דער אלטער טאלאש איז א מענטש אן אײַנגעשלאָסענער אין זיך. אבי ווען ווייסט ער זיך ניט שטעלן דערציילן, וואָס ער טראכט, באזונדערס נאָך ווען עס רעדט זיך וועגן ווילכטיקע זאכן. זײַנע פלענער טראָגט ער אויס ביז דער געהעריקער צײַט. אָבער אויב ער האָט שוין עפעס באשלאָסן, וועט ער ניט אָפטרעטן, ביז ער וועט זיך ניט דערשלאָגן זײַנס. אזוי איז אויך איצטער. דער אלטער טאלאש האָט, ווי א מוטער איר קינד, אויסגעטראָגן זײַן אומרויִקן געדאנק. לעכאטכילע האָט דער געדאנק אויסגעזען מאָדנע און ניט דרייסט, אָבער ביסלעכווײַז איז ער אלץ מער און מער בוילעטער געוואָרן, אלץ אָפטער און אָפטער האָט דער געדאנק באומרויִקט דעם אלטנס קאָפּ, האָט אָנגענומען א רעאלע פאָרמ און האָט אקשאָנעסדיק געפאָדערט אויסדריקן אים אין פראקטישער טעטיקײַט. און אָט צו דעם טאקע האָט געפירט די געשעעניש מיט זײַן פאנאסן. עס איז רײַף די באדערפעניש דורכצורײדן זיך וועגן דעם מיט א לעבעדיקן מענטשן, מיט אזא מענטשן, וועלכער זאָל אים פארשטיין און זאָל אים קומען צו הילף, ווײַל דעם אלטנס געדאנק איז געווען אזא, וואָס האָט געפאָדערט הילף פון דרייסטע מענטשן.

— ווי מיינסטו, מארטין, — האָט צעשטערט די שטילקײַט דער אלטער טאלאש:

— מע וואָלט געקענט אונטערקלײַבן אזעלכע גוטע יאטן... נו, ווערליק ניט קיין גרויסע מיליטערישע טייל.

מארטין ריל האָט א קוק געטאָן אפן אלטן טאלאשן. ער שטעלט זיך אָן, ווו־היין דער אלטינקער צילט. איז אים טשיקאווע וויסן, ווי דענקט דעם דאָזיקן איניען דער אלטער טאלאש.

— מע זאָל גוט א זוך טאָן, קען מען געפינען מענטשן, — זאָגט ער זיכער און גיט נאָך צו: — אָט איך און דו — זײַנען שוין צוויי.

— עהע!—רופט זיך אָפּ דער אַלטער טאַלאַש, און זײַנע אויגן קוקן ערגעץ אין דער טיף.

— מענטשן, דיאַדקאַ ריהאָר, זײַנען פאַראַן. מע דאַרף זיי נאָר צונויפקלײַבן און אָפּ אַ גוטן וועג אַוועקשטעלן און געבן זיי אַ גוטן קאָמאַנדיר.

— אָט, טײַערינקער, טראַכט איך טאַקע וועגן דעם.

זיי ווערן אַנשוויגן, זיי טראַכטן. מאַרטין וואַרט, ביז דער אַלטער וועט זיך אַרויסזאָגן ביזן סאָף.

— וועלן זײַן מענטשן, וועט זיך שוין געפינען אויך אַ מענטש, וועלכער זאָל מיט זיי קאָמאַנדעווען.

— אָפּטמאָל איז איין מענטש טײַערער פון אַ גאַנצן צענדליק מענטשן.

— עהע!.. אָבער איין מענטש איז דאָך אַ קנאַפּע קראַפט.

זיי זײַנען ווידער אַנשוויגן געוואָרן אויף אַ ווײַלע.

— דו האָסט געהערט,—פרעגט דער אַלטער,—אַז אין די וועלדער איז באַהאַלטן געוואָרן געווער פון דער דײַטשישער מיליטער, ווען די סאָלדאַטן האָבן דעם פראָנט פאַרלאָזן.

— ס'גייען אַזוינע קלאַנגען! מיסטאָמע איז עפּעס פאַראַן. מען זאָגט, אַז עס זײַנען פאַראַן אויך באַהאַלטענע קוילנוואַרפער... און אַסאַך ליגט באַהאַלטן אין די הײַזער.

— ווען מע זאָל צונויפקלײַבן מענטשן,—זעצט פאָר דער אַלטער זײַן געדאַנק,—וואָלט געווער שוין אויך געפונען זיך.

און אַראָפּלאָזנדיק די שטימע, גייט ער איבער צום סאַמע וויכטיקסטן מאָמענט פון זײַן שמועס.

— הער זיך אײַן, טײַערינקער מײַנער! מיר וואָגלען אום, ווי די פאַרשאָלטענע, טוליען זיך ווי פרײַסן אין די שפּאַלטן, צו זיך אַהיים גאַנווענען מיר זיך אַרײַן ווי גאַנאָווים. און וואָס האָבן מיר אַזוינס געטאָן? וואָס איז אונדזער שולד? פאַרוואָס זשע וועט מען דאָס אונדז שלאָגן און נעריקן אַזוי? פאַרוואָס?

— וואַרט אויס, דיאַדקאַ ריהאָר, אָט וועט קומען דער פרילינג

וועט זיך נעמען הוידען דער זומפ־באָדן אפ די בלאָטעס, דער וואלד וועט זיך צערוישן, ווי ער האָט נאָך קיינמאָל ניט גערוישט.

— אָבער פון זיך אליינ וועט זיך דאָך עס ניט טאָן, מארטינ.

אונ אראָפּלאָזנדיק די שטימ ביז שעפּטשען, זאָגט דער אלטער טאלאש ווייטער:

— לאָמיר, מארטינ, נעמענ זיך פאר דער ארבעט.

— נו, איז וואָס־זשע? איך בינ מאסקימ, נאָר איך ווייס ניט, וואָס האָסטו, פעטערקע, פארטראכט.

— דעמ אוילעמ צונויפקלייבנ, אונטערוואָרעמענ אימ, ער זאָל ארויסטרעטנ קעגנ די הענקער, די בלוט-זויגערס. צו וואָס זאָלנ מיר ליידנ, אפ וואָס קאָנענ מיר דאָ האָפנ? ווארטנ ביז מע וועט אונדז איינציקווייז אלעמענ איבערכאפּנ? וואָס זײַנענ מיר, אויב מיר זײַנענ פאנאנדערגעוואָרפנ איינציקווייז? שטויב, א טרוקנ בלעטל, וועלכנ ס'טרייבט דער ווינט איבערנ פעלד. איז די ערשטע זאך, וואָס איך וויל טאָנ אונ צו וואָס איך בעט דײַנ הילפ — איז מײַנ פאנאס. ער איז דאָך נאָך גאָר א קינד, דעמ אלטנס שטימע האָט אָנגעהויבנ ציטערנ, — פארוואָס, זשע קומט ער אָפּ אזוי? איך וועל זיך ניט בארויִקנ, איך וועל ניט אָפּטרעטנ, כאָטש דעמ קאָפּ אוועקלייגנ, ביז איך וועל ניט ארויסרייסנ פונ זייערע בלוטיקע הענט פאנאסנ. אָבער ווי באפרײַט מענ אימ? מיט קויעכ. מענטשנ דארפ מענ האָבנ. כאָטש א צענדליק דרייסטע באוואָפנטע מענטשנ. איך וועל גייג זוכנ אָט די דאָזיקע מענטשנ, אָבער זוכ זיי אויכ דו.

מארטינ האָט א קוק געטאָנ אפנ אלטנ טאלאשנ. דעמ אלטנס אויגנ האָבנ געברענט מיט א אומרויִקנ פײַערל אונ האָבנ געפּלעפּט מארטינענ, האָבנ בא אימ אָפּגענומענ זײַנ ווילנ.

— דיאדקא ריהאָר! פאר 5 מענטשנ קאוויר איך, איך וועל זיי געפינענ, זאָג נאָר, ווו קענ מענ דיך געפינענ אונ ווענ.

דער אלטער טאלאש האָט אראָפּגערוקט די היטל פונ שטערנ,

ווי זי וואָלט אים געשטערט טראַכטן, האָט אָנגעכמורעט די ברעמען, זײַנע אויגן האָבן זיך ווידער אײַנגעשפּאַרט אין די ווײַטן, ווי ער וואָלט אַרײַנגעקוקט אין די געשעענישן פון די קומענדיקע נאָענסטע טעג. און נאָך דעם, ווי ער האָט געטראַכט א ווײַלע, האָט ער געזאָגט:

— צײַל אָפּ פון הײַנטיקן פרימאָרגן פונקט דרײַ טעג. אפּן דריטן טאָג, ווען עס וועט גוט פינצטער ווערן, זײַ אין דאָלגי־בראָד און וואַרט, ביז עס וועט ניט אָנהייבן ווויען א וואָלף. דאָס וועל איך וווּיען (דער אַלטער טאַלאַש האָט געקאָנט זייער גוט ווויען ווי א וואָלף), איך וועל א ווויע טאָן דרײַ מאָל מיט איבערײַסן. אָט ווי דו וועסט מיך געפינען. געדענק־זשע דאָס גוט.

— פון הײַנטיקן פרימאָרגן אָפּצײלן פונקט דרײַ טעג. אפּן דריטן טאָג, אַז עס וועט גוט פינצטער ווערן, זײַן אין דאָלגי־בראָד און וואַרטן, ביז עס וועט אָנהייבן ווויען א וואָלף. דער וואָלף וועט ווויען דרײַ מאָל מיט איבערײַסן און דעמלט וועל איך דיך געפינען.

— עהע, אַזוי! — האָט באַשטעטיקט דער אַלטער טאַלאַש און האָט א קוק געטאָן מיט א דויערנדיקן אויספאָרשנדיקן קוק מאַרטינען אין די אויגן. מאַרטין האָט אויך א קוק געטאָן אין דעם אַלטנס טונקעלע אויגן, פילנדיק זייער מאַכט איבער זיך. און דערנאָך האָט ער ניט ווילנדיק אַראָפּגעלאָזן זײַנע אויגן.

— וואָס קוקסטו עפּעס, פעטערקע, אַזוי אָף מיר? איך וויל זײַן זיכער אין דיר און די אויגן דײַנע זאָגן מיר, אַז דו לײַגסט ניט.

מאַרטין האָט שווײַגנדיק א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

— און אויב איך וועל ניט דערהערן, ווי עס וויעט א וואָלף לעבן דאָלגי־בראָד? — האָט ער א פרעג געטאָן.

— דעמלט וואַרט אָף מיר אינדערהיים. איך וועל דיך געפינען, אויב איך וועל זיך ניט ספּראַווען פאַר דער צײַט.

— גוט.

— נו, טײַערינקער, זײַ מיר געזונט און גליקלעך. זײַ פֿאַר־זיכטיק, ווײַל דיך זוכט מען עפּשער שוין איצט. איך וועל פֿאַר־לאָזן זיך אָפּ דיר. גיי דערווייס זיך, וואָס הערט זיך בײַ דיר אינדערהיים און געדענק, וועגן וואָס מיר האָבן מיט דיר גערעדט. איז אָפּן דריטן טאָג, אַז עס וועט גוט פֿינצטער ווערן... דאָלגיי־בראָד. עס וועט זײַן אַ וואָלף.

מארטינען איז געווען ניט גאָר אָנגענעם, ווען ער האָט גע־הערט אָט די דאָזיקע ווערטער און די שטײַפֿע שטים פֿון דעם אַלטן טאַלאַשן. דער אַלטער האָט פֿעסט, ווי מיט צוואַנגען גע־דריקט די האַנט פֿון זײַן מיטגייער, מיט וועלכן ער האָט זיך צו־נױפֿגערעדט. ער האָט דערמיט געגעבן אים צו וויסן, וואָס פֿאַר אַ קראַפֿט עס איז נאָך באַהאַלטן אין דער שטײַפֿער און האַרטער אַלטער האַנט.

און אַביסל אָפּוואַרטנדיק, ווען די געזעצטע פֿיגור פֿון דעם אַלטן טאַלאַשן האָט זיך פֿאַרלאָרן צווישן די שורפּאַטע ביימער, האָט מאַרטין פֿאַר זיך אַליין אַ טראַכט געטאָן: „וווּהין איז ער דאָס אוועקגעגאַנגען? פֿאַרוואָס האָב איך דאָס אים ניט געפֿרעגט?“.

XI

דער אַלטער טאַלאַש איז ווידער אַליין. ער גייט דורך די וואַלד־געדיכטענישן, דורך פֿינצטערע וועלדלעך. ער גייט מיט אַ באַשטימטן צוועק. דער אַלטער דאַרף געפֿינען דעם רויט־מיליי־טערישן טייל פֿון יענעם קאָמאַנדיר, וואָס איז געשטאַנען בײַ אים קוואַרטיר. דעם אַלטנס פּלאַן איז אַ פּאָשעטער. איבערגיין אָפּ דער ליניע פֿון דער רויטער אַרמיי. און דאָרטן וועט ער זיך פֿאַנאַנדערפֿרעגן, וווּ עס געפֿינט זיך דער קאָמאַנדיר פֿון באַטאַ־ליאָן, וועלכער איז געשטאַנען בײַ זיי אין דאָרף, — דער אַלטער וועט אָנרופֿן דעם דאָזיקן דאָרף. צום גליק האָט ער געוווּסט אויך די פֿאַמיליע פֿון דעם קאָמבאַט — שאַליאָכין. דער אַלטער וועט

אים דערציילן וועגן זײַן אומגליק, וועט אים אויסגיסן זײַן פאַ־
טערלעכע ביטערע הארץ. ער וועט אים אויך דערציילן וועגן דעם
ווײַספוילישן מיליטער — וועגן דעם האָט דער אלטער עפעס יאָ
געוווּסט. ער האָט געוווּסט אייניקע פונקטן, ווי דאָס מיליטער שטייט,
און ער ווייס אסאך וועגן דעם וויאַזוי עס פירן זיך אוף די פוילישע
לעגיאָנערן און זייערע אָפיצערן. ניט שוין־זשע וועלן אָט די דאָזיקע
ידיעות ניט זײַן אינטערעסאנט פאר א מיליטער־קאָמאנדיר? דער
אלטער טאלאש וועט נאָך מער טאָן: ער וועט פאָרלייגן זײַנע דינסט,
זײַן אן אויסשפירער, זאמלען די נייטיקע ידיעות וועגן דעם, ווי
די לעגיאָנען געפינען זיך. ווער, אויב ניט ער, וועט באַווײַזן די
וועגן אין די וועלדער און די דורכגאנגען אין די בלאָטעס? און
דאָס סאמע וויכטיקסטע, וואָס דער אלטער טאלאש וועט זאָגן, איז
דאָס, אז ער האָט בעדייע, און ער מאכט שוין די ערשטע טריט
אין דערדאָזיקער ריכטונג — אופהייבן קעגן דעם פארביסענעם סויגע
אן אופשטאנד צווישן די ברייטע שיכטן פונעם ארבעטנדיקן פוי־
ערטום, און וואָס פאָדערט פאר דעם דער אלטער טאלאש? ער
וועט בעטן דעם קאָמאנדיר געבן אים כאָטש א צענדליק דרייסטע
פרײַוויליקע רויטארמייער אפ מאכן אן אומדערוואַרטן פלוצלונג־
דיקן אָנפאל אפן פאָוויאט־„קאמיסארזש“ אפן אסטראָג, ווו עס
מאטערט זיך זײַן ארעסטירטער פאנאס. און נאָך וועט דער אל־
טער טאלאש בעטן פאר זיך — א גוטע עמעסע סאָלדאטישע ביקס.
ער וועט דערציילן דעם קאָמאנדיר אויך זײַן פלאן פון אָנפאלן.
דערדאָזיקער פלאן איז א דרייסטער און א פראָסטער, און קיין
מענטשן־קאָרבאָנעס וועלן אויך ניט זײַן... ניט שוין־זשע וועט
ער ניט נויגן אפ זײַן זײַט דעם קאָמאנדיר?

אָט מיט וואָס פארא ראַיוינעס דער אלטער טאלאש איז גע־
גאנגען דורך די געדיכטענישן פונעם וואלד.

דער אלטער טאלאש איז שוין דורכגעגאנגען די גרעסטע טייל
וועג. ס'איז נאָך געבליבן א קילאָמעטער זעקס אפ ארויסגיין אפ
הודארס לאָנקע, אהינטער וועלכער ס'געפינט זיך דער דאָרף ווי־

סאָקאַיאַ רודניאַ, וואָס איז פאַרנומענ דורכ די רויטע. צו דעמ דאָרפ האָט זיכ דער אַלטער טאַלאַש געלאָזנ גײנ.

דער לאַנגער אונ שווערער גאַנג אָנ וועגנ איבערנ וואַלד האָט פאַרמאַטערט דעמ אַלטנ טאַלאַשנ. ער האָט זיכ אָפּגעשטעלט אונטער אַ גראָבנ בוימ, האָט אַראָפּגעשאַרט מיט דער הענטשיקע דעמ טרוקענעמ שנײ פונ אַ גלאַטנ בוימ־שטאַמ אונ האָט זיכ צוגעזעצט אָפּרוענ אונ צובײַסנ, ווײַל אימ האָט זיכ שוינ געוואָלט עסנ. ער האָט אַראָפּגענומענ פונ די פּלײצעס די ביקס, די יעגער־טאָרבע, וווהינ די אַלטע נאַסטע האָט אײַלנדיק אַרײַנגעלײגט אַ האַלבנ לעבל ברויט אונ אַ שטיקל כאַזער. דער אַלטער האָט פאַרקוועטשט די ביקס צווישנ די פיס. אָפּגעשניטנ אַ לוסטע ברויט מיט כאַזער אונ האָט אונטערגעלעגט דאָס האַרצ. געענדיקט פרישטיקנ, האָט ער אַרויסגענומענ דעמ טאַבעק—נאָכנ עסנ איז גוט פאַררויכערנ. אָבער אַ טויבער שאָרכ אינ וואַלד האָט געצוווּנגענ דעמ אַלטנ צוהערנ אונ אַרומקוקנ זיכ. זעט דער אַלטער טאַלאַש—אַ גרויסער ווילדער קאַבאַנ גײט אַרויס פּאַוואָלינקע פונ דער וואַלד־געדיכטעניש, שלעפּט זיכ ביזנ בויכ אינ שנײ אונ באַמערקט ניט דעמ אַלטנ. דער קאַבאַנ גײט צו צו אַ פײַנעמ מרראַשקעס־נעסט, וועלכער איז גלאַט אונ אַקוראַטנע באַשאָטנ מיט שנײ אונ שטעלט זיכ אָפּ. אונ דערנאָכ הײבט ער אָנ פאַנאַנדערגראָבנ מיט זײַנ שרעקלעכנ צאָניקנ שנוק. יעדע באַוועגונג פונ זײַנ מעכטיקנ שנוק שלײַדערט אינדערהויכ שטיקער שנײ אויסגעמישט מיט מיסטנ, וואָס די מוראַשקעס האָבנ אָנגעטראָגנ פאַר אַסאַכ יאָרנ פונ אומדערמידלעכער אַרבעט. אונ צווײ טונקעלע בײטנ מאָלנ זיכ שנעל אויס אפנ נאָכ ניט געריִרטנ שנײ אונ דער קאַבאַנ רײַעט רויִק אונ אײַנגעשפּאַרט, וואָס ווײַטער אַלצ טיפער אונ טיפער אינ דער ערד. אָנ באַוועגונג אונ מיט גרויס אינטערעס שפּירט נאָכ דער אַלטער טאַלאַש נאָכנ קאַבאַנ. אונ דער קאַבאַנ איז פונ אימ אַ טריט פערציק־פופציק, ער האָט זיכ אַזוי פאַרכאַפּט מיט דער אַרבעט, אַז ער זעט גאָרניט אונ הערט

באָרניט, פונקט אזוי ווי דער אלטער טאלאש זעט ניט און הערט ניט, ווי פון דער וואלד־געדיכטעניש גאנוועט זיך א וואָלף און שפירט נאָך נאָכן קאבאן. דער אלטער טאלאש האָט ערשט דעמלט באמערקט דעם וואָלף, ווען ער האָט זיך אונטערגעגאנוועט צום קאבאן אפּ א טריט פופצן און באם קאבאן האָט זיך ארויסגע־זען בלויז די פלייצע. דער אלטער טאלאש האָט זיך נאָך מער פארכידעשט. וואָס איז דאָס פארא מייַסע? און נאָך מער פארכידעשט קוקט ער, וואָס וועט דאָ ווייַטער זייַן. וואָס טיפער דער קאבאן האָט זיך אייַנגעריַעט אין דער ערד, אלץ נעענטער האָט זיך, ווי א גאזלען, צו אים אונטערגערוקט דער וואָלף, און פלוצלונג, אונטערגאנווענדיק זיך שוין גאָר נאָענט, גיט ער זיך ווי א בליץ א וואָרף אפן קאבאן און כאפּט אים אָן מיט זייַנע ציינער פארן בויך פון אונטן און פונקט אזוי שנעל שפּרינגט ער אָפּ פון אים. דער קאבאן האָט ווילד א געשריי געטאָן, איז ארויסגע־שפּרונגען פון קאנאווע און געפאלן אפן שניי מיט א פאנאנדער־געריסענעם בויך און ארויסגעפאלענע קישקעס, צאפּלענדיק זיך אין א שרעקלעכער טויט־אגאָניע. און דער וואָלף שטייט פונדער־ווייַטן און מיט זשעדנע אויגן סמאקעוועט ער שוין זייַן רייַכן רויב. דער אלטער טאלאש האָט זיך גאָרניט געריכט אפּ אזא פלוצלינגדיקן און אומדערווארטן סאָף, און זייַן מענטשלעכער גע־פיל איז געווען טיף צערודערט פון דעם דאָזיקן בלוטיקן וועל־פישן טאט. דער אלטער טאלאש טוט א ציל און א הילכיקער שאָס האָט אופגעטרייסלט די וואלד־שטילקייַט. דער צעפרידענער וואָלף איז אופגעשפּרונגען און געפאלן ווי א זאק אייַנגעשפּארט מיטן נאָז אינעם פארבלוטיקטן שניי.

א גרויסע באפרידיקונג האָט דערפילט דער אלטער טאלאש נאָך אָט דעם דאָזיקן געלונגענעם שאָס און דאָס ערשטע, וואָס עס האָט דורכגעשימערירט אין זייַן באוווּסטזייַן, איז געווען דער געדאנק וועגן גערעכטיקער נעקאָמע. און פלוצלונג האָט דער אלטער זיך ארומגעקוקט, ווי עס וואָלט אים א שטאָך געטאָן: אָט

דידאָזיקע געשעעניש פונ דער נאָרוואָס פאָרגעקומענער דראמע, אינ
וועלכער אויכ ער האָט גענומענ אנ אָנטייל, האָט גלײַכ ארויס־
גערופנ בא אימ א געדאנק וועגנ דעמ, צי לויערנ ניט אפ אימ
אויכ עמעצנס בייזע אויגנ. אָבער אינ וואלד איז געווענ שטיל
אונ רויִק. דער אלטער טאלאש האָט צוערשט אָנגעלאָדנ די ביקס,
האָט ארײַנגעשאָטנ א היפשע פאָרציע פולווער אונ האָט דאָס
מאָל פארלייגט א קײַלעכדיקע בלײַענע קויל, אונ ערשט דאנ איז
ער צוגעקומענ צומ פאנאנדערגעווי: טנ מוראשקע־נעסט, ווו עס
איז געלעגנ א פארצוקטער א מוירעדיקער קאבאנ מיט שרעקלע־
כע אויסגעבויגענע דרײַקאנטיקע ציינער אונ דער דארער וואָלפ,
וועלכנ עס האָט דערשאָסנ דער אלטער. אָט די דאָזיקע געשעע־
ניש אונ סצענע האָבנ בא דעמ אלטנ באקומענ א באדײַטונג
פונ עפעס א מינ פילאָסאָפישנ סימוואָל אונ בלויז איצטער האָט ער
זיכ דערמאָנט וועגנ די הונדערטער טויזנטער קלײנינקע מוראש־
קעלעכ, וועגנ וועלכע ער האָט פריִער ניט געטראכט, דאָ זעט מענ
זיי אפילע ניט. זיי זײַנענ טיפ ארײַנגעקראָכנ אינ די אונטער־
ערדישע נאָרעס, זיי האָבנ עפשער אפילע ניט געהערט. וואָס עס
איז פאָרגעקומענ מיט זייער הויז. אונ בלויז פרילינג־צײַט, ווענ
דער שניי וועט אראָפ אונ פונ דעמ וואָלפ אונ קאבאנ וועלנ
בלײַבנ איינע הוילע ביינער, וועלנ זיי זיכ ארומקוקנ אונ וועלנ דער־
זענ די בארבארישע צערויִנירונג פונ זייער נעסט, איבער וועלכער
זיי האָבנ געהאָרעוועט וויפל זומערס אונ וועלנ מיט זייער גאנ־
צער געזעלשאפט, ניט באדויערנדיק קיינ פולע, נעמענ זיכ אופ־
שטעלנ זייערע צורויִנירטע היימ. דער אלטער טאלאש האָט זיכ
פארטראכט אונ האָט צו זיכ אליינ א שאָקל געטאָנ מיטנ קאָפ—
טשיקאווע זאכנ קומענ פאָר אפ דער וועלט.

אָבער זײַנ פילאָזאָפישע שטימונג איז איבערגעגאנגענ אפ
פראקטישע געדאנקענ. סײַ דער קאבאנ, סײַ דער וואָלפ—איז א
רײַכע רויב. פונעמ וואָלפ קענ מענ אראָפשינדנ די פעל אונ דעמ
קאבאנ קענ מענ צונעמענ אהיימ—אָט וואָלט דאָס געווענ וואָס

צו עסן! עכ! ניטאָ קיין צײַט צו פארנעמען זיך מיט אזעלכע זאכן! אָבער גלײַך איז אים אײַנגעפאלן א געדאנק: אָפּשינדן פונעם וואָלף די פעל, קאָלזמאן ער איז נאָך ניט אָפּגעקילט — דאָס וועט זײַן דעם זיידנס טראָפּיי און דעם קאבאנס אָפּגעבן אלס מאטאָנע די רויטארמייער. דער געדאנק איז ניט קיין שלעכטער. און ער האָט זיך גלײַך גענומען פאר דער ארבעט. ער האָט אָפּגעשונדן פונעם וואָלף די פעל, האָט אָפּגעוואשן אין שניי די הענט, האָט זיי אָפּגעווישט אָן די פּאָלעס פונעם קאָזשוכל, האָט צונויפגעלייגט די פעל, פארוואָרפן זי אפן פּלייצע און וואזשנע, ווי א גליקלעכער יעגער, איז ער אוועק ווײַטער, לאָזנדיק זיך אין דער ריכטונג צום דאָרף וויסאָקאיא־רודניא.

ענדלעך האָט דער וואלד זיך געענדיקט. דער אלטער איז ארויס פון וואלד און האָט זיך אָפּגעשטעלט ארומקוקן זיך. פאר זײַנע אויגן האָט זיך צעשפרייט א קײַלעכדיק פעלד, געזוימט מיט א הויכער וואַנט פון וואלד, און פון מיטן פעלד האָט ארויסגעשטעקט א דאָרף מיט ווײַסע סטרעכעס פון הײַזלעך, מיט מאָגערע פיגורן פון הויכע קליאָנען און אנדערע ביימלעך, מיט שײַערן און ווינטמילן. אפּן וויהאָן פון דער הויכער וואנט פונעם וואלד האָט זיך אָפּגעטיילט אין יארוסן א געדיכט קליינ־ווּוּקסיק קוסטעס־וועלדל. דער אלטער האָט אופמערקזאם ארומגעקוקט די קוסטעס. א מענטשישע פיגור האָט דורכגעשווינדלט אין עק וועלדל און האָט זיך באהאלטן. דעם אלטנס שארפע אויג האָט באמערקט אין דער דאָזיקער פיגור א מיליטער־מאן. דער אלטער האָט נאָך ניט געקענט פאנאנדערקלײַבן זיך, צי דאָס איז אן אייגענער אָדער א פרעמדער. דער אלטער האָט זיך יעדנפאלס א לאָז געטאָן אביסל אפּ צוריק, נעענטער צום וואלד, און גלײַך האָט ער דערהערט א געשריי.

— שטיי! ווער גייט עס?

דער אלטער האָט זיך אָפּגעשטעלט. די שטימע און די ווערטער האָבן אים בארויִקט און ער איז צופרידן געווען, וואָס ער

האָט זיך באַגעגנט מיט א רויטאַרמייער, וואָרעם דאָס האָט פאַר־
לײַכטערט זײַן אויפגאַבע.

— אַן אײגענער! — האָט זיך אָפּגערופן דער אַלטער טאַלאַש.

פונעם קליין וועלדל האָט זיך אַרויסגערוקט א פיגור פון א יונגן רויטאַרמייער מיט א ביקס, מיט א קוילן־טאַש אָפּן פּאַס פון איין זײַט און מיט א פּאָר גראַנאַטעס פון דער אַנדער זײַט. זײַן אויסזען איז געווען א גענוג גרויזאַמער, כאָטש אָט די דאָזי־קע גרויזאַמקייט האָט זיך גאָר ניט געפּאָרט מיט זײַנע ווייכע גרויע אויגן, מיט וועלכע ער האָט באַטראַכט דעם אַלטן טאַלאַש און זײַן טראָפּיי, וועלכער איז בײַ אים אַראָפּגעהאַנגען קימאַט ביז די רעכטע פּיאַטעס און האָט צוגעגעבן דעם אַלטן אַן אויסזען פון אַן אוראַלטן מענטשן.

— א דאָקומענט! — האָט דער רויטאַרמייער א זאָג געטאָן.

— וואָס פאַרא דאָקומענטן, כ׳עסל, קענען דאָס זײַן בײַ אַזא נאַווענאַדניק ווי איך? איך בין ניט קיין היגער. כ׳באַהאַלט זיך אויס פון די פּאַליאַקן. ווער־זשע וועט עס מיר געבן א דאָקו־מענט?

— און וווּהין גייסטו דאָס? — האָט נאָך אַלץ מיט אַן אָפיציעלן טאָן פאַנאַנדערגעפרעגט דער רויטאַרמייער.

— צו אײַך, כאַווער, גיי איך, צו די רויטע. ספּעציעל צו אײַך.

דער אַלטער טאַלאַש האָט אַליין געפילט, אַז ער רעדט גוט, באַזונדערס אָט דאָס וואָרט „ספּעציעל״. דער רויטאַרמייער זעט — א מענטש א טשיקאַווער, בײַ וועלכן מע קען זיך עפּעס געווירע־ווערן. אָבער ער גייט ניט אַראָפּ פון זײַן אָפיציעלן טאָן, כאָטש ער רעדט שוין ווייכער.

— איך וועל באַלד אַרויסרופן דעם נאַטשאַלניק פון דער זאַס־טאַווע. בײַ אונדז איז אַזא אָרדענונג.

א שנײַדנדיקער פײַף צעשווימט זיך מיט שאַרפע דינגע כוואַליעס איבעם וועלדל און ווערט אַנשוויגן.

אביסל צײַט הערנ זיי זיך צו, שווײַגנ אונ ווארטנ.

דער רויטארמייער טראכט, אז ער וועט ראפּאָרטירנ דעמ נאַטשאלניק פונ דער זאסטאווע וועגנ דעמ אלטנ, אונ ווענ אינ קליינ וועלדל האָט זיך אָנגעהויבנ פונדערווײַטנס באווײַזנ דעמ נאַטשאָלניקס פיגור, האָט דער רויטארמייער א פיר געטאָנ מיט די אויגנ איבער דער וואָלפנ־פעל.

— דאָס האָסטו אפ געיעג געהארגעט דעמ וואָלפ? — האָט ער א פרעג געטאָנ דעמ אלטנ.

דער אלטער האָט געוווּסט, אז וועגנ דערדאָזיקער פעל וועט אימ אויסקומענ דערציילנ די גאנצע געשיכטע, נאָר אזוי ווי זײַנ אאודיטאָריע באשטייט אינגאנצנ פונ איינ צוהערער, אונ קיינ צײַט האָט ער ניט, ווײַל באלד קומט אונטער דער נאטשאלניק פונ דער זאסטאווע, פאטערט ער זיך אָפּ מיט א קורצנ ענטפער:

— עהע!

דער נאטשאלניק פונ דער זאסטאווע, א פארהארטעוועטער אינ מילכאָמע אונ שוינ ניט גאָר קיינ יונגער מענטש מיט א רויט פּאָנעמ פונ ווינט, האָט ווי א מיליטער־מאנ באטראכט דעמ אלטנ פונ קאָפּ ביז די פיס אונ האָט זיך לענגער אָפּגעשטעלט אפ דער וואָלפנ־פעל.

דער רויטארמייער האָט ראפּאָרטירט:

— ער האָט ניט קיינ דאָקומענטנ. ער זאָגט, אז ער גייט פונעמ פוילישנ זײַט ספּעציעל צו די רויטע... מע דארפ אימ, כאווער נאטשאלניק, אָפּשיקנ אינעמ שטאב פונ פּאָלק.

דער נאטשאלניק פונ דער זאסטאווע האָט נאָכ אופמערקזאמער א קוק געטאָנ אפנ אלטנ טאלאשנ.

— וואָס האָט דיך, זיידעניו, געצווינגענ אוועקגייענ צו אונדז.

— ס'איז מיר אומעגלעך געוואָרנ צו זײַנ אינדערהיימ, כאווער אטשאלניק, איך באהאלט זיך אויס אינ די ...לדער: די פּאָליאקנ ווילנ מיך כאפּנ.

— פארוואָס?

— אָט פאַרוואָס, כאָווער נאַטשאַלניק. די פּאָליאַקן זײַנען גע־קומען צונעמען מײַן לעצטע ביסל היי. איך האָב זיך געבעטן ראַכמים בא זיי — און זיי האָבן נאָך אָנגעהויבן שטורכען און שלאָגן מיך. נו, בין איך אַרײַן אין קאַעס און האָב זיך א וואָרף געטאָן אַף זיי מיט א האַק. ווען ניט מײַן זון, וואָלט איך עמעצן פון זיי דעם קאָפּ צעפּלעט. האָבן זיי זיך א וואָרף געטאָן אַף מיר און געוואָלט מיך בינדן. זיי זײַנען געווען זאַלבעדריט. האָב איך זיך אַרויסגעריסן און אין וואַלד אַנטלאָפן. זיי האָבן אַפילע געשאָסן אַף מיר פון רעוואָלווערן. פון דעמלט אָן האָבן זיי אָנגעהויבן נויקעם זײַן זיך אָן מיר, טשעפּען זיך, אַז בא מיר אין שטוב איז אײַנ־געשטאַנען א באָלשעוויק, א קאָמאַנדיר. מײַנעם א זון, נאָך ניט קיין דערוואַקסענעם, האָט מען אַרעסטירט, אַלס גאַראַנטיע, אַז איך אַליין וועל צו זיי קומען. איך טראָג צו אײַך, כאַווײַרים, מײַנע גרויסע זאָרגן און צאָרעס... איך האָב באַשטימט, אַז איך מוז געפינען דעם קאָמאַנדיר, וואָס איז אײַנגעשטאַנען בא מיר אין שטוב... ער קען מיך...

— פון וועלכן דאָרף ביסטו?

דער אַלטער טאַלאַש האָט אָנגערופן זײַן דאָרף.

— וואָס פאַר א קאָמאַנדיר איז בא אײַך אײַנגעשטאַנען אין שטוב?

— דער קאָמאַנדיר כאַווער שאַליאָכין, — האָט אביסל אַפן אַלטן סאָלדאַטישן מאַניר אָפּגעענטפערט דער אַלטער טאַלאַש.

דער רויטאַרמייער און דער נאַטשאַלניק פון דער זאַסטאַווע האָבן א קוק געטאָן איינער אַפן צווייטן. דעם אַלטנס ענטפער האָט זיי אינגאַנצן איבערצײַגט, אַז ער איז ניט קיין פאַרדעכטיקע פערזאָן.

— און פון וואַנען קומט צו דיר די וואָלפן־פעל? — האָט זיך פאַרינטערעסירט דער נאַטשאַלניק פון דער זאַסטאַווע.

דער אַלטער האָט דערציילט די געשיכטע מיט דעם קאַבאַן און וואָלף און האָט פאַרענדיקט אַזוי:

— איך האָב, כאַוויירים, באַשלאָסן שענקען דעם קאַבאַן אײַך, רויטע העלדן. דער קאַבאַן איז א היפּשער, א פוד אַכצן. קריגט א פור, וועל איך מיט אײַך פאָרן און באַווײַזן ווי דאָס איז. ער געפינט זיך ניט זייער ווײַט פונדאַנען.

זײַנען זיי אַוועק צו דער זאַסטאַווע. דער נאַטשאַלניק האָט אַוועקגעשיקט צוויי רויטאַרמייער אין דאָרף נאָך א פור. און שוין פאַרנאַכט איז דער אַלטער טאַלאַש זיגעריש געפאָרן אָפּ א פורל מיט צוויי רויטאַרמייער אין דאָרף וויסאָקאַיאַ רודניאַ און געפירט דאָס פלייש פונעם ווילדן קאַבאַן. דער אַלטער טאַלאַש האָט גע־קריגן א שעם איבער גאַנץ וויסאָקאַיאַ רודניאַ, און קעדיי צוגעבן זיך נאָך מער וואַזשנעקײַט פלעגט ער טראָגן אָפּ זיך די וואָלפּנ־פעל און ווען מ׳האָט בא אים געפרעגט, צו וואָס שלעפּט ער די־פעל אָפּ זיך, האָט דער אַלטער כיטרע געענטפערט:

— האָ־האָ! איך וועל נאָך ווערן ווי א וואָלף!

לײַט האָבן געלאַכט, און דער אַלטער האָט זיך זײַנס געטראַכט.

## XI

אַן עלטערער פעסטער פּאָלקאָווניק מיט גראָע וואָנצן איז געזעסן אינעם שטאַב פון דער פּוילישער דיוויזיע אָנגעבויגן דעם קאָפּ איבער א מיליטערישער פּאָטאָגראַפישער קאַרטע פון פּאָלעסיער ראַיאָן. ער האָט געשטעלט א שלאַכט־אויפגאַבע דער דיוויזיע און געגרייט איר א באַפעל אין צוזאַמענהאַנג מיט דער אָנקומענדי־קער מיליטערישער קאַמפּאַניע קעגן דער רויטער אַרמיי נאָכן ווינ־טערדיקן איבעררײַס. דער פּאָלקאָווניק פאַן דעמביצקי, וועלכער האָט געלאָזן פרײַ שווינגען זײַן סטראַטעגישע פאַנטאַזיע, האָט זאָרגזאַם אָפּגעמערקט אויף קאַרטע די פונקטן פון די וויכטיקסטע באַצירקן פאַר א שלאַכט־קלאַפּ, וועלכער האָט לויטן פּלאַן פונעם סטראַטעג, געדאַרפט צעשמעטערן דעם ווידערשטאַנד פון דער רויטער אַרמיי, פאַרגעסנדיק דערבײַ, אַז בײַסן שלאַכט בײַט זיך

די אומגעבונג און די רעזולטאטן הענגען אָפּ פון טויזנטער קלייניקייטן, וועלכע קיין שום שטאב קען ניט פאָרויסזען. דער פּאָלקאָווניק פאן דעמביצקי האָט אויך ארויסגעלאָזן פון זינען דאָס, וואָס אינעם שטאב פון זײַן סוינע האָבן ניט שטענדיק אָנגעפירט מיט די אָפּעראציעס פּראָפעסיאָנאלן־שטאביסטן פון דער אלטער מיליטערישער שול, נאָר עס האָבן אָנגעפירט טאלאנטפולע מענטשן פון דער ארבעטער־סוויווע, וועלכע זײַנען אומיטלבאר ארויסגעדרוקט געוואָרן דורך דער רעוואָליוציע און דורך דער קריגס־צײַט. דאָך האָט דער פּאָלקאָווניק פאן דעמביצקי געײַלט פאנאנדערגעשטעלט אפּ די אויסגעקליבענע באצירקן די אָדער יענע מיליטערישע טיילן, געגעבן זיי פארשיידענע ראָלן, אָבער דער פאן פּאָלקאָווניק האָט ניט געקאָנט איינגאנצן אָפּגעבן זיך זײַנע סטראַטעגישע קאָמבינאציעס און דורכקאָנטראָלירן זײַן פּלאן כאָטש אפּ דער מיליטערישער קארטע. שוין עטלעכע מאָל האָט זײַן אופמערקזאמקייט איבערגעריסן דער טעלעפאָן. פון פארשיידענע פונקטן, ווו זײַן דיוויזיע האָט זיך אויסגעשטעלט, האָט מען אים געמאָלדן וועגן דער פײַנטלעכער באוועגונג פון דער אָרטיקער באפעלקערונג, וועלכע איז געווענדעט קעגן דעם פּוילישן מיליטער, וואָס האָט געטראָגן אין די פארוואָרפנסטע ווינקעלעך פון פּאָלעסיע די „אייראָפּייִשע קולטור״. דער פאן פּאָלקאָווניק האָט זיך געערגערט, וואָס מע רײַסט אים אָפּ פון אזא וויכטיקער ארבעט און האָט רעקאָמענדירט ווענדן זיך צו דער פּאָליציי און די זשאנדארמען און געבעטן, אז מע זאָל אים לאָזן צורו מיט אזוינע נארישקײַטן. אָבער ווען מע האָט אים איבערגעגעבן, אז א גרויסער אוילעם ניט באוואָפנטע פּאָלעשוקעס האָבן אנטוואָפנט א פּוילישן מיליטערישן קאָנוואָי, איז דער פאן פּאָלקאָווניק אונטערגעשפרונגען פון שטול, ווי מע וואָלט אים פון אונטן א שטאָך געטאָן מיט א שוסטערשן אָל.

— צאָ? צאַ? צאָ?—האָט ער אָפּגעצאָקעט אמאָל דרײַ און איז אזש פארטרייסלט און איינגאנצן רויט געוואָרן.

צו זײַנ אופרעגונג איז קיינ שיר ניט געווענ—אזא שאנדע, אזא כארפע האָט מענ עס פארשאפט דעם פוילישנ מיליטער אינ דער פערזאָנ פונ די קאָנוואָירנ, וועלכע האָבנ געפירט די שטיקלעכ אומגליקנ—די כלאָפּעס. דער פאנ פאָלקאָווניק האָט אָפּגעגעבנ א שטרענגנ באפעל איבער די פאָלקנ פונ דער דיוויזיע אָנעמענ אנטשיידענע מיטלענ, ביז שיסנ אונ קאָנפיסקירנ דאָס פארמעגנ פאר יעדער מינ „באנדיטישנ״ טאט, וואָס איז געווענדעט קעגנ דעמ רומפולנ פוילישנ מיליטער, אונ די קאָנוואָירנ, וועלכע האָבנ זיכ געלאָזנ אנטוואָפענענ, מישפּעטנ דורכנ מיליטער־געריכט.

דער דאָזיקער באפעל איז געווענ ווײַט ניט גינסטיק פאר מארטינ רילנ, וועלכער איז שוינ צוגעגאנגענ נאָענט צו זײַנ דאָרפ, אונ פאר אלע זײַנע כאווײרימ, וועלכע האָבנ ארודעוועט אונטער דער קאָמאנדע פונ דעמ געניטנ געוועזענעמ סאָלדאט באלוק פונ אונטער צערנישטש.

נאָר פארנאכט אינ יענעמ טאָג, ווענ דער אלטער טאלאש האָט זיכ באגעגנט מיט מארטינ רילנ לעבנ דעמ גראָבנ דעמב, האָבנ מענטשנ פונ דאָרפ וועפּרי באמערקט סימאָנימ פונ עפּעס ניט קיינ גוטער געשעעניש. די מילכאָמע־צײַט, וועלכע איז פול מיט אומרו אונ אומגעריכטקײַט, האָט זיי געצווּנגענ זײַנ זייער וואכזאמ אונ פאָרזיכטיק. פארנאכט האָט זיכ דורכגעטראָגנ א קלאנג, אז ניט ווײַט פונעמ דאָרפ האָבנ זיכ באוויזנ פוילישע רײַטער־לעגיאָנענ. דאָס איז מיסטאָמע געווענ עפּעס זייערע אנ אויסשפּירונג, אורטיילנדיק נאָכ דעמ, ווי זיי האָבנ זיכ געסטארעט, אז מע זאָל זיי ניט באמערקנ. די וועפּרער אײַנוווינער האָבנ שוינ געהאט אמאָל א געלעגנהײַט צו זענ אפנ גאס אונ אינ זייערע הײַזער דאָס פוילישע מיליטער. אָבער די פאָליאקנ האָבנ בלויז איבערגענעכטיקט אינ דאָרפ אונ אפ מאָרגנ, צונעמענדיק דאָס ביסל האָב אונ גוטס, עסנ־זאכנ פאר זיכ אונ פוראזש פאר די פערד, האָבנ זיי זיכ געלאָזנ ערגעצ־ווּ אינ אנדערע ערטער. אינ א טעג 3 ארומ נאָכ דעמ זײַנענ געקומענ צופאָרנ זשאנדארמענ אונ האָבנ צוגע־

נומען מאַרטינס ריִלן. דרײַ װעפּרער פּויערים: מיקיטע סאַמאָק, קוזמאַ לאַדיגאַ און קאָנדראַט בוס, װעלכע האָבן מיטגעפּילט די באָלשעװיקעס און זײַנען אַרויסגעטראָטן פֿאַר דער סאָװעטישער מאַכט, זײַנען אַנטלאָפֿן פֿונדערהיים און פֿלעגן קומען אַהיים נאָר אַף אַ װײַלע, ריזיקירנדיק אַרײַנפֿאַלן זיך אין די הענט פֿון דער פּוילישער פּאָליציי אָדער פֿון דער דעפֿענזיװע. אָט פֿאַרװאָס, װען עס איז אָנגעקומען דער קלאַנג, אַז עס האָבן זיך באַװיזן פּוילישע לעגיאָנערן, האָבן מענטשן זיך אָנגעהויבן באַומרויִקן און האָבן געװאַרט אַף עפּעס אַ נײַער צאָרע. די נאַכט איז אָבער דורכגעגאַנגען רויִק און דער פּרימאָרגן פֿונעם נײַעם טאָג האָט געבראַכט מיט זיך אַ מער דרייסטע שטימונג און זיכערקײַט, אַז קיין שרעקלעכעס װעט ניט געשען. און ביכלאַל פֿילט זיך אַ מענטש באַטאָג אַסאַך דרייסטער. אָבער די פּאָליאַקן האָבן פֿונקט אינדערפֿרי אונטערגעגאַנגען זיך, אומבאַמערקטערהייט פֿאַנאַנדערגעשטעלט סאָלדאַטן אַרום דאָרף, האָבן פֿאַרנומען אַלע װעגן, און ערשט דעמלט האָבן די אײַנװוינער פֿון װעפּרי עס באַמערקט, װען אַ גאַנצער טאַבאָר פֿון דער פּוילישער רײַטער־אַרמיי האָט זיך אײַנגעלאָפֿן אַ לאָז געטאָן איבערן גאַס. לעכאַטשילע האָבן מענטשן ניט געװוּסט, צו װאָס זײַנען אָנגעפֿאָרן פּאָליאַקן. די עמעסע שרעק האָט זיך אָנגעהויבן דעמלסט, װען די פּאָליאַקן האָבן זיך צעטיילט אַף עטלעכע גרופּן און אַרײַנגעריסן זיך אין די הויפֿן. מאַרטינס הויף האָט מען פֿאַרנומען אין דער ערשטער ריי. צװיי לעגיאָנערן זײַנען אַראָפּגעשפּרונגען פֿון די פֿערד און האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צו מאַרטינען אין שטוב. עטלעכע מענטשן האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אין שטאַל.

— װוּ איז ער, דער אַרעסטאַנט? — האָט אַ דונער געטאָן אַ לעגיאָנער, איבערטרעטנדיק דעם שװעל פֿון מאַרטינס שטוב.

מאַרטינס װײַב איז געװאָרן מלאָסנע פֿאַר שרעק. און מיט ברייט־פֿאַנאַנדערגעעפֿנטע אויגן האָט זי געקוקט אַפֿן לעגיאָנער.

ניט דערוואַרטנדיק זיך אַפּ אַן ענטפער, האָבן די לעגיאָנערן אָנגעהויבן איבערטרייסלען, וואַרפן מיט די שפּיזן די קישנס און די דעריגעס. זיי האָבן געמאַכט אַן עמעסן פּאָגראָם. געוואָרפן אַלץ אַפּ דער ערד, געקלאַפּט מיט די באַגנעטן די טעפּלעך און די שיסלען.

דריי קליינע קינדער, וועלכע האָבן זיך אַפּ טויט איבערגע־שראָקן, האָבן זיך אַ וואָרפ געטאָן צו דער מוטער מיט שרעקלעכע קוילעס. דער אַלטינקער מיקאָלע, מאַרטינס פאָטער, גאָר־ניט ניט באַנעמענדיק, וואָס דאָ טוט זיך, האָט זיך אין שרעק צוגעשפּאַרט צום וואַנט און געשוויגן, קוקנדיק אַפּ דער כּייִשער ווילדקייט פון די וואַריאַטן.

ווּ איז דער אַרעסטאַנט?—האָט אַ געשריי געטאָן אַפּן אַלטינקן דער לעגיאָנער. דאַן האָט דער אַלטינקער מיקאָלע געזאָגט:

— איר האָט דאָך אים צוגענומען, אַ קרענק זאָל אײַך נעמען?

— אַך, דו אַלטער טעכער!—האָט מיט קאַעס אַ געשריי געטאָן אַ לעגיאָנער און אַ רוק געטאָן מיטן פויסט אין די ציינער דעם אַלטן מיקאָלען. דער אַלטינקער האָט זיך אַ האַק געטאָן מיטן פּאַטיליצע אין וואַנט און פון די ציינער און פון נאָז האָט זיך אַ גאָס געטאָן בלוט. אַנטשטומט איז געוואָרן דער אַלטינקער מיקאָלע, שטייט ער אַ צעטומלטער און שטילינקערהייט ווישט ער אויס מיט דער דלאָניע די פאַרבלוטיקטע ליפּן און שמירט פאַנאַנ־דער דאָס בלוט איבערן פּאָנעם און איבערן שיטערן גראָען בערדל, וואָס הענגט אַראָפּ, ווי מאָך אַפּ אַן אַלטן בוים.

— אַ, פּסיאַ קרעוו!—האָט געשריגן דער לעגיאָנער:—מיר וועלן אײַך ווייַזן, ווי מען דאַרף ריידן מיט פּוילישע מיליטער־לייט.

זיי האָבן צעגראָמירט מאַרטינס שטוב, אויסגעשלאָגן די שויבן און האָבן זיך אַרויסגעריסן אין הויף.

דאָס זעלבע איז פּאָרגעקומען אין די הויפן און אין די הײַזער

פונ די פויערים, אפ וועלכע די פּאָליציי אונ די פּוילישע מילי־טער־לײַט האָבנ געוואָרפנ א כשאד.

דערהערט, אז עס זײַנעג אָנגעקומענ די פּוילישע רײַטער, האָט קאָנדראט בוס געכאפּט דאָס פּעלצל אונ דאָס היטל, זיכ אָנ־געטאָנ אפּ גיכ אונ האָט זיכ א לאָז געטאָנ מיטנ הינטער־הויפ, קעדיי פונ דאָרטנ אָפּצײַענ אינ וואלד. פּיס זײַנענ בא אימ גרינגע, אלט איז ער א יאָר דרײַסיק, איז וואָס האָט בא אימ א ווערדע דורכלויפנ זיכ בא א וויאָרסט ביזנ וואלד. די פּאָליאקנ זײַנענ שוינ ארײַנגעפאָרנ אינ הויפ, ווענ ער איז ארויסגעלאָפנ פונ הינטער־הויפ צומ וואלד צו, אויס־קלײַבנדיק גריבלעכ, טוליענדיק זיכ נעענטער צומ קליינעמ וועלדל, איז קאָנדראט געלאָפנ אײַנגעבויגענערהייט, מיט אלע קויכעס. ער פלעגט אָפּט פאלנ אינ טיפנ שניי, פלעגט קוימ ארויסשלעפּנ די פּיס. דער שניי האָט געשטערט זײַנ גיכנ לויפנ פאָרויס. דער פּוילישער רײַטער־לעגיאָנער האָט דערזענ פונ הויפ, ווי עס שפּאנט איינער זייער גיכ אינ וואלד, האָט ער זיכ א לאָז געטאָנ מיטנ פערד צומ הינטער־הויפ אונ דורכנ אָפענעמ טויער האָט ער זיכ געלאָזנ אינ פעלד נאָכ קאָנדראטנ. פונ וואלד פונ לינקס אפּ איבערנעמענ דעמ אנטלאָפענעמ איז ארויסגעלאָפנ א פּוילישער סאָלדאט. דערזעענדיק א רײַטער־לעגיאָנער, האָט זיכ דער סאָלדאט אָפּגעשטעלט: דער רײַטער האָט אימ א מאכ געטאָנ מיטנ שווערד, האָט געגעבנ א צייכנ, ער זאָל זיכ אָפּשטעלנ—ער אליינ האָט זיכ גענומענ כאפּנ דעמ אנטלאָפענעמ. קאָנדראט האָט זיכ ארומגעקוקט אונ איז פארטרייסלט געוואָרנ פונ טויט-שרעק. איינ געדאנק האָט דורכגענומענ זײַנ מויעכ: איכ בינ א פארפאַ־לענער! פונ היצ, אָנ רעכענונג איז ער געלאָזנ גלײַכ אינ וואלד, אונ דער וואלד איז שוינ געווענ ניט ווײַט. דער וואלד—דאָס איז זײַנ רעטונג. אינ וואלד וועסטו אימ ניט כאפּנ. אָבער די ווײַט־קײַט צווישנ אימ אונ דעמ רײַטער איז אלצ קלענער געוואָרנ מיט יעדנ מאָמענט. קאָנדראט האָט זיכ ארויסגעשלאָגנ פונ די קוי־

כעס. פון דעם שווערן און גיכן לויפן האָט ער זיך איינגעשוויצט פון שטערן האָבן זיך געקייַקלט גרויסע טראָפּנס שווייס. דאָס הארץ האָט געקלאפּט שטארק און איז גרייט געווען פאנאנדער־רייַסן זיך. הענט און פיס האָבן אים געטרייסלט און אין האלדז האָבן געשטיקט טרוקענע ספּאזמעס. דער רייַטער האָט אָנגעיאָגט קאָנדראטן און האָט שוין געהאלטן גרייט דעם שווערד. אים האָט זיך פּאָשעט געוואָלט א פּרווו טאָן זייַן געשיקטקייַט און די קראפט פון זייַן קלאפּ, אָבער אינעם רעכטן אנטשיידנדיקן מאָמענט האָט זיך דער פערד אונטער אים א וואקל געטאָן, האָט א פאל געגעבן און איז פארזונקען מיט די פאָדערשטע פיס אין א גרוב, וועלכע איז געווען פארשאָטן מיט שניי, און איז געבליבן הענגען אָפּ איר, צוקוועטשנדיק שטארק דעם רייַטערס רעכטע פוס. די האנט מיטן אופגעהויבענעם שווערד האָט זיך אריינגעגראָבן אין שניי. ניט דער פערד און ניט דער רייַטער האָבן אָן זייַטיקער הילף ניט געקאָנט ארויסרייַסן זיך פון דער דאָזיקער געפענקעניש. קאָנדראטן איז געבליבן עטלעכע צענדליק קלאפטער אפּ דערלויפן ביזן וואלד. א גרופּע פּוילישע סאָלדאטן פון א מאן פינף זייַנען ארויסגעלאָפן פון וואלד און האָבן זיך געשטעלט קוקן, וויִאזוי א מענטש אפּ א פערד יאָגט נאָך א מענטשן ניט אפּ א פערד — א פוסגייער. און ווען דער מענטש אפּן פערד איז געפאלן, און דער פוסגייער איז גרייט געווען א לאָז טאָן זיך אין וואלד ארייַן, האָבן זיי זיך א לאָז געטאָן לויפן צוהילף דעם רייַטער, אָבער זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט, האָבן א הייב געטאָן די ביקסן צום אקסל. ס׳האָבן א קנאל געטאָן עטלעכע שאָסן. און קאָנדראט בוס האָט זיך א וואָרף געטאָן אין שניי און איז אזוי געבליבן ליגן ווי א פארייאָגטע און דערשאָסענע כייַע. נאָך דעם האָבן זיך די סאָלדאטן ווידער געלאָזט לויפן ראטעווען דעם רייַטער. אָבער דאָ האָט זיך געטראָפן אן אומדערווארטע שטערונג: פון וואלד האָט זיך אויך דערהערט א שאָס און איינער א פּוילישער סאָלדאט האָט ארויסגעלאָזן די

ביקס, האָט זיך צוגעזעצט אפֿן שניי און א כאפּ געטאָן זיך פאַר'ן פּוס. די איבעריקע פֿיר האָבן זיך צעטומלט און זײַנען גע־בליבן שטיין. עס האָט זיך דערהערט א צווייטער שאָס און א קויל האָט זיך דורכגעטראָגן איבערן קאָפּ בא איינעם פֿון די סאָלדאטן. די פּאָליאקן האָבן זיך צעלייגט אין שניי און האָבן אָנגעהויבן שיסן צוריק אפֿן סוינע, אָלץ אָפּטרעטנדיק און זוכנ־דיק אַן ערטל ווו צי באהאלטן זיך. די שיסערײַ און אָט דער צופאל מיטן יאָגן זיך נאָך קאָנדראטן האָבן אופגערודערט די פּאָליאקן אין דאָרף. האָבן זיי פֿון דאָרטן ארויסגעשיקט א גרופּע רײַטער אפּ ארומכאפּן דעם פלאנג פֿון דעם סוינע, וועלכן מ'זעט ניט. און דערדאָזיקער סוינע האָט ארײַנגעוואָרפן נאָך צוויי שאָסן, און מיט איינעם א שאָס האָט ער צולעכערט דעם קאָפּ איינעם א פּוילישן סאָלדאט, וועלכער האָט זיך אוועקגעלייגט אין שניי. און מער קיין שאָסן איז פֿון וואלד ניט געווען.

די פּאָליאקן, וועלכע האָבן באוויזן קומען פֿון דאָרף, האָבן ארויסגעשלעפּט דעם פֿערד פֿון גרוב. באם רײַטער איז געווען אויסגעלונקען א פּוס און אָפּגעפראָרן א האנט. מע האָט צוגע־נומען דעם געהארגעטן לעגיאָנער און דעם פאַרוואונדעטן אין פּוס. און קאָנדראט בוס איז געלעגן איינינקער אליין אינעם קאלטן שניי. אים איז שוין איצט סאָפּקאָלסאָפּ אלציינס געווען אפילע ווען אין דאָרף וועפּרי האָבן געברענט עטלעכע הויפן, אין דעם אויך קאָנדראט בוס הויף, איז ער געלעגן אָן באוועגונג מיט א פאַרגליווערטן רוקן פּאָנעם.

אָט אזוי האָבן די פּוילישע „וואָיאקעס" באנײַט דעם האָנער און רום פֿון דער פּוילישער ארמיי.

## XIII

אין כאטע איז געווען זייער אָנגערויכערט. די רויכן פֿון פאַר־שיידענע סאָרטן טאבעק און פּאפּיראָסן האָבן זיך איבערגע־פלאָכטן, אויסגעמישט און ווי א וואָלקן געבליבן הענגען איבער

דער נידעריקער סטעליע פונ דער פויערישער כאטע. אונ ווענ עס פלעגט זיך עפענענ די טיר, פלעגט זיך דער געדיכטער בלויִלעכער רויך א וויג טאָנ אונ פלעגט זיך מיט קראפט ארויסרײַסנ פונ טיר אפ דער פרײַ, אפ דער פרישער לופט. די מערהײַט פונ די, וואָס זײַנענ געזעסנ ארום טיש אונ אפ די בענקלעך, זײַנענ געווענ קאָמאנדירנ, אָנהייבנדיק פונ א ווזוואָד־קאָמאנדיר אונ ענדיקנדיק מיטנ באטאליאָנ־קאָמאנדיר כ׳ שאליאָכינ. קיינ שום סימאָנים, אז זיי זײַנענ קאָמאנדירנ, איז ניט געווענ ניט אפ זייערע אקסלענ, ניט אפ די קראגנס. געזעסנ זײַנענ זיי, ווי עס האָט זיך געמאכט. אינ היטלענ, אונ אָנ היטלענ, אינ צעקניימשטע, אויסגעריבענע אונ אומעטום אויסגעוואלגערטע שינעלנ. אונ עס האָט זיך גאָרניט געפילט, אז דאָ זײַנענ זיך צונויפגעקומענ געוויינלעכע ארמייער אונ קאָמאנדירנ פונ פארשיידענע ראנגענ. זיי זײַנענ געזעסנ אונ פארבראכט פרײַ, ווי גלײַכע מענטשנ, ניט אויסצײַענדיק זיך איינער פארנ צווייטנ, האָבנ געריכערט אונ שטארק פארצויגנ די מאכאָרקע־פאפיראָסנ. ס׳איז געווענ אפילע א באזונדער פאָעזיע אונ שיינקײַט אינ אָט דער דאָזיקער גאנצער אומגעבונג אונ אומאָרדענונג פונעם מיליטערישנ מילכאָמע־לעבנ. די מיליטערישע פראָסטקײַט אונ דעמאָקראטישקײַט האָבנ זיך געוואָרפנ אינ די אויגנ. דער באטאליאָנ־קאָמאנדיר אליינ איז געזעסנ באמ טיש, האָט פארנומענ א צענטראלנ אָרט. האנט בא האנט מיט אים איז געזעסנ דער ווזוואָד־קאָמאנדיר בוקריי, א שווערער אונ א ברייטער, ווי אנ אלמער. צוויי ראָטע־קאָמאנדירנ האָבנ דאָ אויך געשמועסט. אפנ הוילנ טיש זײַנענ געלעגנ שטיקלעך ברויט אונ אינ מיטנ איז געשטאנענ אנ אלטע שיסל מיט האָניק. ווער עס האָט געוואָלט א נאש טאָנ האָניק, האָט רעכט געהאט אונטערגיינ צומ טיש אונ ארײַנרוקנ אינ שיסל די האנט מיט א שטיקל ברויט. דער באטאליאָנ־קאָמאנדיר פלעגט מײַסע באלעבאָס בעטנ יעדערנ, ווער עס פלעגט אהער קומענ, פארזוכנ דעמ האָניק. פונ נאָכ מער באקוועמלעכקײַט וועגנ האָט מענ דעמ האָניק פאנאנדערגעווארעמט

אינ אויוונ אונ מע האָט אים געגעסנ צוזאמענ מיטנ וואקס אונ מיט א בינ אויכ, אויב זי פלעגט זיכ דאָרט פאקנ, האלטנדיק זיכ בא דעמ קלאל, אז דער מאָגנ פונ א סאָלדאט קענ איבערקאָכנ אייזנ, גייקעס אונ ביקסנ־שמירעכצ. ס'איז געווענ טומלדיק אונ אנ אומאָרדענונג. מענטשנ האָבנ פארגעסנ אפ דער מילכאָמע, האָבנ געשמועסט וועגנ פארשיידענע זאכנ, וואָס זיינענ ווייט גע־ווענ פונ מילכאָמע. דער באטאליאָנ איז געווענ אפ אָפרו אונ מע דארפ דאָכ טאקע אביסל אָפרוענ.

די טיר פלעגט זיכ אָנ אופהער אופעפענענ אונ פארמאכנ. גראָע קנוילנ קאלטע לופט פלעגט זיכ ארײַנרײַסנ אינ שטוב. איבער דער נידעריקער סטעליע האָט זיכ געוויגט דער בלווילעכער נעפל פונ טאבאק־רויכ.

דאָס מאָל האָט זיכ די טיר געעפנט מער פײַערלעכ, פאוואָליע אונ סטאטנע, אונ דעמ שוועל האָט אריבערגעטראָטנ א גאנצ קאָ־מישע טשיקאווע פיגור פונ א ציווילנ מענטשנ מיט א ביקס, מיט א יעגער־טאָרבע, ביז האלב־באדעקט מיט א וואָלפנ־פעל, וואָס איז געווענ אריבערגעוואָרפנ איבער דער פלייצע. נאָכ דעמ דאָזיקנ מענטשנ איז ארײַנ א רויטארמייער. ווענ דאָס וואָלט ניט געווענ דער אלטער טאלאש, אָדער אפילע ווענ דאָס וואָלט גע־ווענ דער אלטער טאלאש, נאָר אָנ דער וואָלפנ־פעל, וואָלט מענ אפ אימ מיסטאָמע ווייניק וואָס אכט געלייגט. אָבער די וואָלפנ־פעל אליינ האָט זיכ שטארק געוואָרפנ אינ די אויגנ אונ האָט נאָכ בוילעטער אונטערגעשטראָכנ דעמ אלטנס אייגנארטיקע פיגור. דער אלטער טאלאש איז געווענ אינ א קורצנ קאָזשוכל, אינ געווענטענע מייַטקעס מיט רימענע לאטעס. אפ די פיס האָט ער געטראָגנ לאפטיעס.

וויִאזוי האָט מענ געקענט ניט לייגנ קיינ אכט אפ אָט דעמ דאָזיקנ פאָלעסיער אינסורגענט? דער אלטער טאלאש האָט הויכ א זאָג געטאָנ: „גוטמאָרגנ״! אונ איז מיט זיינע פלינקע, שארפע אויגנ שנעל דורכגעלאָפנ איבער די פּנעמער פונ די מיליטער־

לײַט. זײַנע ליפּן זײַנען זיך פֿאַנאַנדערגעגאַנגען אין אַ מילדן שמייכל, װען ער האָט באַם טיש באַמערקט דעם כ' שאַליאַכין און האָט זיך צו אים האַסטיק אַ לאָז געטאָן. אַ ליכטיקער שמייכל האָט זיך אויך באַוויזן אויפֿן קאָמאַנדירס פּנים.

— אַ, אַן אַלטער פֿרײַנט! װאָס פֿאַר אַ שטורעם האָט אײַך אַהער פֿאַרטראָגן?

ער האָט שטאַרק אַ טרייסל געטאָן דעם אַלטנס האַנט און האָט אים אַוועקגעזעצט לעבן זיך.

— דאָס איז מײַנער אַן אַלטער פֿרײַנט, דער אַלטער טאַלאַש. איך בין בײַ אים געווען קוואַרטיר, — האָט ער געזאָגט צו די מי־ליטער־לײַט.

— נו, װאָס הערט זיך עפּעס נײַס בײַ אײַך? — האָט ער אַ פֿרעג געטאָן דעם אַלטן.

— עס, כאַווער קאָמאַנדיר, — האָט אַ זיפֿץ געטאָן דער אַלטער טאַלאַש: — נײַס איז פֿאַראַן אַסאַך, אָבער ניט קיין פֿריילעכע.

— װאָס איז, מיט די פּאָליאַקן זײַט איר ניט דורכגעקומען?

— גאַזלאָנים, מערדער, אײַנגעזונקען זאָלן זיי װערן! — און דער אַלטער טאַלאַש האָט פֿאַרצווייפֿלט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט.

דער אַלטער טאַלאַש האָט דערציילט װעגן אַלץ, װאָס מיט אים האָט זיך פֿאַרלאָפֿן, װעגן דעם סטויגל הײ, װיאַזוי ער האָט זיך דערנידעריקט פֿאַר די פּוילישע סאָלדאַטן, װי זיי האָבן געכויזעקט און זדיעקעװעט זיך איבער אים, װיאַזוי ער איז אַרויס פֿון די קײלים און עס האָט אויסגעבראָכן אַ געשלעג צווישן אים מיט די פּוילישע סאָלדאַטן. װי דער כאַראַקטער פֿון די געשעענישן, אַזוי האָט זיך געביטן אויך דער טאָן פֿונעם אַלטנס דערציילן. װען דער אַלטער האָט דערציילט, װי ער האָט זיך געבעטן, מע זאָל ניט נעמען דאָס סטויגל הײ, האָט זײַן טאָן אויסגעדריקט אונטערטעניקײַט און ראַכמאָנעס; װען ער איז דערגאַנגען אַריבער צום געשלעג מיט די סאָלדאַטן, האָבן זיך זײַנע אויגן אָנגעצונדן

מיט א קאמפ־פּײַערל, פּלוצלינג האָבן זיך זײַנע מוסקולן אָנגע־צויגן, ער האָט צונויפגעדריקט די פויסטן, איז אופגעשפּרונגען פון בענקל און מיט באַוועגונגען פון די הענט האָט ער באַוויזן ווי־אַזוי ער האָט א שמאָרע געטאָן די פּאָליאַקן, וויאַזוי זיי זײַנען אָפּגעפלויגן פון אים, וויאַזוי ער האָט זיך אויסגעריסן און גע־לאָזן זיך לויפן אין וואלד.

— בראוואָ, דיעד!—האָבן אים געלויבט די סאָלדאטן.

— ניט שוין־זשע ביסטו, זיידעניו, אזא געזונטער?—האָט אונ־טערגעצווייפלט דער ברייט־פּלייציקער בוקריי.

דער אַלטער טאלאש האָט אָפּ אים אויסגעטאַרטשעט זײַנע פלינקע טונקעלע אויגן און האָט זיך א ווײַלינקע אײַנגעקוקט אין אים.

— לאָמיר זיך א באָרע טאָן,—האָט שטיל אָבער פעסט און זיכער, מיט אן אנטשיידענער גרייסקײַט א מעסט צוטאָן די קוי־כעס מיט בוקרייען געזאָגט דער אלטער טאלאש.

די מיליטערלײַט האָבן אלע איניינעם פריילעך אפּלאָדירט.

דער דיעד איז א מאָלאָדיעץ! אָט דאָס איז א דיעד!

דער ברייט־פּלייציקער בוקריי האָט זיך געמוזט אָפּטראָגן און־טערן הילכיקן געלעכטער פון די מיליטער־לײַט. און דער אלטער טאלאש האָט מיט נאָך מער היספּײַלעס גענומען דערציילן וועגן די געשעענישן פון די לעצטע טעג, וועגן זײַן ארומשלעפּן זיך איבער די וועלדער, וועגן זײַן טוליען זיך אין פרעמדע ווינקע־לעך, וועגן זײַן באגעגעניש מיט געקריוודעטע מענטשן, וועגן פארשיידענע עפּיזאָדן פון זײַן לעבן. לעצטנס האָט ער זיך אָפּ־געשטעלט—און דאָס איז געווען דער צענטראלער אָרט אין זײַן דערציילונג—אפּ דעם, וויאַזוי די פּוילישע אָקופּאנטן זדיעקעווען זיך איבער מענטשן, וועלכע פילן מיט דער סאָוועטנמאכט, וויאַזוי מע האָט ארעסטירט זײַן פּאנאסן. און ווען דער אלטער האָט גע־רעדט וועגן זײַן זון, וועגן זײַן ארעסט און אומשולדיקע פּײַני־קונגען, וועגן די פּײַניקונגען פונעם ניט דערוואקסענעם, האָט זײַן

שטים געציטערט פון אופרעגונג, אין איר האָבן זיך געפילט נאָט־קעס פון טיפן פּאַטערישן אומגליק. און געענדיקט האָט ער די דערציילונג אזוי:

— איז ווי זשע זאָל איך גערעכטיקייט זוכן? צו וועמען זאָל איך זיך ווענדן, אויב ניט צו אײַך, כאַווײרים רויטע מיליטער־לײַט? בין איך טאַקע געקומען בעטן אַן אײַצע און הילפּ.

א יונגער מאַן, וועלכער איז געווען אָנגעטאָן האלב מיליטע־ריש און האלב ציוויל און האָט די גאַנצע צײַט אופמערקזאַם געהערט און געשוויגן, מיט א פּאַנעם, וואָס האָט אויסגעדריקט פארשטײַנערטקייט און פארגליווערטקייט, איז צוגעגאַנגען צו דעם אלטן טאַלאַשן.

— איך בין זייער צופרידן באַגעגענען זיך מיט אײַך. איר זײַט א בראַווער דיעד!—און האָט שטאַרק א דריק געטאָן דעם אלטן די האַנט. דערנאָך האָט ער זיך געווענדעט צו די מיליטער־לײַט.

— כאַווײרים! דעם אלטן דאַרף מען קומען צוהילפּ. מע דאַרף באַפרײַען זײַן זון. מע דאַרף!—האָט ער אונטערגעשטראָכן זײַנע לעצטע ווערטער.

דעם אלטנס פּאָנעם איז באלויכטן געוואָרן מיט א האָפענונג, און ער האָט מיט טיפער דאַנקבאַרקייט א קוק געטאָן אפן אומ־באַקאַנטן יונגן מאַן,—ווער־זשע איז ער?

— איך וועל, כאַווײרים, דינען מיט אײַך אײנײנעם, איך וועל אײַך העלפן, ווײַל דאָרטן האָב איך דאָך ניט ווי אהינצוטאָן זיך,— האָט מיט היץ גערעדט דער אלטער טאַלאַש.—איך קאָן דעם וואַלד, די בלאָטע, די טײַכלעך, די אָזערעס. איך וועל מיט אײַך דורכגיין אזוי, אז קיין איין פריצישער שעד וועט ניט חיסן פון דעם. און נאָך א זאַך בעט איך אײַך, כאַווײרים, גיבן מיר אַן עמעסע מילי־טערישע ביקס, אויב איר קענט ניט געבן, איז לײַט מיר כאָטש איך וועל אָפּנעמען בא די פּאָליאַקן, וועל איך אײַך, כאַווײרים, אומקערן זי.

אַט די דאָזיקע אומיטלבארקײַט, נאַיִוקײַט און ווילן צו האָבן א מיליטערישע ביקס האָט אופגעמונטערט די מיליטער־לײַט און האָט בא זײ ארויסגערופן נאָך מער סימפאטיע צום אלטן.

— מע דארף פארעכענען דעם אלטן אין די רייען פון דער רויטער ארמײ און ארויסגעבן אים א ביקס, ווי א רויטארמייער,— האָט האלב אין א געלעכטער און האלב ערנסט באמערקט איינער פון די ראָטע-קאָמאנדירן.

— א ביקס וועלן מיר דעם דיעד געבן,—האָט געזאָגט דער באטאליאָן־קאָמאנדיר, אָבער אפריִער דארף ער פארזוכן אונדזער האָניק. נעמט א ביסל האָניק!—האָט ער זיך געווענדעט צום אלטן טאלאש.

דער אלטער טאלאש האָט זיך לעכאטשילע עפעס אביסל צע־טומלט, אָבער די מיליטער־לײַט האָבן זיך אפ אים אָנגעזעצט נאָך שטארקער. בוקריי האָט אים דערלאנגט א שטיקל ברויט.

— עס, זיידינקע, מיר וועלן איניינעם מילכאָמע האלטן!

דעמלט ערשט האָט דער אלטער טאלאש געמאכט עטלעכע מאָל אן עקסקורסיע איבן דער שיסל האָניק.

— נו, כאוויירים, לאָמיר א טראכט טאָן, וויַאזוי קומען צוהילפ דעם אלטן, — האָט ווידער אָנגעהויבן ריידן דער באטאליאָן־קאָ־מאנדיר—פאר איין וועג וואָלט, נאָך מײַן מיינונג, ניט געשאט א טאפ טאָן אביסל טיפער, ווי האלט עס מיט די פוילישע פאָזי־ציעס... וואָס וועט איר אפ דעם זאָגן, כאוויירים?

—א ווילע זאך!

— ס׳איז א אידייע!

אײַנשטימיק האָט מען אונטערגעהאלטן דעם קאָמאנדירס מיינונג.

—דערלויב מיר, כאווער קאָמאנדיר, א וואָרט!

— רייד, בוקריי!

— הײַנט אינאָוונט בײַטן מיר אָפ דעם דריטן באטאליאָן. הײַנט טאקע ארויסשיקן אן אויסשפיר־אָטריאד און וואָס טיפער.

פאר דעם אויסשפיר־אָטריאַד צוקלײַבן . א צוויי־דרײַ צענדליק פרײַוויליקע... אויב איר וועט אָנטרויען אָט די דאָזיקע ארבעט מיר, וועל איך צוזאמען מיטן אלטן באטראכטן עס, און איך רופ זיך אליין ארויס אָפּ דער ארבעט.

בוקריי איז געווען אין באטאליאָן באוווּסט, ווי א מענטש, וואָס האָט א געוואגטן, דרייסטן, קאָמבינאטערישן קאָפּ. און מיט פאר־גענינגן האָט מען אים אָנגעטרויט אָרגאניזירן און דורכפירן די אויסשפירונג פונעם פוילישן הינטערלאנד. מע האָט באשטימט ארויסגעבן דעם אלטן טאלאשן א רויטארמייִשע ביקס און ער זאָל זײַן דער באגלייטער אין דער אויסשפירונג.

— איז האלטן מיר מילכאָמע, הייסט עס, זיידינקע—האָט בוקריי א זאָג געטאָן דעם אלטן און האָט אים ארופגעלייגט א האנט אפן פלייצע.

א צופרידענער און אופגערעגטער האָט דער אלטער טאלאש מיט ביידע הענט געטרייסלט בוקרייס האנט.

ווען דער אלטער טאלאש איז ארויס פון שטוב, איז נאָך אים אויך ארויס דער יונגער אומבאקאנטער כעווּרעמאן, וועלכער איז געווען געקליידעט האלב מיליטעריש, האלב ציוויל.

כ׳האָב געוואָלט מיט אײַך א שמועס טאָן אביסל,—מאכט ער צום אלטן:—וווּהין גייט איר איצטער?

— אָט דאָ... צו איינעם א באקאנטן.

— מיך אינטערעסירט צו וויסן,—האָט געזאָגט דער אומבאקאנ־טער:—ווען אײַך פערזענלעך וואָלטן די פּאָליאקן ניט באוווּלט, וואָלט איר געשטעלט זיך קעגן זיי?

דער אלטער טאלאש האָט זיך ניט געריכט אפ אזא פראגע און ניט ווינדיק, וואָס מיינט דער אומבאקאנטער, האָט ער געענט־פערט נייטראל:

— מ׳וואָלט מיך ניט געטשעפּעט, וואָלט איך זיי אויך ניט גע־טשעפעט.

דערנאָך האָט ער אביסל א טראכט געטאָן און צוגעגעבן:

— סאָפּקאָלסאָפּ  וועל איך אײַך זאָגן, אַז איך ווייס ניט, ווי עס וואָלט געהן.

דער אומבאקאנטער האָט געשוויגן.

— נו, און צי ווייסט איר, וואָס עס טראָגט מיט זיך די פּוילישע מילכאָמע, און ווער האלט עס מיט אונדז מילכאָמע?

— זיי ווילן מיסטאָמע אַ אייגענע פּוילן אויסבויען.

— און ווען זיי וואָלטן אויסגעבויט, ווי איר זאָגט, אַ אייגענע פּוילן, איז וואָס וואָלטן זיי אײַך, דער פּויערישער אָרעמקייט, און אונדז, די ארבעטער, געבן?

דער אלטער סאלאש האָט אָרײַנגעקוקט דעם אומבאקאנטן אין די אויגן.

— זאָגט נאָר, ווער זײַט איר?

דער אײַנגעשלאָסענער פּאָנעם פונעם אומבאקאנטן האָט זיך באלויכטן מיט א גוטמוטיקן שמייכל.

— איך בין אַ ארבעטער פון האָמעל. איך האָב א פאמיליע, ווי יעדער איינער, אָבער דאָ דארף איך זי ניט האָבן. און אויב איר ווילט רופן מיך באם נאָמען, רופט מיך ניעווידני [1].

האָט זיך פארכידעשט דער אלטער סאלאש.

— און איך וואָלט אײַך גיכער אָנגערופן דיווני [2].

„ניעווידני", ווי ער האָט זיך אליין אָנגערופן, האָט א שמייכל געטאָן:

— ניין, דאָ איז ניטאָ קיין שום ווונדער, — האָט ער געזאָגט: — די זאך באשטייט אין דעם, וואָס איך פיר א געהיימע, אָדער ווי מען זאָגט, אַ אונטערערדישע ארבעט פון אונדזער פּארטיי באָלשעוויקעס. און אויב איר האָט געהערט, אַז ערגעץ־ווו קומען פאָר אופשטאנדן קעגן די פּאָליאקן, איז דאָ פאראן אויך מײַנע אביסל ארבעט.

---

[1]) ניעווידני — אין ווײַסרוסיש באטײַט עס, מע זעט אים ניט. (איבערז.)

[2]) דיווני — אין ווײַסרוסיש באטײַט עס — וווּנדערלעכער. (איבערז.)

דעמלט האָט דער אַלטער טאַלאַש מיט א שטילער שטים געמאָלדן:

— עהע! איך האָב אויך אָנגעהויבן אַזאַ אַרבעט.

— איך האָב געזען, אַז איר זייט א נייטיקער מענטש, אָבער איר דאַרפט א קוק טאָן אויף דער וועלט אַביסל אויף אַן אַנדער אופן און א ביסל ווייטער.

גיעווידני האָט דערציילט דעם אַלטן טאַלאַשן זייער טשיקאַווע זאַכן און דער אַלטער טאַלאַש האָט ניט געקאָנט ניט מאַסקים זיין מיטן עמעס פון זיינע ווערטער.

XIV

דער אַלטער טאַלאַש איז ניט גלאַט א באַגלייטער אין בוקרייס אויסשפּיר־אָטריאַד. ערשטנס, איז ער אַליין א פּולבאַרעכטיקטער אַרמייער: ער האָט די „עמעסע" מיליטערישע ביקס און 45 קוילן. צווייטנס, איז בא אים פאַראַן זיינע אַן אייגענע קאָמאַנדע, גאַנצע 8 מאַן פּויערים פון וויסאָקאַיאַ רודניאַ. און דער דאָזיקער אוילעם איז געווען א ספּריטנער און דרייסטער. צונויפקלייבן אַזאַ קאָמאַנדע איז געווען ניט אַזוי גרינג, אָבער דער אַלטער טאַלאַש האָט ניט געזשאַלעוועט קיין הייסע, ווי פייער, ווערטער און געדיכטע פאַרבן אויף צו פאַנאַנדערוואַרעמען דאָס בלוט פון זיינע מענטשן און לאָזן זיי אין קאַמף קעגן די צעיושעטע אָקו־פּאַנטן.

— ניט שוין־ושע, כאַווייִרים, ווען איר וואַרעמען די פּוזעס אויפן אויוון און וואַרטן, ביז עס וועט אויך צו אונדז קומען דער פּאַליאַק און געבן מיט א דוּיבּניע איבערן קאָפּ? דער פּאַן וועט אייך ניט שאַנעווען, ער וועט אייך דערמאָנען יעטווידער דעמבעלע, וואָס איר האָט אויסגעהאַקט אין וואַלד, אויך דאָס פעלד וועט ער צונעמען בא אייך, ער וועט אייך מאַכן פאַר באַטראַקעס אין זיין מאַיאָנטעק. די לעצטע פעדעם וועט ער אַרויסציען פון אייער העמד, מיר דאַרפן העלפן אונדזער רויטער

אַרמיי אַרויסטרײַבן די פּריצישע קלאָווים, אַז ניט די פּריצים, נאָר מיר אַליין, די אָרעמשאַפט און די אַרבעטער מיט די כאַ־ ווײַרים באָלשעוויקעס זאָלן זײַן דאָ באַלעבאַטים און זאָלן אָפּן אייגענעם אויפן אײַנאָרדענען דאָס לעבן.

ניט די לעצטע ראָל האָבן אין דער דאָזיקער מאָביליזאַציע פון די 8 פּויערים געשפּילט דעם אַלטנס מײַסעס וועגן אַנטוואָפּענען דעם פּוילישן קאָנוואָי און באַזונדערס מאַרטין רילס ביקס, וועלכע ער האָט געקראָגן, בײַם מע האָט אַנטוואָפּנט די פּאָליאַקן. מאַר־ טין רילן האָבן דאָ אַסאַך געקענט. עס איז פּאָשעט אינטערעסאַנט געווען אַ קוק טאָן אָפּ דער דאָזיקער ביקס. באַזונדערס איז דעם אַלטן געקומען צוהילפּ ניעווידני, ווײַל ער איז געווען אַ ספּעצי־ אַליסט אין די דאָזיקע איניאָנים.

פּאַרנאַכטלעך האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אין וועג צוויי גרופּעס מיליטער: 30 רויטאַרמייער מיט בוקרייען אינדערשפּיץ און 8 מאַן פּויערים אונטער דער קאָמאַנדע פונעם אַלטן טאַלאַשן, אַרום און אַרום פּערציק מאַן. און געווען איז עס דער צווייטער טאָג פון יענע 3 טעג, וואָס דער אַלטער טאַלאַש און מאַרטין ריל האָבן זיך געדאַרפט פאַרייניקן אין דאָלגי־בראָד. דער אַלטער טאַלאַש האָט עס שטאַרק געהאַלטן אין זינען. אָפּ אַזאַ אויפן האָבן זיי נאָך געהאַט אַ גאַנצע לאַנגע ווינטערדיקע נאַכט און אַ גאַנצן קורצן ווינטערדיקן טאָג. עס איז געווען גענוג צײַט אָפּ ניט אײַלנ־ דיק קומען צו דער צײַט אָפּ דעם אָפּגערעדטן אָרט.

דער וועטער איז ווייכער געוואָרן. נאָך פון אָוונט אָן האָט דער הימל פון דאָרעם־זײַט פאַרצויגן זיך מיט אַ דויכיקן געשפּרייט פון לײַכטע וואָלקנס, און איבער די ווײַטע וועלדער איז אַראָפּ־ געהאַנגען אַ דינער בלוילעכער נעפּל, אַן אָנזאָג אָפּ אַן אָטליע. די העלע הימל־פאַרבן זײַנען טונקל געוואָרן און אָפּ דער ערד האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אַ פינצטערניש. דער מאַרשרוט איז געווען פאָרויס באַשטימט דורך בוקרייען און דורך דעם אַלטן טאַלאַשן באַם לעבנהאַפטן אָנטייל פון די אויפשטענדלער־פּאַרטיזאַנער, וועלכע

האָבן פאָרגעשטעלט דעם אלטן טאַלאַש מיליטער. זיי זײַנען אויך געווען באוואָפנט מיט מיליטערישע ביקסן. דער ערשטער אָפּשטעל אין וועג איז באשטימט געווען מאכן אינעם פאָלוואַרעק ווירקוציע.

בוקריי איז א מענטש מיט א רײַכער מיליטערישער פראקטיק. ניט איינמאָל האָט ער דורכגעמאכט אזוינע מארשן, ניט איינמאָל איז ער געווען אין שלאכטן סײַ אפן פראָנט פון דער אימפעריאַליסטישער מילכאָמע, סײַ אפ די פראָנטן פונעם בירגער־קריג. געווען איז ער אי אפן אוראַלער פראָנט, אי אונטער אסטראכאן, אי אין די ברייטע סטעפּעס פון אוקראַיִנע. די רויטארמייער האָבן אים ליב געהאט און פלעגן זיך פארלאָזן אפ אים. ער האָט אָפּגעגעבן א באפעל די נאטשאלניקעס פון די אָפּטיילונגען אָנעמען מיטלען אפ פארהיטן די מארש־קאָלאָנע. עס זײַנען ארויסגעשיקט געוואָרן פלאַנגאָווע און פאָרויסגייענדיקע פאטרולן, עס איז אײַנגעשטעלט געוואָרן א געהעריקע פארבינדונג צווישן דעם פאטרול מיטן יאָדער פון דער קאָלאָנע. דער אלטער טאַלאַש פלעגט זיך צוקוקן צו בוקרייען, פלעגט זיך צוהערן צו זײַנע באפעלן און צו דער קאָמאנדע און האָט עס אלץ גענומען זיך אין זינען. אלס באגלייטער, אפ וועלכן עס איז געלעגן די פאראנטוואָרטלעכקײַט צו אָפּהיטן דאָס מיליטער פון פארשיידענע שלעכטע אומגעריכטקײַטן אין וועג, האָט ער ארויסגעוויזן פיל זאָרגזאמקײַט פאר דעם, אז אלץ זאָל זײַן גוט און בעשאָלעם. דאָס פלעגט ער אָפּשטיין אפ א מאָמענט פון דער קאָלאָנע, דאָס פלעגט ער פארגיין פאָרויס אָדער אָפּגיין אָנאזײַט, אוועקגיין פונעם טומל, פון דער טופערײַ, פלעגט זיך אָפּשטעלן און גוט צוהערן זיך צו די קלאַנגען פון דער ווינטער־נאכט און צום פארדעכטיקן גערויש פון וואַלד. עס איז אים אָנגענעם געווען צו פילן, אז אפ זײַנע פלייצעס האָט זיך פעסט צוגעטוליעט די שווערע „עמעסדיקע" ביקס מיטן שארפן באגנעט, מיט וועלכן עס איז ניט שרעקלעך ארויסטרעטן אפילע איינער אפ איינעם קעגן א

בער. אלץ, וואָס ער האָט געזען און איבערגעלעבט אין וויסאָ־
קאיא רודניא, איז איצט אָפּגעטראָטן אפּ ערגעץ ווייט און פאר
אים זײַנען אופגעשטאנען נײַע געשעענישן אזוי, ווי דאָס האָט
דיקטירט דער גאנג פון די געשעענישן,—די באגעגעניש מיט רילני
דער פּלאַן פון באפרײַען פאנאסן און די ווײַטערדיקע געשע־
ענישן, וועלכע עס איז אזוי שווער פאָרויסצוזען. אָבער דער אל־
טער טאלאש האָט געפילט איצטער הינטער זיך א קראפט און
זיכערקײַט; די דאָזיקע קראפט און בריטקײַט האָט אים צוגעגעבן
אין א באדײַטנדיקער מאָס אויך די „עמעסדיקע" ביקס. אז ער
פלעגט אָפּגיין אביסל ווײַטער און בלײַבן איינער אליין, פלעגט ער
אראָפּנעמען פון די פלייצעס די ביקס, פלעגט זי נעמען „אפּן האנט"
וועדליק גיין אפ שפּיזן, ווי דאָס האָט אים באוויזן בוקריי. א לעכער־
לעכע פּאָזע פלעגט דאן באקומען דער אלטער טאלאש: ער פלעגט
נעמען די ביקס מיט דער רעכטער האנט פארן האלדז גידעריקער
פונעם שלאָס, מיט דער לינקער האנט פלעגט ער זי אונטערכאפּן
פון אונטן און אליין פלעגט ער זיך צוזעצן, אײַנגעבויגן אין די
קני, ארויסשטעלנדיק אביסל פאָרויס די לינקע פוס. און זײַן פּאָ־
נעם איז דאן געווען גרויזאם, ווי בא א מענטשן, וועלכער איז
גרייט געבן א טויט־קלאפּ זײַן סוינע. אָבער די דאָזיקע איבונגען
האָבן ניט פארשטעלט מיט זיך דעם אלטנס דײַגעס וועגן דורכ־
פירן די קאָלאָנע בעשאָלעם.

ביזן פּאָלוואַרעק ווירקוציע איז געבליבן א וויאָרסט דרײַ. דער
אלטער טאלאש האָט שטיל צוגערופן צו זיך צוויי מענטשן פון
זײַן קאָמאנדע—קופּריאַנטשיק און נופּרייען—און האָט זיי גע־
געבן א באפעל א לאָפּ טאָן אפּן פּאָלוואַרעק דערוויסן זיך, צי
זײַנען דאָרט ניטאָ קיין פּאָליאקן. קופּריאַנטשיק און נופּריי
האָבן זיך א שמיגל געטאָן ניט באמערקטערהייט און זײַנען פאר־
שוונדן געוואָרן אין דער פינצטערניש פון וואלד, און די קאָ־
לאָנע איז מיט די זעלבע טעמפּן, אײַנהיטנדיק שטילקײַט און
אָרדענונג, געגאנגען זיך ווײַטער. דער וואלד האָט זיך שוין גע־

ענדיקט און די קאָלאָנע האָט שוין באַלד געדאַרפט אַרויס אַפּ
א פעלד צווישן וועלדער, ווו עס געווען דער פּאָלוואַרעק וויר־
קוציע. דער אַלטער טאַלאַש איז אונטערגעגאַנגען צו בוקריייען.
— באַלד גייען מיר צו צום פּאָלוואַרעק,—האָט ער שטיל גע־
מאָלדן דעם נאַטשאַלניק פון דער קאָלאָנע.—מע דאַרף זיך אָפּ־
שטעלן.
בוקריי האָט איבערגעגעבן ווי דורך א קייטל די קאָמאַנדע אַפּ
אָפּשטעלן זיך.
— אַלנפאַלס דאַרף מען שיקן אויסשפּירן דעם כוטער,—האָט
ער געזאָגט.
בוקריי האָט שוין געוואָלט אַרויסשיקן אַן אויסשפּיר־אָטריאַד.
— איך האָב שוין אַוועקגעשיקט מײַנע מענטשן,— האָט ראַ־
פּאָרטירט דער אַלטער טאַלאַש.
— ריכטיק געטאָן, זיידינקע!—האָט אים געלויבט בוקריי—אין
מאַרש, אַפּ מילכאָמע האָבן די אויסשפּירונג און די פאַרבינדונג
זייער א וויכטיקע באַדײַטונג,—האָט ער געלערנט דעם אַלטן.
אין א צוויי מינוט אַרום זײַנען פון דער פינצטער אַרויסגע־
שוווּמען דרײַ פיגורן... דאָס זײַנען געווען קופּריִאַנטשיק און
נופּריי און מיט זיי עמעצער א דריטער.
דעם אַלטנס אויסשפּירער האָבן געמאָלדן:
— אינעם פּאָלוואַרעק זײַנען פּאָליאַקן! פרעגט זיך פאַנאַדער
אָט בא אים אָ, ער ווייס וועגן זיי מערער,—און זיי האָבן אָנ־
געוויזן אַפּ דעם מענטשן, וואָס זיי האָבן געבראַכט.
בוקריי האָט אים אָנגעהויבן פאַנאַנדערפרעגן:
— ווער ביסטו?
— דאַרווידאָשקע,—האָט געענטפערט דער מענטש, וועלכן זיי
האָבן געבראַכט.
דאַרווידאָשקא צי דאַציאַגנידאָשקא — דאָס איז ניט וויכטיק,—
האָט באַמערקט בוקריי: וואָס ביסטו פאַרא מענטש? מיט וואָס
פאַרנעמסטו זיך?

— א מענטש בינ איכ...— אונ דארווידאָשקא האָט האָפענונגלאָז א מאכ געטאָנ מיט דער האנט—אונ איכ פארנעמ זיכ ניט מיט דאָס, מיט וואָס מע דארפ.

— ווי האָט איר אימ גענומענ?—האָט געפרעגט דער אלטער טאלאש זײַנע אויסשפירער.

— דאָס איז דאָכ א באטראק פונ ווירקוציע... ער האָט אביסל אויסגעטרונקענ.

— אהא, א באטראק!—האָט מאסקימ געווענ דער מאָדנער דארווידאָשקא,—נו טאקע אויסגעטרונקענ... נו, איז וואָס, אז אויסגעטרונקענ...

— איז מיט וועמענ האָסטו געטרונקענ?—האָט זיכ פאנאנדער־געפרעגט בוקריי.

— א סאָלדאט האָט אונטערגעטראָגנ אינ א פליאשקע. א פאָליאק. דאָרט, ברודערקע, זײַנענ זיכ פאָליאקנ צונויפגעפאָרנ... פאנעכ, פאנענקעס, אָפיצערנ... מע טרינקט! מע הוליעט. זאָגט מיר איינער א סאָלדאט,—מע האָט אימ פאר א וועכטער אוועקגעשטעלט, ברענג, זאָגט ער מיר, א מיידל... אפ מײַנ וואָרט!

דער באטראק האָט אָנגעהויבנ דערציילנ אינטערעסאנטע מײַסעס.

— עפעס אסאכ אָפיצערנ זײַנענ דאָרטנ? האָט זיכ נאָכגעפרעגט בוקריי.

— דרײַענ... נו יע, דרײַענ.

— אונ סאָלדאטנ זײַנענ פאראנ?

— פאראנ סאָלדאטנ אויכ... נו יע. פאראנ.

— וויפל זײַנענ זיי דאָרטנ?

— אָט מיסטאָמע א מענטשנ זעקס... נו, טאקע זעקס!

דער כיטרער בוקריי האָט גלײַכ צונויפגעשטעלט א פלאָנ, וואָס ער האָט צו טאָנ. פארנ גרונט פונ דעמ פלאנ האָט ער גענומענ דאָס מיידל.

— אָט וואָס, ברודערקע דארווידאָשקא, הער זיכ אײַנ אונ פאר־

גערענק עס: דו זאָלסט ברענגען דעם סאָלדאַט, וואָס שטייט אַפ דער וואַכטע, א מיידל.

דאַרווידאָשקא איז פאַרצווייפלט געוואָרן.

— איז ווו זשע זאָל איך זי נעמען? נו יע, ווו?

— דו הער מיך: דאָס מיידל וועל איך זיין.

— כי־כי־כי! — האָט זיך צעלאַכט דער באַטראַק: אזא מיידל קען א בריקע טאָן אויך. נו יע?

די רויטאַרמייער און פאַרטיזאַנער האָבן זיי אַרומגערינגלט. בוקריי אויסטראַכטעניש האָט אַרויסגערופן א פרייל עכע שטימונג.

— מיר וועלן קומען אַהין, — האָט בוקריי אַנטוויקלט ווייַטער זיין פּלאַן: — איך וועל זיך אָפּשטעלן ערגעץ אַפ א הויף, און דו וועסט זאָגן, — איך האָב געבראַכט א מיידל. רעכט?

— רעכט!.. כי־כי־כי!

בוקריי האָט אָפּגעפירט אָנאַזייַט די נאַטשאַלניקעס פון די אָפּ־טיילונגען און דעם אַלטן טאַלאַשן האָט ער געגעבן א באַפעל, וואָס ווו ווער עס זאָל טאָן.

לענגויס דעם וועג אין פּאָלווארעק קימאַט פון רעכטן וואַלד אָן האָבן זיך געצויגן געדיכטע אַלטע ליפּאָווע אַלייעס. די קאָלאָנע האָט זיך צעטיילט אַפ צוויי העלפטן און האָט זיך גע־רוקט צום פּאָלווארעק טוליענדיק זיך צווישן די גראָבע ביימער. בוקריי און דער באַטראַק זייַנען געגאַנגען פאָרויס. נאָך זיי איז געגאַנגען דער אַלטער טאַלאַש און זייַנע צוויי אויסשפּירער. דער־גייענדיק ביזן הויף האָט זיך די קאָלאָנע אָפּגעשטעלט. בוקריי האָט אַראָפּגענומען דעם שינעל, האָט אים אָפּגעגעבן דעם אַלטן טאַלאַשן און אַליין האָט ער אָנגעטאָן זייַן פּעלצל. בא איינעם א פּאַרטיזאַן האָט זיך געפונען א טיכל, וואָס האָט געדינט פאַר א שאַליק, און אָנשטאָט א קלייד האָט דער אַלטער טאַלאַש אַרומגעדרייט בוקרייען מיט דער וואָלפן־פעל. אין דער פינצטער האָט ער אויסגעזען ווי א שרעקלעך מיִעסע פרוי, און דאָס האָט

ארויסגערופן א געלעכטער, ניט קוקנדיק אפ דעם, וואָס דער מאָ־
מענט איז געווען אַן אָנגעשטרענגטער.

בוקריי און דארווידאָשקא האָבן זיך אָפּגעטיילט פון דער קאָ־
לאָנע. הינטער זיי זײַנען אפּ א געוויסן מעהאלעך געגאַנגען
דער אלטער טאַלאַש און צוויי פּארטיזאנער. בוקריי האָט
אויסגעקליבן אַן אָרט אין א פּינצטערן ווינקל פון הויף לעבן
עפּעס א געבײַדע, האָט אפ יעדן פאַל צוגעגרייט דעם נאגאַן.
דארווידאָשקא איז אוועק אָנאָזײַט פון שטאַל צום
סאָלדאט מיט א ראַפּאָרט. לעבן שטאַל איז קיינער ניט געווען.
דער סאָלדאט האָט זיך א לאָז געטאָן נעענטער צום צימער, וווּ
עס האָבן העל געלויכטן די פענצטער, וואָס זײַנען געווען פארהאַנגען
מיט א לײַכטער פאָרהאַנקע. דורך א ניט צוגעדעקטער שטיקל שויב
האָט ער דאָרט געזען א יונגן, שיינעם שווארץ־כיינעוודיקן אָפּי־
צער, וועלכער איז געזעסן בא א ראָיאַל און האָט איבערגעקליבן
מיט די פינגער די קלאַווישן. די קלאַנגען פון ראָיאַל זײַנען, צו-
נויפגיסנדיק זיך אין א שיינער מעלאָדיע, קוים דערפלויגן צו די
אויערן פונעם סאָלדאט. פונדערווײַטנס איז געשטאַנען א שלאַנקע
בלאָנדינקע און ווי א פארקישעפטע געהערט די מוזיק, ניט אראָפּ־
נעמענדיק די אויגן פונעם מוזיקאנט. וואָס איז געווען אין די
געפילן פון אָט דער דאָזיקער קרעפּטיקער מיידל? יענער מאָמענט,
ווערט געוויס מיסטאָמע, מיט טיפן שפּור אײַנשנײַדן זיך איר אין
הארצן, און זי וועט לאַנג געדענקען יענעם אומפארגעסלעכן
אָוונט, יענע מעלאָדיע און די געשטאַלט פונעם שיינעם שווארץ־
כיינעוודיקן מוזיקאנט־אָפיצער מיט דעם פארטײַעטן אומעט אין
די פינקלדיקע שווארצע אויגן.

דער סאָלדאט פון זײַן זײַט האָט ניט אראָפּגענומען קיין אויג
פון דער בלאָנדינקע און האָט אונטערגעזיפצט. אין דעם מאָמענט
איז צו אים צוגעגאַנגען דער באַטראַק. דארווידאָשקע האָט גע־
מוזט א צי טאָן דעם סאָלדאט, קעדיי אומקערן אים צום פאָל־
ווארעק־הויף פונעם טרוימען־לאַנד.

— א יונגע מיידל געבראכט! — האָט אים דארווידאָשקא איַינגע־רוימט א סאָד.

דער סאָלדאט האָט זיך א כאפ געגעבן, האָט זיך ארומגעקוקט און בארויִקט.

— ווּ איז זי? — האָט אופגערעגט געפרעגט דער סאָלדאט.

— לעבן שיַיער ווארט זי — זי שעמט זיך גיין אליין, נו, אוואדע.

— א יונגע?

— נאָך א מין יונגע! נו, אוואדע... אָ, אן אויזון, א מיידל א פיַיער!

דער סאָלדאט איז געוואָרן אופגערעגט. ער האָט פארדרייט די וואָנצעס ארופ און, אונטערזינגנדיק פריילעך א לידל, איז ער גיך אוועק נאָכן באטראק.

די „יונגע מיידל". האָט זיך נאָך פעסטער געטוליעט צום וואנט, און מאכנדיק דעם אָנשטעל, אז זי שעמט זיך, האָט זי זיך א רוק געטאָן אביסל אפ צוריק, דער באטראק האָט זיך אָפּגעשטעלט און דער סאָלדאט איז זיך האָפערדיק געטראָטן פאָרויס.

— שעם זיך ניט, נעשאָמע מיַינע!

אוועקגעשטעלט די ביקס לעבן וואנט, האָט דער סאָלדאט דע־ליקאטנע צוגעטוליעט זיך צו דער „יונגער מיידל". אין איין מינוט האָט די „יונגע מיידל" א קוועטש געטאָן ווי מיט איַיזערנע רייפן דעם פארליבטן קאוואליער און האָט אים א לייג געטאָן אין דעם שניי.

— קיין איין פּיפּס, כאָליערע דו, וואָרעם איך מאך דיר דאָ א טויט אפן אָרט!

די „יונגע מיידל" האָט מיט א געדיכטער מאנצבילשער שטים געדראָט דעם סאָלדאט. די גאנצע ליבע־שטימונג איז ווי מיטן האנט אָפּגענומען געוואָרן. ער האָט נאָר א שעפּטשע געטאָן:

— דער פאן גאָט איז מיט אונדז, גיַיסט הייליקער!

— ניט דער פאַן גאָט און ניט דער הייליקער גײַסט, נאָר דער ווזוואָד־קאָמאַנדיר בוקריי.

דעם סאָלדאַט האָט מען אָפּגעפירט אונטער די ליפּעס. די רויטאַרמייער און די פּאַרטיזאַנער האָבן זיך אַרײַנגעריסן אין הויף, האָבן אַרומגערינגלט דעם צימער און די הויפּישע כאַטע, ווו לעגיאָנערן האָבן זיך פאַרבראַכט בא א גלעזל בראַנפן, אַוועק־שטעלנדיק די ביקסן אין א ווינקל לעבן שוועל.

איין מאָמענט און אין דער הויפּישער כאַטע האָבן זיך אַרײַנ־געריסן די רויטאַרמייער און די פּאַרטיזאַנער.

— ניט פון אָרט! — האָט א דונער געטאָן בוקריי אין צימער.

— די הענט אַרויף! — האָט א געשריי געטאָן אין דער הויפּישער כאַטע דער אַלטער טאַלאַש, וועלכער איז געגאַנגען אינדערשפּיץ פון זײַן קאָמאַנדע.

די סאָלדאַטן האָבן געהאָרכזאַם אויפגעהויבן די הענט.

און אין צימער איז די שלאַנקע בלאָנדינקע אין כאַלאַשעס געפאַלן. עס האָט אנטשטומט דער ראָיאַל. דער מוזיקאַנט־אָפיצער איז געבליבן פאַרגליווערט אין דער פּאָזע, אין וועלכער ער איז געזעסן. ס'האָבן א בראַזגע געטאָן איבערן דיל די טעלער און די קעלישעקלעך, וועלכע עס האָבן צעוואָרפן די איבערגעשראָ־קענע געסט. און אויגן, פולע מיט גרויל, האָבן געקוקט אַף די שטאָלענע שפּיצן פון די אָנגעבויגטע רויטאַרמייִשע באַגנעטן און אַף די פינצטערע מײַלער פון די שרעקלעכע נאַגאַנען.

— מיר זײַנען פאַרפאַלן! — האָבן געשעפּטשעט די בלאַסע ליפּן פון דעם שיינעם שוואַרצכיינעוודיקן אָפיצער-מוזיקאַנט.

## XV

אין דער זעלבער נאַכט האָט מען די געפאַנגענע סאָלדאַטן און אָפיצערן, אַזוי גרויס ווי 9 מאַן, אַרײַנגעזעצט אין פאַראַדנע ווע-געלעך, אַף וועלכע ס'האָט זיך צונויפגעפאָרן די שליאַכטע, פײַערן א באַנקעט לעכּאָווד דעם, וואָס עס איז באַנײַט געוואָרן די

פוילישע מעלוכע און לעקאָוועד דער פוילישער ארמיי. און אונ־
טער א קאַנוואָי פון רויטארמייער, וואָס האָבן זיך צעזעצט אפ
די פערד פון די געפאנגענע פאָליאקן, האָט מען זיי אוועקגעשיקט
אין דאָרפ וויסאָקאיא רודניא. דארווידאָשקא און איינער פון די
פארטיזאנער האָבן זיך געזעצט פאר פורמאנעס. דארווידאָשקא איז
פונקט אויסגעקומען זיצן אפ דער פור, אפ וועלכער ס'איז אויך
געזעסן יענער סאָלדאט, וואָס האָט ניט לאנג באגעגנט זיך מיט
דער „יונגער מיידל". שווייַגנדיק און פול מיט |האס האָט דער
דאָזיקער סאָלדאט געוואָרפן בליקן אפ זייַן פארעטער דעם „שאדכן",
און דער „שאדכן" האָט בלויז גנייוויש אונטערגעשמייכלט און
מיטאקיווג שטארקער געטריבן די פערד.

דאָס אויסטרינקען און צוביַיסן (און אפ דעם האָט די שליאכ־
טע ניט געקארגט קיין געלט צוליב אזא גרויסער סימכע) האָבן
עפשער ניט אינגאנצן, אָבער אין א גרויסער מאָס, אריינגע־
פייַקלט די רויטארמייער און די פארטיזאנער. נאָך דעם ווי זיי
האָבן זיך אָפגעפארטיקט מיטן באנקעט און גוט פארזאָרגט זיך
אפן וועג, האָט זיך די מיליטערישע טייל אינדערשפיץ מיט בר־
קרייען געלאָזן אין וואלד אריַין. בלייַבן דאָ נעכטיקן האָט בר־
קריי געהאלטן פאר געפערלעך. אין פאָלווארעק האָט מען אוועק־
געשטעלט עטלעכע וועכטער, וועלכע מע האָט באפוילן, אז זיי
זאָלן אפ א געוויסער צייַט קיינעם ניט ארויסלאָזן פון פאָלוואַ-
רעק. די געסט זייַנען געזעסן ווי מייַז אין א פאסטקע, און די
שלאנקע בלאָנדינקע האָט זיך פארוקט אין א ווינקל און האָט
מיט הארצווייטעק און אומעט געטראכט וועגן דעם, ווי קורץ און
ניט זיכער עס איז דאָס גליק אפ דער וועלט. און די געשטאלט
פונעם שיינעם יונגן אָפיצער־מוזיקאנט איז, ווי א לעבעדיקע,
געשטאנען פאר אירע אויגן.

דער אלטער טאלאש האָט געוווּסט, ווו אין די געדיכטע־
נישן פון די מאָזירער וועלדער זייַנען פאראן אפגיך געמאכטע
בייַדלעך, ווו זומער צייַט פלעגן זיך אָפשטעלן די סמאָליארעס.

אהער האָט ער אוועקגעפירט די רויטארמייער און די פאר־טיזאנער. אהער האָט אויך געדארפט קומען, נאָכן ענדיקן די וואכטע, קופּריאַנטשיק מיט א טייל רויטארמייער. קופּריאַנטשיקן האָט דער אלטער טאלאש געלאָזן פאר א באגלייטער, וואָס זאָל ווײַזן די וועכטער־רויטארמייער דעם וועג צו די בײַדלעך פון די סמאָליארעס.

דרײַען זײַנען זיי געווען. זיי זײַנען געשטאנען צווישן די שלאנקע ביימער פון דער ווילדער וואלד־געדיכטעניש, וווּהין עס פלעגט זייער זעלטן ארײַנקוקן א מענטשלעכע אויג. די בײַדלעך האָבן געהאט די פאָרמע פון א געוויינלעכער סטרעכע, וואָס שטייט אפ דער ערד. ארום זיי איז זייער געדיכט ארומגעוואקסן דער יונגער יאדלאָווער וועלדל. פיר פעסטע סלופעס אין די ווינקלען, פיר גראָבע פלעקענער, וועלכע זײַנען צוגעפעסטיקט געוואָרן צו די סלופעס און א גאנצע נעץ לאטעס, וועלכע זײַ־נען געווען צוגעקלאפט צו די פלעקענער מיט הילצערנע טשוועקעס. שטײַפּ און געדיכט ארומגעפלאָכטענע מיט יאדלאָווע לאפּ־קעס — אָט אזעלכע זײַנען געווען די סמאָליארישע בײַדלעך. געשטאנען זײַנען זיי דאָ שוין א לענגערע צײַט. די קליינינקע שטעכלקעס פון די יאדלאָווע לאפּקעס זײַנען צעדארט געוואָרן און אָפּגעפאלן, אויסבעטנדיק די דעק פון די בײַדלעך מיט א דיקן פּוכיקן שיכט.

די פארטיזאנער האָבן אָפּגערייניקט דעם שניי, האָבן צוגע־גרייט אן אָרט אפ פאנאנדערלייגן א פײַער. די רויטארמייער האָבן שנעל אָנגעטראָגן האָלץ און פאנאנדערגעלייגט א שײַטער. ליבלעך האָט זיך צעברענט דער פײַער און מיט זײַן גאָלדענעם פינקלען האָט ער זיך צעשפּרייט איבער די גראָבע שורפּאטע שטאמען, איבער דער גרינקײַט פון די קוטשעראווע יאָדלעס, איבער די שינעלן און פּעגעמער פון די רויטארמייער און פאר־טיזאנער. די שטילקײַט פון דער פארגליווערטער וואלד־געדיכטע־ניש איז צעשטערט געוואָרן מיטן קומען פון אָט די גרויזאמע

מענטשן, וואָס האָבן דאָ פאר זיך געפונען אן אָרט אפ אָפּצו־רוען די נאכט.

ווי מוראשקעס זײַנען דאָ אומגעקראָכן די מענטשן. ווער עס האָט געטראָגן האָלץ און געוואָרפן אין שײַטער; ווער עס איז געשטאנען לעבן פײַער און האָט זיך געוואַרעמט, אונטערשטעלנ־דיק צום פײַער אמאָל איין זײַט, אמאָל דעם צווייטן זײַט, די פּלייצע; ווער עס האָט באטראכט די בײַדלעך, געזוכט א גוטן ערטל פארן פארמאטערטן גוף און ווער עס האָט זיך געפּאָרעט ארום די געבראכטע בערוועס און געפּרוּווט זיך אלץ מאכן פון זיי א מין בענקל, אז מע זאָל זיך קאָנען צושפּארן און אָפּרוען די נאכט.

פארנומענע די פּאָזיציעס ארום שײַטער, ווו ווער עס האָט נאָר געקענט, זײַנען געזעסן די רויטארמייער און פּארטיזאנער זשמו־רענדיק זיך פון רויך און אויסווישנדיק די טרערן מיט די פאר־גרעבטע הענט און האָבן אלץ דערמאָנט זיך די געשעענישן פון דערדאָזיקער נאכט. די רייד און די וויצן האָבן זיך קאָנצענט־רירט איבערהויפּט ארום בוקרייס פּערזענלעכקײַט און זײַן ראָליע אלס „מיידל". בוקריי האָט שמייכלענדיק געשוויגן און צוגעהערט זיך, קערנדיק זײַן גרויסן פּאָנעם מיט די הארטע שטעכעדיקע וואָנצן דאָס צו דעם, דאָס צו יענעם, אָפּהענגיק פון דעם, אפ וויפל ס'זײַנען טרעפלעך געווען דעמס אָדער יענעמס וויצן, און האָט גוטמוטיק אונטערגעלאכט, ארײַנשטעלנדיק גאנץ זעלטן זײַן וואָגיק וואָרט, וואָס האָט ארויסגערופן אן אלגעמיינעם געלעכ־טער. אין דער דאָזיקער נאכט איז דער ווזוואָד־קאָמאנדיר בוקריי בארימט געוואָרן אלס רויטארמייִשע „מיידל"...

— איך דערציילט דאָס נאָר ניט אין פּאָלק, אז ניט וועט מען מיר נאָך רופן „רויטארמייִשע מיידל".

זײַן וואָרענונג האָט ארויסגערופן אן אלגעמיינעם געלעכטער און מען האָט טאקע ניט געקענט ניט לאכן, ווען מען האָט גע־קוקט אפ בוקרייס פיגור. ער איז געזעסן אפ די בערוועס

לעבן פײַער, ארופגעוואָרפן אפ זיך אפּן סאָלדאטישן שינעל א נאָך מער ברייטערן פון אים אלײן שליאכטישן פוטער מיט א מוירעדיק־ברייטן קאָלנער. אין דעם דאָזיקן פוטער האָט זײַן גאנצע פיגור מיט די הארטע שטעכיקע וואָנצן אויסגעזען ווי אן אָנגעזעענער פּוילישער מאגנאט.

טאקע צוליב אָט דעם פוטער האָט בוקריי געהאלטן א רעדע פאר זײַן ארמיי. בוקריי האָט קאטעגאָריש פארורטיילט דאָס ראַ־בעווען, ווי עס זאָל ניט פּאָרקומען אונ באזונדערס אפ מילכאָמע. אָבער נעמען באם סוינע דאָס, וואָס מע מוז גייטיק האָבן צוליב דער עצעם מילכאָמע, דאָס מעג מען.

פארומערט אונ גרויזאם האָבן אויסגעזען מיט זייערע פינצ־טערע לעכער די סמאָליארישע בײַדלעך, ווי אָפענע מײַלער פון מעשונעדיקע סטראשידלעס. די קריגסלײַט זײַנען געלעגן אין סאמע פארשיידנארטיקסטע אונ מאָדנע פּאָזעס לעבן פײַער אונ אין די בײַדלעך. אָנגעלערנטע פון דער פּראקטיק פון שלאכטן בא אלערליי אומשטענדן סײַ זומער אונ סײַ ווינטער, האָבן זיי געמאכט פאר זיך היפשע זאפאסן פון קליידונג אין דעם פאָל־ווארעק ווירקוצי, קעדיי זיי זאָלן קאָנען בעסער דורכמאכן די נאכט אין קעלט אין וואלד. עס זײַנען דאָ געווען זעק מיט שטרוי אונ פארשיידענעם כלאם, וואָס איז זייער גוט אויסגע־נוצט געוואָרן אין די אומגעווײנלעכע באדינגונגען פונעם נעכ־טיקן אין וואלד ווינטערצײַט.

דער אלטער טאלאש איז געשטאנען אָנאזײַט פון אָט דעם דאָזיקן פריילעכן טומל, געלעכטער אונ רייד. זײַן אלטער קאָפּ האָט זיך געטראכט זײַנע ראיוינעס, אומרויִקע ראיוינעס, וועלכע האָבן זיך פון אים ניט געוואָלט אָפּטשעפּען, וועגן מאָרגעדיקן אָוונט, וועגן דער באגעגעניש מיט מארטין רילן אונ וועגן אלץ, וואָס עס האָט געהאט א שײַכעס צו דעם הײַנטיקן מארש. אין צענטער פון זײַנע ראיוינעס איז די גאנצע צײַט געשטאנען פּאַ־נאס. קאָלזמאנ דער כעוורעמאנ בלײַבט אין געפענקעניש, קען

דער אלטער טאלאש ניט רויִק זײַן. אפּ א קופּע צווײַגן, וואָס איז געווען צוגעדעקט מיט א דיקן שיכט פון יאדלאָווע לאפּקעס, האָט זיך דער אלטער טאלאש צוגעלייגט אָפּרוען אביסל. דער פײַער האָט אים געווארעמט פון דער זײַט, די וואָלפן־פעל, מיט וועלכער דער אלטער האָט זיך צוגעדעקט—פון אויבן, און ער איז גיך אנשלאָפן געוואָרן.

און דעם אלטן האָט זיך געכאָלעמט די סצענע מיטן ווילדן קאבאן, דערבײַ איז דער קאבאן געווען ניט פּאָשעט א קאבאן, נאָר דער אלטער טאלאש אליין, אפּ וועלכן עס איז אָנגעפאלן דער שרעקלעכער וואָלף און האָט געשלאָגן דעם אלטן מיטן עק איבערן פּאָנעם. דער אלטער האָט געכאפּט דעם וואָלף פארן עק און האָט אים א זעץ געגעבן מיטן קאָפּ אָן א דעמב. אָבער דעם וואָלף איז פון דעם גאָרניט געוואָרן. ער האָט א קער גע־טאָן אפּן אלטן דעם קאָפּ; האָט א קוק געטאָן מיט כיטרע אויגן און האָט צעשטשירעט די ציינער מיט א שרעקלעכן געלעכטער. דער אלטער איז שרעקלעך אין קאעס געוואָרן, האָט ער נאָכא־מאָל א דריי געטאָן דעם וואָלף, קעדיי נאָך שטארקער א זעץ טאָן אים אָן דעם דעמב, האָט זיך דער וואָלף אָפּגעריסן, באַם אלטן אין די הענט איז געבליבן בלויז זײַן עק און דער וואָלף אליין איז אָפּגעפלויגן און איז ארײַנגעפאלן אין שניי. זעט דער אלטער טאלאש—ערשט פונעם שניי אָנשטאָט דעם וואָלף הייבט זיך גאָר אופּ פּאנאס, און ער קוקט אזוי אפּן טאטן מיט אומעטיקע אויגן און זאָגט: פּארוואָס שלאָגסטו מיך טאטע? דער אלטער כאפּט זיך אופּ, דאָס הארץ קלאפּט אים שטארק און עס טרייסלט אים. דער דאָזיקער כאָלעם לאָזט איבער אין אים א ניט אָנגענעמען מאָדנעם אײַנדרוק... „טפו!"—שפּײַט אויס דער אלטער טאלאש און ער ווארפט אראָפּ די וואָלפן־פעל, ער זעצט זיך אפּ דער קופּע צווײַגן און קוקט זיך ארום, און זײַן הארץ קלעמט פון ווייטעק און בענקעניש נאָך פּאנאסן. „זונעלע מײַ־נער, זונעלע". שעפּטשעט דער אלטער טאלאש.

דער פײַער איז ביסלעכווײַז אויסגעגאנגענ. די האָלאָוועשקעס פונ די איבערגעבערענטע פּאָליענעס זײַנענ געלעגנ אָפּגעקילטע. ארומ דעמ פײַער אונ אינ מיטנ אינ סאמע זשאר האָט דערברענט א קאָרטש, אמאָל געלאָשנ זיכ, אמאָל אויפגעפלאמט מיט א שוואכנ ווײַסלעכנ פלאמ. עס האָבנ זיכ אויכ געלאָשנ אונ אָפּגעקילט צוביסלעכ די קוילנ, באדעקנדיק זיכ מיט א לײַכט ווײַסנ אש. א בלוילעכער שטראָמ רויכ איז אָנ גערויש אונ רויִק געשווומענ אינדערהויכ אונ האָט זיכ געטוליעט אינ די קאָסמאטע היטלענ פונ די אלטע ביימער, ווי ער וואָלט דאָרטנ געזוכט א באוואָרעניש ניט אומצוקומענ אָנ א שפור אינ די קאלטע ראכוועסנ. עס איז געווענ עפּעס אומעטיקס אונ טרויעריקס אינ אָט דעמ דאָזיקנ אָפּשטארבנ פונ דעמ שײַטער, קענ זײַנ דערפאר, וואָס דאָס האָט דערמאָנט וועגנ א געוויסנ סאָפּ, וועגנ דעמ, אז דאָס לעבנ ווערט פארשווונדנ.

די באנאכטיקע ווינטערדיקע קעלט האָט אָנגעהויבנ דורכנעמענ דעמ אלטנ טאלאשנ. דער אלטער איז צוגעגאנגענ צומ פײַער, האָט אונטערגערוקט די האָלאָוועשקעס אונ די איבערגעבערענטע עקנ פונ די פּאָליענעס אינ זשאר. געדיכטער האָט אָנגעהויבנ שווימענ דער רויכ אונ אינגיכנ האָט אויפגעפלאמט א פריילעכ פײַערל, האָט פאנאנדערגעטריבנ די פינצטערניש, האָט באלויכטנ די בײַדלעכ אונ די פיגורנ פונ די מענטשנ, וואָס זײַנענ געשלאָפנ אונ געקאָרטשעט זיכ פונ קעלט. דאָ טאקע לעבנ שײַטער איז געלעגנ א קופּע האָלצ, וועלכע מע האָט נאָכ צוגעגרייט פונ אָוונט. דער אלטער האָט אונטערגעוואָרפנ האָלצ אפנ פײַער. דער פײַער האָט ווידער אויפגעלעבט, האָט ווידער אָנגעהויבנ ריירנ מיט באוועגלעכע פײַער־סטענגעלעכ, פאנאנדערטרײַבנדיק די פינצטערניש אונ צוזאמענ מיט איר דעמ אלטנס אומעטיקע שטימונג.

דער אלטער טאלאש איז געזעסנ לעבנ פײַער אונ האָט זיכ געווארעמט. דיזעלביקע אײַנגעגעסענע ראיוינעס האָבנ אימ ווי-

דער באהערשט. ער האָט זיך געגומען דערמאָנען די געשעענישן פון פאַריקן טאָג. איצטער האָבן זיי זיך פאַרגעשטעלט דעם אַלטן אין אַן אַנדער שײַן. די יעדיִעס וועגן דעם, אַז אין ווירקוציע האָבן זיך פּלוצלונג באַוויזן די רויטע און האָבן פאַרכאַפּט דאָרטן די אָפיצערן און סאָלדאַטן, וואָס זײַנען געווען אַפן באַנקעט, וועלן גיך באַוווּסט ווערן די פּאָליאַקן. די פּאָליאַקן וועלן זיך אופרעגן, וועלן שיקן אַ גאַנצע אַרמיי קעגן דעם הײַפּעלע בוק־רייס סאָלדאַטן. אָט די דאַזיקע אומשטענדן האָבן אופגערודערט דעם אַלטן טאַלאַשן. ער האָט אַ קוק געטאָן אַפן בוקרייען. אויס־געלייגט זיך אַף די בערוועגעס, אונטערגעבעט שטרוי און אײַנ־געדרייט אין דעם שליאַכטישן פּוטער, איז בוקריי געשלאָפן זייער רויִק. „ער שלאָפט זיך און עס אַרט אים גאָר גאָרנישט! נו, זאָל ער אָפּרוען“,—האָט אַ טראַכט געטאָן דער אַלטער טאַלאַש. בוק־רייס זאָרגלאָזיקײַט און זײַן העלדישער שלאָף האָבן אַביסל באַ־רויִקט דעם אַלטן טאַלאַשן. אָבער אונטער דער ווירקונג פון זײַנע ראַיוינעס האָט ער זיך אופגעהויבן און פאָרזיכטיק אַ רוק געטאָן זיך אין וואַלד אַרײַן, אַ הער טאָן אַלנפאַלס, צי איז ניטאָ ווו־עס־איז אַ פאַרדעכטיקער גערויש און אַ קוק טאָן כאָטש באַהאַלטענערהייט, ווי שטייען דאָרט די וועכטער.

די וועכטער זײַנען געשטאַנען אַף זייערע ערטער, האָבן זיך דורכגעוואָרפן מיטן אַלטן מיט עטלעכע ווערטער. אַף זייער פראַגע, וווּהין גייט ער דער אַלטער, האָט ער געענטפערט, אַז ער גייט נאָך האָלץ. דער אַלטער טאַלאַש איז אָפּגעגאַנגען נאָך ווײַטער, האָט זיך אָפּגעשטעלט און פאָרזיכטיק צוגעהערט צו דער שטומער שטילקײַט. ער האָט זיך אומגעקוקט אַהינטער. דער פײַער האָט זיך קימאַט ווי ניט געזען. און דאָס האָט אים נאָך מער באַרויִקט. ער האָט נאָר אַ טראַכט געטאָן, אַז קיינמאָל פריִער פלעגט אים גאָר ניט קומען קיין געדאַנק וועגן דעם, ווי וויַיט מע זעט באַנאַכט אין וואַלד פײַער. דער אַלטער טאַלאַש האָט אויסגעקליבן אַ דינינק ביימעלע, האָט זיך אײַנגעשפּאַרט

אינ אימ מיטנ האנט אונ מיט די פיס אינ שניי אונ האָט גע־
פרווּוט א בראָכ טאָנ עס. דאָס ביימעלע האָט זיכ א שאָקל גע־
טאָנ אמאָל, א צווייטנ מאָל; דעמ דריטנ מאָל האָט דאָס ביימעלע
הילכיק א טרעסקע געטאָנ באמ וואָרצל אונ איז געפאלנ. דער
אלטער האָט עס אוועקגעלייגט אפנ פלייצע אונ איז אוועק צו־
ריק צומ פייַער.

דער אלטער האָט פארויכערט די פיפקע, האָט זיכ צוגעזעצט
אפ דער קופּע צווייַגנ אונ געטראכט האָט ער וועגנ דעמ, אז די
געשעענישנ אינ ווירקוציע וועלנ צעשטערנ דעמ מארשרוט אונ
אינ צוזאמענהאנג מיט דעמ דארפ מענ ענדערנ אויכ דעמ פלאנ
גופע. דאָס ערשטע, וואָס עס איז ארויסגעדרונגענ פונ די דאָ־
זיקע געשעענישנ, איז געווענ, אז בלייַבנ דאָ אפ א מער ווייניק
לענגערער צייַט טאָר מענ ניט. אונ פאָרזיכטיקייַט בא אזוינע
אומגעבונגענ וועט קיינמאָל ניט שאטנ. דאָס מיליטער דארפ זיכ
איבערוקנ אינ אנ אנדער אָרט אונ אפנ אויסשפּיר דארפ מענ
ווענדנ א באזונדער אופמערקזאמקייַט.

פאר דעמ אלטנס אויגנ האָבנ אָנגעהויבנ ארויסטרעטנ די גע־
היימע טיפענישנ, די פארוואָרפענע חינקלעכ פונ פאָלעסיע אונ
פונ מענטשלעכע ייִשוּוימ. אזוינע ווינקעלעכ איז אפ פאָלעסיע
דאָ אסאכ, אָבער ניט אלע ליגנ זיי נאָענט אונ באמ וועג... אונ
צו וואָס זאָלנ זיי זיכ אלע מיטאמאָל באוועגנ? אָט וואָס פארא
פראגע עס האָט פאר זיכ אוועקגעשטעלט דער אלטער טאלאש
אונ אינ דער ריכטונג האָבנ זיכ איצט געלאָזנ שוימענ זייַנע
ראיוינעס.

א נייַער פלאנ האָט זיכ אָנגעהויבנ אויסמאָלנ פארנ אלטנ
טאלאשנ. דער גאנצער ווזוואָד האָט ניט וואָס צו גיינ אינ דאָל־
גיי־בראָד, ווי דאָס איז געווענ אָנגעמערקט פריִער, באזונדערס
נאָכ, אז צוליב דעמ האָט מענ געדארפט אָנלייגנ איבעריקנ וועג
אונ מארטינ איז עפשער דאָרטנ גאָר ניטאָ. צי איז ניט בעסער,
אז דער ווזוואָד זאָל זיכ איבערוקנ אינ א געהיימענ אָרט נעענ־

טער צום שטעטל, דאָס וואָס איז געווען די גרונט־אופגאבע פונ בוקרייס מארש. צי וואָלט ניט געווען גלײַכער, אז דער אלטער אליינ אָדער מיט עמעצנ פונ זײַנע מענטשנ זאָל דורכגיינ זיכ אהינ?

ארומטראכטנדיק פונ אלע זײַטנ די דאָזיקע פראגע, שטעלט זיכ דער אלטער טאלאש פעסט אפ אזא דערלייזונג פונ דער פראגע. ווענג דעמ וועט ער מעלדנ בוקרייען. דער אלטער איז זיכער, אז בוקריי וועט אָנעמענ די דאָזיקע ענדערונג אינ זײַנ מארשרוט.

פארטאָג האָבנ די רויטארמייער מיט קופּריאַנטשיקנ אומגע־קערט זיכ פונעמ פאָלוואַרעק ווירקוציע. די נאכט איז דורכגע־באנגענ רויִק. די סמאָליארישע בײַדלעכ האָבנ ווידער אופגע־לעבט, זײַנענ פול געוואָרנ מיט מענטשלעכע שטימענ, דער נײַער טאָג האָט געטראָגנ נײַע זאָרגנ אונ האָט געשטעלט נײַע אופ־גאבנ פאר בוקרייס מיליטער.

## XVI

באגינענ, ווי נאָר עס איז אראָפּ די פינצטערניש, האָט בוקריי אָפּגעגעבנ א באפעל מע זאָל זיכ לאָזנ אינ מארש. פאר דעמ איז פאָרגעקומענ א בעראטונג. מענ האָט ארומגעטראכט דעמ פּלאנ פונ מארשרוט אונ די אָרדענונג, אינ וועלכער דער וווּהאָד דארפ זיכ באוועגנ. בוקריי האָט גענומענ אינ אכט דעמ אלטנ טאלאשס פּלענער אונ האָט באגיטיקט זײַנ פּראָגראמ אפ היינטיקנ טאָג. דערבײַ האָט ער געזאָגט דעמ אלטנ טאלאשנ:

— דו, אלטינקער, דארפסט דאָ זײַנ א נאטשאלניק פונ שטאב אונ ניט גלאט א באגלייטער אונ אנ אויסשפּירער.

דער אלטער טאלאש האָט ניט געוווּסט די טעאָריע פונ מי־ליטער־וויסנשאפט, אָבער אימ איז אָנגענעמ געווענ צו הערנ, ווי מע לויבט אימ. אפ דער בעראטונג איז געווענדעט געווענ א באַ־זונדער אופמערקזאמקײַט אפ דעמ פולקאָמענ סעקרעט אונ נייטי־

קײַט צו האלטנ בעסאָד דעמ אָרט, ווו עס געפינט זיכ דער ווזוואָד, צוליב וואָס מע דארפ זיכ האלטנ די גאנצע צײַט ארומ וואלד, אויסשפּירנ די וועגנ אונ די ייִשוּווימ. אינ אָט דעמ דאָזיקנ איניען האָבנ געדארפט שפּילנ אנ אויסשליסלעכע ראָל די פּארטיזאנער, וועלכע האָבנ גענוי געוווּסט די טאָפּאָגראפיע פונעמ אָרט אונ זײַנ געאָגראפיע. די אלגעמיינע ריכטונג האָט מענ גענומענ אפנ שטעטל, ווו פאנ קרוליעווסקי האָט געהאט זײַנ רעזידענצ. פונ די סמאָליארישע בײַדלעכ ביזנ שטעטל איז געווענ א קילאָמעטער פופצנ. יעדנ אויסשפּירער איז געגעבנ געוואָרנ א באזונדער אופגאבע אונ דײַטלעכע אינסטרוקציעס. אלס באגלייטער בא בוקרייענ איז באשטימט געווענ קופּריִאנטשיק. אונ דער אלטער טאלאש מיט נופּרייענ האָבנ אפ זיכ גענומענ די אופגאבע אויסצופאָרשנ די פונקטנ, וואָס זײַנענ געלעגנ אפנ וועג צומ שטעטל.

א שאָ צוויי האָט זיכ די קאָלאָנע באוועגט צוזאמענ מיט די פּארטיזאנער, דערנאָכ האָבנ זיכ די פּארטיזאנער אָפּגעטיילט אונ זײַנענ אוועק יעדערער מיט זײַנ מארשרוט.

קופּריִאנטשיק האָט אוועקגעפירט דעמ ווזוואָד אפנ גלוכי אָסטראָוו [1]). דער אָרט האָט מיט זיכ פאָרגעשטעלט א הויכנ בערגל, פארוואָקסנ מיט געדיכטנ וואלד צווישנ א גרויסער בלאָטע. דערקלײַבנ זיכ זומער צו גלוכי אָסטראָוו האָט געקאָנט בלויז דער, ווער ס'האָט גענוי געוווּסט די פארדרייטע וועגעלעכ צווישנ דער בלאָטע אונ דעמ בערגל, וואָס איז געווענ פארוואָקסנ מיט אָלכע-ביימער, מיט ווילדער לאָזע, מיט קוסטעס פונ קליינ-ווּקסיקע בעריאָזע-ביימלעכ אונ פארשיידענע אנדערע געוויקסנ. איבער די דאָזיקע וועגעלעכ אונ שטעגעלעכ האָט מענ געקאָנט איבערגיינ צו איינ מענטש פונ איינ ערד-בערגל צומ צווייטנ, דערקלײַבנדיק זיכ ערטערווײַז איבער בערווענעס-קלאדקעס. דער זומפ האָט

[1]) אזא אָרט.

געדראַט אריַינציען אין זייַן טיף יעדערן, ווער עס וועט זיך א קער טאָן אָנאזייַט, אָדער וועט מאכן א ניט קיין פּאַרזיכטיקן טראָט. ווינטער־צייַט איז גלוכי אַסטראָוו געווען מער צוטריטלעך, כאָטש אונטערן שניי איז אָפט געווען פארטייַעט א נאָך גרעסערע גע־פאר איידער זומער. אהער פלעגט זעלטן ווער קומען. סייַדן די סאמע געניטע יעגער פלעגן ווען אריַינקוקן אהער מיט זייער שארפן בליק.

פארטאָג האָט בוקריי געוווּנטשן דערפאָלג די אויסשפּירער און האָט זיי נאָכאמאָל דערמאָנט די אינסטרוקציעס.

גייען זיך פּאַרזיכטיק נופריי און דער אלטער טאלאש דורכן וואלד, קריכן דורך פארוואָקסענע בלאָטעס, גייען דורך ווילדע ערטער צווישן וואלד און בלאָטע. זיי גייען אָפּטמאָל אויך ארויס אפ די וועגן, קוקן זיך איַין און הערן זיך צו. וואָלט מען כאָטש באגעגנט א לעבעדיקן מענטשן, וואָלט מען באקומען פון אים וועלכע ניט איז יעדיעס וועגן די פאָליאקן. זייער וואכ־זאמקייַט ווערט נאָך גרעסער, ווען זיי גייען צו צום דאָרף טשער־נישטש, דעם ערשטן דאָרף, וואָס ליגט אפן וועג פון זייער מאר־שרוט. אָט דער דאָרף רופט ארויס אינעם אלטנס זיקאָרן א גאנצן בוקעט סצענעס און בילדער, וועגן וועלכע עס האָט אים דער־ציילט מארטין ריל. פון דעם דאָרף איז דאָך באלוק מארקאָ, ווע־מען מארטין ריל האָט געשוואָרן.

אפן עק וואלד שטעלן זיך אָפּ דער אלטער טאלאש און נופריי. דאַ גייט א וועג פון דאָרף, און דעם דאָרף אליין זעט מען אויך פון דאנען. זיי מערקירן, ווי בעסער דערוויסן זיך, וואָס עס טוט זיך אין דאָרף, צי איז דאָרט פאראן פוילישע מיליטער און וואָס פארא מיליטער. אפן וועג באוויַיזט זיך א פיגור פון א פרוי. זי גייט אין דאָרף. דער אלטער טאלאש גיט איבער נופרייען די ביקס און די וואָלפן־פעל, גייט פּאַרזיכטיק ארויס אפן וועג. זאָרג און אומעטיקע געדאנקען שפּיגלען זיך אָפּ אפן פּאָנעם פון דער יונגער פרוי. זי קוקט אפ אלטן טאלאשן מיט גראָע, קייַלעכ־

דיקע אויגן פון אונטער די דינע דוהעס פון אירע שוואַרצע ברעמען. אף איר קאָפּ איז אַ ווײַס טיכל מיט אויסגעגנייטע ברעגן. זי גייט אונטער און גיט אָפּ אַ גוטמאָרגן דעם אַלטן. דער אַלטער טאַלאַש ענטפערט איר אומפערקזאַם אָפּ.

— זאָג מיר נאָר, טײַערינקע, דו ביסט פון אַט דעם דאָרף?

— עהע,—ענטפערט קורץ די יונגע פרוי.

— איך האָב געוואָלט בא דיר עפעס פרעגן: צי וווינט ניט דאָ בא אײַך מאַרקאָ באַלוק?

די יונגע פרוי האָט זיך פלוצלונג ווי צעטומלט. אין די אויגן בא איר האָט זיך באַוויזן אַ שרעק, די דינע שוואַרצע ברעמען האָבן עטוואָס אָנגעהויבן אומרויקן. זי האָט אַ קוק געטאָן דעם אַלטן אין די אויגן מיט אירע גראָע פאָרזיכטיקע אויגן.

— און פון וואַנען קענט איר אים?

— אַ מענטש, וועלכער איז געווען צוזאַמען מיט אים אַרעסטירט בא די פּאָליאַקן, האָט געבעטן דערוויסן זיך, וואָס מאַכט ער.

די יונגע פרוי האָט זיך נאָך מער באַאומרויִקט. דער אַלטער טאַלאַש שפּירט נאָך אומפערקזאַם נאָך דער באַוועגונג פון יעדן מוסקל אף איר פּאָנעם.

— ער איז דאָ געווען און איצט איז ער ניטאָ.

— דו ביסט זײַן ווײַב?—האָט גלײַך געשטעלט די פראַגע טאַלאַש.

די יונגע פרוי איז גאָר צעטומלט געוואָרן.

— און וואָס זײַט איר פאַרא מענטש?

— אָט אַזאַ, קען מען זאָגן, ווי דײַן מאַרקאָ.

— און פון וואַנען ווייסט איר, אַז ער איז מײַנער?—עפשער איז ער ניט מײַנער?

איך זע נאָך דײַנע אויגן.

די יונגע פרוי, מוירע האָבנדיק, אַז זי זאָל זיך ניט אויסריידן מיט קיין איבעריקן וואָרט, בײַט פלוצלונג איר טאַקטיק.

— אזא אלטן, ווי איר, פאסט גאָרניט קוקן אפ מײַנע אויגן. דער אלטער טאלאש האָט א שמייכל געטאָן.

— איך דארף ניט דײַנע אויגן, טײַערינקע, איך דארף נאָר דײַן עמעס.

— ניטאָ איצטער ערגעץ קיין עמעס,—ענטפערט שטרענג די יונגע פרוי.

— פונדעסטוועגן איז א וועלכער־ניט־איז עמעס יאָ פאראן. אָט קאָנסטו מיר זאָגן דעם עמעס: דאָ זײַנען פאראן פּאָליאקן, צי ניין?

— און ווו זײַנען זיי ניטאָ איצטער?—אין דער שטימע פון דער יונגער פרוי פילט זיך אופרעגונג:—אומעטום האָבן זיי שיידים אָנגעטראָגן.

— עפּעס אסאך פּאָליאקן זײַנען דאָ בא אײַך?

— אין יעדער שטוב שטייען צו צוויי, צו דרײַ און איך האָב שוין אפילע קיין אייגענע כאטע אויך ניט. מע האָט צוגענומען אלץ. מע האָט ארויסגעטריבן די כודאָבע פון שטאל... און קיין עמעס קאָן מען ערגעץ ניט דערגיין.

די יונגע פרוי האָט זיך צערעדט. זי האָט זיך מוידע געווען, אז זי איז אומגעגאנגען צום פּאָוויאט־„קאָמיסארזש”, ווי עס האָבן איר געייצעט מענטשן, צו זוכן דעם עמעס. און נאָך אסאך זאכן האָט זיך דער אלטער דערוווּסט פון דעם שמועס מיט דער יונ־גער פרוי. ער האָט זיך דערוווּסט, אז אין שטעטל, ווו עס איז געווען די רעזידענץ פון דעם פּאָוויאט־קאָמיסאר, זײַנען פּאָליאקן נאָך מער ווי דאָ, אז בא זיי דאָרטן שטייען פארשיידענע מאשי־נעס און דידאָזיקע מאשינעס פאָרן ארום און שיסן.

מע קאָן ניט זאָגן, אז די דאָזיקע ידיעס האָבן דערפרייט דעם אלטן טאלאשן. ער האָט געוווּסט, אז דער איניער וועגן באפרײַען פאנאסן פאָדערט אסאך צײַט, אז דאָס איז ניט אזא לײַכטער און פּאָשעטער איניען. באזונדערס נאָך די לעצטע גע־שעענישן, נאָכן אנטוואָפענען דעם קאָנוואָי, נאָכן פארכאפּן די

פּאָליאקן אין ווירקוציע, אָבער די נײַס פון דער יונגער פרוי וועגן די מאשינעס, וואָס פּאָרג ארום און שיסן, האָבן גאָר באַ־ומרויִקט דעם אלטן. און דאָך איז דער אלטער טאלאש ניט אראָפּגעפאלן בא זיך. ערשטנס, דארף מען דורכקאָנטראָלירן דער פרויס ווערטער. און ווי געהעריק אויסשפּירן. וואָס פארא לאגע איז אין שטעטל, און, צווייטנס, מע דארף זיך אן אייצע האלטן מיט נופרייען. עס איז נאָך אויך געווען א האָפענונג אף מארטין רילן און אף זײַנע מענטשן, וועלכע ער האָט צוגעזאָגט מאָביליזירן. מיט איין וואָרט, גוט באטראכטנדיק, קאָן מען פונדעסטוועגן צו עפּעס קומען.

ער האָט זיך צעזעגנט מיט דער יונגער פרוי, געזעגענענדיק זיך האָט ער איר געזאָגט:

— וועסט זען דײַן מארקען, זאָג אים, אז ער זאָל זיך ניט אויסבאהאלטן אליין, זאָל ער בעסער גיין צו אונדז און זאָל ער נעמען מיט זיך נאָך מענטשן.

דער אלטער טאלאש האָט אָנגערופן מארטין רילן, וועלכער האָט אונטער מארקעס קאָמאנדע אָנטיילגענומען אין אנטוואָפּענען דעם פּוילישן קאָנוואָי, און האָט אָפּגענומען באם קאפּראל די ביקס. ער האָט געזאָגט, ווו און וויאזוי מע קען געפינען מארטינען. דעם אלטן האָט זיך זייער געוואָלט ארײַנעמען צו זיך אזא ספּריטנעם מענטשן, ווי מארקאָ באלוק.

דער אלטער טאלאש און נופריי האָבן דורכגעפירט א קליינע בארעטונג. נופריי האָט זיך אויך געהאלטן בא דער זעלבער מיי־נונג. גלויבן קען מען נאָר דעמלט, ווען דו גיסט א קוק מיט דײַנע אייגענע אויגן. און זיי האָבן ווידער א קער געטאָן זיך צום וואלד און גענומען באוועגן זיך פּאָרזיכטיק אין דער ריכ־טונג צום שטעטל. דאָס דאָזיקע שטעטל האָט באקומען עפּעס א באזונדער מאכט איבער דעם אלטן טאלאשן, האָט אים געצויגן צו זיך און גלײַכצײַטיק אויך געשראָקן.

איין זאך, וואָס פון ערשטן בליק איז דאָס א קלייניקייט, האָט

פארהאלטנ זייער אופמערקזאמקײַט. זיי האָבנ דערזענ אינ װאלד שפּורנ פונ מענטשישע פיס. די ווײַט צווישנ די שפּורנ האָט גע־רעדט פאר דעם, אז דער מענטש, וואָס האָט איבערגעלאָזנ די דאָזיקע שפּורנ, איז געלאָפנ זייער גיכ. אונ באזונדערס האָט זיכ געוואָרפנ אינ די אויגנ דאָס, וואָס ערטערווײַז האָט מענ אפ די שפּורנ געקאָנט באמערקנ רויטע פלעקנ. עס איז קיינ שום סאָפעק ניט געווענ, אז דאָס איז בלוט. דער אלטער טאלאש אונ זײַנ מיטגייער האָבנ זיכ זייער פארינטערעסירט מיט דעם, אונ טאלאשנ האָט עס שטארק פארוווּנדערט. קעדיי בארויִקנ דעם אלטנ, האָט נופּריי ארויסגעזאָגט זײַנ האשאָרע, אז דאָס האָט מיסטאָמע א יעגער געיאָגט זיכ נאָכ א דערשאָסענער כײַע.

— איז ווזשע זײַנעו, טײַערינקער, די שפּורנ פונ דער דאָזיקער כײַע? — האָט א פרעג געטאָנ דער אלטער טאלאש. נופּרייס האַ־שאָרע איז אָפּגעפאלנ.

— ניינ, ברודערקע, דאָ איז אסאכ ערגער: דאָ איז די בלוט פונ יענעם, ווער עס האָט דאָ געלאָזנ די שפּורנ. לאָמיר גיינ מיט די שפּורנ.

כאָטש גייענדיק מיט די שפּורנ, האָבנ זיי זיכ דערווײַטערט פונ שטעטל, אָבער די דאָזיקע געשעעניש האָט זיי שטארק אופּ־גערעגט. דער אלטער טאלאש האָט בא זיכ אינ הארצנ געפילט עפּעס א ניט קלאָרע אומרויִקײַט.

זײַנעו זיי אזוי געגאנגענ בא א האלבע שאָ. די שפּורנ האָבנ געוויזנ, אז דער מענטש האָט געביטנ דעם טעמפּ פונ זײַנ באוועגונג: זייער גלײַכמעסיקײַט איז צעשטערט געוואָרנ. עס איז קענטיק געווענ, אז דער מענטש האָט זיכ אויסגעשלאָגנ פונ די קויכעס, האָט פארקלענערט זײַנ לויפנ, איז געגאנגענ מיט אנ אָפּגע־האלטענעם גאנג, קעדיי אָפּרוענ אונ איבערכאפּנ דעם אָטעם. ענדלעכ זײַנעו די שפּורנ פארגאנגענ אָנאזײַט אונטער א גראָבנ געדיכטנ יאָדלאָװונ בוים, ווו עס איז קימאט קיינ שום זאכ ניט געווענ. דער אלטער טאלאש אונ נופּריי האָבנ אָנגעהייבנ בא־

טראכטן דעם אָרט, ווו עס האָט אָפּגערוט דער מענטש. עס איז קענטיק געווען, אז דער מענטש האָט אָפּגעשארט דעם שניי, קעדיי צו לייגן זיך אפּ א מער ווארעמען אָרט. ארום דעם יאדלאָווןּ וואָרצל איז געווען א גריבל — דער מענטש האָט, ליגנדיק, אָנגע־שפּארט זיך אפּן עלנבויגן. אין יענעם אָרט, ווו עס זײַנען גע־ווען זײַנע פיס, איז אויך געבליבן א בלוטיקער פלעק. פון דעם טאקע האָבן דער אלטער טאלאש און נופּריי געמאכט אן אויס־פיר, אז דאָס בלוט איז באַם מענטשן גערונען פון פוס. די שפּורן זײַנען געווען גאָר פרישע.

ארומקוקנדיק דעם אָרט, זײַנען זיי ווידער אוועקגעגאנגען מיט די שפּורן. דעם מענטשנס רעכטע פוס האָט געטראָטן שטײַף. דער שפּור פון דער לינקער פוס איז געווען ניט קיין פולער — דער מענטש האָט שטארק געהונקען. קענטיק, אז דעם מענטשן איז שווער געווען צו גיין און די שפּורן האָבן ווידער פארקע־רעוועט זיך אָנאזײַט פונעם געדיכטן יונגן יאָדלע־וועלדל. אהינצו, דורכרײַסנדיק זיך דורך די פארטריקנטע יאדלאָווע לאפּעס, זײַ־נען אוועק דער אלטער טאלאש און נופּריי.

— שטיי! עמעצער ליגט! — האָט שטיל און אופגערודערט א זאָג געטאָן דער אלטער טאלאש און האָט זיך אָפּגעשטעלט.

די ניט באוועגלעכע פיגור פון דעם מענטשן, וואָס איז דאָרט געלעגן, האָט אפּ זיי אָנגעוואָרפן א שרעק. דער מענטש איז געלעגן א צונויפגעדרייטער, אײַנטוליענדיק דעם קאָפּ מיטן טיפּ אָנגערוקטן היטל אין אן אלטן פעלצל. זײַן פּאָנעם האָט מען ניט ארויסגעזען.

און פלוצלונג איז דער אלטער טאלאש פארטרייסלט געוואָרן. זײַנע אויגן האָבן זיך ברייט פאנענדערגעעפנט, דער פּאָנעם האָט אויסגעדריקט גרויל.

— פאנאס! — האָט זיך ארויסגעריסן א ווילדער געשריי פונעם אלטנס ברוסט און ער האָט זיך א לאָז געטאָן צו דער אומבא־וועגלעכער פיגור פון זײַן זון, פאנאס האָט זיך ניט גערירט.

— זונ מײַנער, זונעלע! — האָט געבראָכנ די הענט דער אַלטער טאַלאַש אונ געשטעלט זיכ אפ די קני לעבנ זײַנ זונ — האָסט ניט דערהאַרט, זונ מײַנער, די צײַט, — האָט װײטעקדיק געטײַנעט דער אַלטער טאַלאַש, װעלכער האָט שױנ אינגאַנצנ אָנגעװאָרנ דעם אַלטנ קאָפּ זײַנעם.

נופּריי האָט מיטנ האַנט א טאַפּ געטאָנ פאַנאַסנ — ער לעבט גאָכ. ער האָט נאָר געכאַלעשט.

נופּריי האָט געכאַפּט פאַנאַנדערלײגנ א פײַער, אונ דער אַלטער האָט, װײַזט אױס, גאָרנישט ניט געהערט אונ ניט פאַרשטאַנענ. ער האָט נאָר געװעקט, גערופנ דעם זונ, אָבער פאַנאַס האָט ניט אַרױסגעװיזנ קײנע סימאָנימ פונ לעבנ. דער אַלטער האָט פאַרבראָכנ די הענט איבערנ קאָפּ אונ האָט מיט גרױס װײטעק געקוקט אפ פאַנאַסנ. נופּריי האָט שנעל אָנגעלײגט פײַער, האָט אָנגעבראָכנ א ברעמניע יאַדלאָװע לאַפּקעס. האָט זײ אָנגעלײגט אַרומ דעם פײַער, האָט פאַרדעקט מיט דער װאָלפנ־פעל.

— לאָמיר אימ, איבערטראָגנ אהער.

— ראַטעװע אימ, נופּרײקע!

פאַנאַסנ האָבנ זײ אװעקגעלײגט אפ דער װאָלפנ־פעל. נופּריי האָט אַראָפּגעװאָרפנ זײַנ פעלצ. האָט איבערגעדעקט פאַנאַסנ אונ האָט זיכ שנעל גענומענ אױסטאָנ דעמ שטיװל פונ זײַנ פאַרבלוטיקטער פוס. די לינקע פוס פונ זײַט העכער דער קני איז געװענ דורכגעשאָסנ, אָבער די בײנ איז, װי עס װײַזט אױס, געװענ גאַנצ. ער האָט זיכ געראַנגלט, האָט פאַרלאָרנ פיל בלוט אונ האָט געכאַלעשט פונ הונגער, קעלט אונ שרעק. נופּריי האָט אימ פאַנאַנדערגעש פּיליעט דעמ קאָלנער, האָט געריבנ זײַנ לײַב מיט די הענט, האָט אימ דערװאַרעמט. פאַנאַס האָט זיכ קױמ קױמ א קער געטאָנ אונ האָט שװאַכ א זיפצ געטאָנ.

— ער װעט לעבנ בלײַבנ! — האָט פרײלעכ זיכ אָפּגערופנ נופּריי. א פרײד האָט אַנגעכאַפּט דעם אַלטנ טאַלאַשנ.

— אָ, ניט געדאכט זאָלסטו ווערן! — האָט פריידיק אָפּגערופן זיך דער אלטער טאלאש, האָט הילכיק דורכגערייניקט דעם נאָז און אויסגעווישט די אויגן.

## XVII

פאנאס האָט זיך דערוואָרעמט באַם פֿײַער אַף דער וואָלפֿן־פעל אונטער נופרייס פעלצ און איז געקומען צו זיך. דאָס ערשטע, וואָס עס האָט זיך אָפּגעשפיגלט אַף זײַן פּאָנעם, איז געווען שרעק און פארוווּנדערקײַט, אָבער אָט די דאָזיקע געפילן האָבן זיך אומגעביטן אַף פרייד, ווען ער האָט דערזען דעם אלטן טאטן און נופרייס פריילעכן פּאָנעם.

— נו, אָט האָט זיך דער כעוורעמאַן אָטכאַיעט! — האָט נופריי פריידיק צעשטערט די שטילקײַט.

— די פוס טוט וויי?

— נארישקײַט, — האָט זיך פאנאס אָפּגערופן — אָט וועל איך באלד אופהייבן זיך און אוועקגיין.

ער האָט זיך געפרווּוט א שמייכל מאָן און האָט א קער געטאָן מיט דער קראנקער פוס. אָבער אַף זײַן פּאָנעם האָט זיך אָפּגעשפיגלט א ווייטעק — זײַן פוס איז געווען א געשוואָלענע און ער האָט ניט געקענט גיין ווײַטער.

אַך, זון מײַנער, זון מײַנער, — האָט גערעדט טאלאש אַן אופגערעגטער: האָסט אונדז ניט געלאָזן א שלאָג טאָן זיך פאר דיר. און מיר האָבן זיך שוין געגרייט. נו, דאנקען גאָט, וואָס אלצ האָט זיך אזוי געמאכט און דו לעבסט, כאָטש דו ווערסט אביסל אונטערהינקען.

— נישקאָשע, ביז דער כאסענע וועט זיך פארהיילן, — האָט געשפאסט נופריי.

מע האָט פאנאסן די פוס דורכגעוואשן, ארומגעקוקט די וווּנד, פארבונדן, ווי מע האָט געקענט, און מיט וואָס מען האָט געקענט. נופריי האָט געבראכט אין אָרדענונג פאנאס הויזן, אַף וועלכע

ס׳איז געווען פארטריקנט בלוט. האָט זיי, אויסגעוואשן אין שניי און דורכגעטריקנט באַם פייַער... מיט איין וואָרט, נופריי האָט ארויסגעוויזן אלע זיינע דאָקטערשע און סאניטארישע פייִקייטן. געטאָן האָט ער דאָס, גוט באגרייַפנדיק די וויכטיקייט פון זיין ארבעט. אים אליין איז דאָס געווען זייער אָנגענעם. דער אלטער טאלאש האָט מעכאבעד געווען פאנאסן מיט ברויט און כאזער, וועלכן ער האָט טאקע אָפגעפרעגלט אפ א שטעקעלע. נאָכן צו־בייסן האָט זיך פאנאס דערפילט אסאך פעסטער. אָבער גיין איז אים נאָך געווען שווער און ער האָט עס ניט געטאָרט: פונעם גיין וואָלט בא אים ווידער אָנגעהויבן בלוטן די וווּנד.

נופריי און דער אלטער טאלאש האָבן עס גענומען אין אכט.

— מיר וועלן אים אוועקטראָגן,—האָט געזאָגט נופריי.

— סיידן בייטן זיך מיט דיר: אמאָל וועל איך אים טראָגן, אמאָל—דו.

— לאָמיר מאכן א טראָגבעטל.

נופריי איז געווען א סאָלדאט און האָט געוווּסט, ווי מען טראָגט פארווונדעטע.

ער האָט גענומען באַם אלטן די האק, האָט אויסגעהאקט צוויי טרוקענע גרינגע שטאנגען, האָט זיי אָפגעגלעט. צו די שטאנגען האָט ער צוגעבונדן די וואָלפן־פעל. ס׳האָט זיך באקומען א גוטע טראָגבעטל, א באקוועמע אפ טראָגן אין איר פאנאסן.

דעם אלטן טאלאשן און נופרייען האָט געכידעשט פאנאסעס דערציילונג וועגן זיין באפרייַונג פון טורמע. פאנאסן האָט גע־האָלפן ארויסרייַסן זיך פון טורמע א פוילישער סאָלדאט, וועל־כער איז געשטאנען אפ דער וואך. ווער איז ער עס אָט דער דאָזיקער גוטער מענטש—ווייס ניט פאנאס. דער סאָלדאט האָט זיך פאנאנדערגערעדט מיט פאנאסן. האָט אים פאנאנדערגעפרעגט ווער ער איז, פארוואָס האָט מען אים ארייַנגעזעצט אין טורמע. ס׳איז קענטיק געווען, אז ער האָט מיטגעפילט פאנאסן. איז אָט, ווען ער איז געשטאנען אפ דער וואך שוין דעם דריטן מאָל און

פאנאס האָט אים געבעטן ארויספירן אפן הויף, האָט דער סאָל־דאט אים א שעפּטשע געטאָן:

— ווארט צו א ווײַלע, איך וועל דיר נאָך דעם ארויסלאָזן, און אליין קוקט ער זיך אום.

אין עטלעכע מינוט ארום האָט ער פאנאסן ארויסגעלאָזן.

— גיי, כעוורעמאַן, און קער זיך ניט אום אהער. און זע מע זאָל דיך ניט כאפּן, און אז מע וועט דיך כאפּן, זאָג אז דו ביסט אליין אנטלאָפן. איך וועל דערנאָך אויפהייבן א טרעוואָגע און דו סטארע זיך פאר דער צײַט אזוי נעלעם ווערן, אז מען זאָל דיך ניט געפינען.

דער סאָלדאט האָט זיך געזעגנט און נאָכן פאָנעם בא אים האָט מען געקענט זען, אז ער שפּאסט ניט. געווען איז דאָס אינדערפרי, באגינען. אין א שאָ נאָך דעם, ווי פאנאס האָט זיך טוליענדיקערהייט ארויסגעקליבן פון שטעטל און האָט זיך דער־נעענטערט צום וואלד, האָט אים א רוף געטאָן א פוילישער סאָל־דאט, וואָס איז געשטאנען אפן דער וואך. פאנאס האָט געוווּסט, וואָס עס וואָלט באטײַט פאר אים אָפּשטעלן זיך איצט, האָט ער דערלאנגט פיס, אזש פונעם שניי איז א רויך געגאנגען. דער סאָלדאט האָט עטלעכע מאָל אויסגעשאָסן, ביז פאנאס איז דער־לאָפן צום וואלד. א ווייטעק אין פוס האָט פאנאס דערפילט נאָך דעם, ווען ער איז שוין געווען ווײַט אין וואלד.

פאנאסעס דערציילן האָט געמאכט א גוטן אײַנדרוק אפן אלטן טאלאשן און אפן נופרייען און האָט זיי געצווונגען א קוק טאָן אפן פוילישן סאָלדאט מיט אנדערע אויגן. ווײַזט אויס, אז ניט אלע פאָליאקן זײַנען אזעלכע שלעכטע מענטשן, ווי דאָס האָט פריער געמיינט דער אלטער, אז צווישן זיי זײַנען פאראן גוטע אויך, אָבער גוטסקײַט אליין איז נאָך קנאפּ אפּ צו דערקלערן בענוי די אופירונג פונעם פוילישן סאָלדאט בענעגייע פאנאסן.

— פארשיידענע מענטשן זײַנען פאראן אויך צווישן די פּוי־לישע סאָלדאטן,—האָט נופריי קאָנסטאטירט א פאקט.

— יאָ — האָט מאסקים געווען דער אַלטער טאַלאש: — צווישן זיי זײַנען געווים פאראַן אַזעלכע, וועלכע פילן ניט מיט די פריצים און האַלטן מילכאָמע קעגן זייער אייגענעם ווילן. אַ פּאַן בלײַבט אַ פּאַן און אַ נאַש־בראַט אַ פּראָסטער מענטש, אַ האָרעפּאַשניק — ער האָט זײַן מיינונג און זײַן אינטערעס, מעג ער זײַן אַ פּאָליאַק צי אַ דײַטש. דער אַלטער טאַלאש האָט זיך דערמאָנט אָפּ ניע־ווידנען. דאָס, וואָס דעמאָלט איז דעם אַלטן ניט אַלץ קלאָר גע־ווען פונעם שמועס מיט ניעווידנען, האָט איצט אָנגעהויבן דער־גיין צו זײַן באַוווסטזײַן און סייכל.

דער אַלטער טאַלאש און נופריי האָבן געהאַט אַלע רעכט צו אָפּזאָגן זיך דעם מאָל פון אויסשפּירן דאָס שטעטל. זיי זײַנען געווען געצוווּנגען באַנוגענען זיך מיט די ידיעות וועגן די פּאָליאַקן, וואָס עס האָט זיי איבערגעגעבן די יונגע פרוי, באַלוקס ווײַב. און אומקערן זיך צוריק אין גלוכי אָסטראָוו. קיין אַנדער אויסוועג איז ניט געווען: מען קען דאָך ניט לאָזן דעם כעוורע־מאַן אין וואַלד אָדער אָפּ פרעמדע מענטשן, ווו מען וואָלט לײַכט אויפגעדעקט, ווער ער איז. דאָס באַפרײַען פּאַנאַסן פון טורמע און די צופּעליקע גליקלעכע באַגעגעניש מיט אים האָבן דערלייזט די אויפגאַבע, וועלכע עס האָט פאַר זיך געשטעלט דער אַלטער טאַלאש. אויב די געשעעניש אין ווירקוציע האָט צעשטערט דעם מאַרשרוט, האָט פּאַנאַסעס באַפרײַונג פון טורמע צעשטערט דעם גאַנצן פּלאַן פונעם מאַרש. איצט וועט אַלץ אָפּהענגיק זײַן פון בוקרייען. ווען דער אַלטער האָט איצט איבערגעטראַכט אָט דאָס אַלץ, איז ער געקומען צום אויספיר, אַז אי באַ אים, אי באַ בוקרייען זײַנען די הענט פאַנאַנדערגעבונדן און אַז זיי זײַנען איצט פרײַע, ווײַל זיי זײַנען ניט פאַרבונדן מיט אַ באַ־שטימטן אָרט.

עס הווידעט זיך די טראָג־בעטל, וואָס נופריי האָט געמאַכט. צוויי פּאָר שטײַפע הענט טראָגן פּאַנאַסן דורך די וואַלד־געדיכ־טענישן, דורך פינצטערע שטעגלעך. פּאַנאַסן איז אַזוי גוט, אָנ־

גענעם צו וויגן זיך אין דער וואָלפֿן־פּעלץ, ער פאַרזשמורעט די אויגן, דרעמלט און טרוימט. פאַר אים איז דאָס ניט קיין גע־וויינלעכע לאַגע און דאָס, וואָס עס טראָגן אים אַפֿ אַ טראָג־בעטל צווי מאַנספּערשוינען פּונקט ווי אַפֿ אַ מילכאָמע, שאַפֿט אַ באַ־זונדער שטימונג און אַ באַזונדער געפֿיל. זײַן פּוס נאָגט מיט אַ טעמפּן ווייטעק, אָבער ער קלאָגט זיך ניט אַפֿ דעם, וואָרעם אַז דער ווייטעק באַרעכטיקט פאַנאַסן אין זײַנע אייגענע אויגן און גיט אים רעכט, אַז מען זאָל אים טראָגן אַפּן טראָג־בעטל. ער טראַכט וועגן דעם, וווּהין מען טראָגט אים און וואָס וועט ער דאָרט דערזען. פֿאַר זײַנע אויגן מאָלן זיך אויס פיגורן פון גרוי־זאַמע מילכאָמע־העלדן, רוויטאַרמייער און פּאַרטיזאַנער. ער טראַכט אויך וועגן דער היים, וועגן דער אַלטער מאַמען, וועגן מאַקסי־מען, וועגן זײַנע כאַווײרים. אָט װעט ער דאָס זיי דערציילן טשיקאַווע מײַסעס, ווען ער וועט זיך באַגעגענען מיט זיי.

צווישן די צווײַגן פון וואַלד לײַכט זיך אַ הימל, אַ גראָער, אַ פולער מיט וואָלקנס. כאָלעם און וואָר גיסן זיך צונויף אין איין געדיכטן פילזײַטן בילד פון אַ יונג לעבן מיט זײַנע פריידן, זאָרגן און פילאַרטיקע געשעענישן.

אופגעכאַפּט האָט ער זיך שוין אין גלוכי אָסטראָוו. באַם זײַט אָרום אים פלאַקערט אַ פײַער. עמעצנס אַ זאָרגזאַמע האַנט האָט אים צוגעדעקט מיט אַ וואַרעמען פוטער. אַרום פײַער שטייען און זיצן מענטשן אין מיליטערישע בגאָדים. צווישן זיי טונקלען פי־גורן פון פּויערים באַוואָפנטע מיט ביקסן. אַפֿ אַ קורצן גראָבן אָפּגעהאַקטן שטאַם זיצט אַ וואָגיקער ברייטבייניקער מענטש מיט העלע, האַרטע וואָנצן, מיט אַ גרויסן שאַרפֿן פּאָנעם, זײַנע רויִקע גרויע אויגן קוקן אַרײַן אין אַ נאָטיץ־בוך, קריכן פּאַוואָליע איבער די שורעס פונעם פאַרשריבענעם טעקסט. אַרום אים שטייען צוויי פּאַרטיזאַנער מיט ביקסן און איין מענטש אָן אַ ביקס מיט אַ האַק אין פּאַס. דער ברייטבייניקער מענטש רײַסט זיך אָפּ פון־נעם ביכל, הייבט אוף די רויִקע אויגן אַפּן מענטשן מיטן האַק

אין פאס, פרעגט עפּעס פאנאנדער. דער מענטש ענטפערט. רעדט לאנג. דער ברייטבייניקער מענטש הערט זיך אופמערקזאם צו, דערנאָך פארשרייַבט ער עפּעס אין זייַן ביכל:

— נו, ווי פילסטו זיך?

צו פאנאסן גייט אונטער נופריי, קוקט זיך אייַן אין אים מיט אַ מילדן שמייכל, ווייַזנדיק א גאנצע ריי ווייַסע גלייַכע ציינער.

— גוט,—זאָגט פאנאס און באוועגט מיט דער פארוווּנדעטער פוס:—איך וואָלט שוין אליין אויך פאוואָלינקע געקענט גיין.

— נו, אָט זעסטו.

נופּרייס שמייכל רוקט נאָכמער פאנאנדער די שווארצע וואָנצן.

— דאָס האָט דיר די וואָלפן־פעל געזונט צוגעגעבן,—שפּאסט ער.

עס רינגלען זיי ארום רוטארמייער און פארטיזאנער. עס אינטערעסירט זיי א קוק צו טאָן אפן כעוורעמאן, וועלכער איז געווען ארעסטירט בא די פּאָליאקן. מע פארווארפט פאנאסן מיט פראגן, ער באווייַזט ניט ענטפערן אפ אלע. און די פראגן און באמערקונגען זייַנען אָפט אזעלכע, אז אפ זיי איז קיין מוז ניט צו ענטפערן.

אָט די דאָזיקע גאנצע אומגעבונג איז געווען פאר פאנאסן ניט קיין געוויינלעכע, און ער פילט זיך עפּעס ניט בא זיך צווישן דעם גרויסן טומל פון די דערוואַקסענע מענטשן. ער זוכט מיט די אויגן דעם פאָטער, אָבער דעם אלטן טאלאשן זעט מען ניט. דערנאָך גייט צו צו פאנאסן דער ברייטבייניקער מענטש מיט די הארטע וואָנצן. ער האָט געענדיקט שמועסן מיטן מענטשן, וואָס מיט דער האק, און האָט אוועקגעלייגט דעם נאָטיץ־ביכל אין קעשענע.

— נו, מאַלאָדעץ, ווי לעבסטו עפּעס?—פרעגט ער פאנאסן.

— נישקאָשע, גאנצ גוט.

פאנאס סטארעט זיך זייַן מוטיק.

— מאַלאָדעצ—ליבט אים בוקריי. דו דארפסט איצט זײַן א סאָלדאט א כוואט... ווילסט מילכאָמע האלטן?

— איכ וויל,—ענטפערט מוטיק פאנאס.

— א קאָזאק א יאט!

בוקריי האָט זיכ פאנאנדערגערעדט מיט פאנאסן, האָט אים פאנאנדערגעפרעגט, ווי האָט מען זיכ אופגעפיר׳ט בא די פאָליאקן, וואָס האָט ער דאָרטן געהערט און געזען. פאנאסן איז גרינג געווען צו ענטפערן אפ די פראגעס פונעם אפן קוק גרויזאמען מענטשן מיט די הארטע וואָנצן: דער דאָזיקער מענטש האָט זיכ געקאָנט פארמעסטן מיט פאנאסן, האָט געקאָנט ארײַנזאָגן א טרעפלעכן שפאס און פרײלעכ מאכן דעם כעווערמאן.

— נו, רו זיכ אויס, טײַערער מײַנער, און קום צו זיכ! גע־זונטע מענטשן קרענקען ניט לאנג,—האָט ער א זאָג געטאָן נאָכן שמועס מיט פאנאסן.

פאנאסן האָט מען אָנגעקאָרמעט און געלאָזן אָפרוען, אכטונג געגעבן אפ אים האָט נופריי, וועלכער האָט געקריגן א שעם פון א דאָקטער און א סאניטאר.

דער אלטער טאַלאש איז טאקע ניט געווען דאָ.

דער אלטער טאלאש האלט גוט אין זינען זײַנע ווערטער. הײַנט אין אָוונט ענדיקט זיכ דער טערמין—ער דארף זײַן לעבן דאָלגי־בראָד, ווי ער האָט אָפגערעדט מיט מארטין רילן. איצטער איז דער אלטער טאלאש א פרײַער קאָזאק, ער האָט פארגעסן זײַנע שווערע דײַגעס און זײַן פאָטערלעכער צאר איז פאר־וואנדלט געוואָרן אין פרייד: ער האָט געפונען זײַן זון און האָט אים איבערגעלאָזן אפ הענט פון זיכערע מענטשן.

מיט בוקרייס האסקאָמע קלײַבט זיכ דער אלטער טאלאש אין וועג קיין דאָלגי־בראָד. קיין מענטשן דארף ער הײַנט ניט און ער רעכנט גיין אהין איינער אליין, קעדיי ניט באומרויִקן מענטשן אומזיסט. אָבער קופריאַנטשיק און אסקעריטש רופן זיכ אליין אויס צו גיין מיט אים. זיי דערקלערן דאָס מיט דעם, אז איינער

אליין איז ניט גוט אומצושלעפּן זיך באַנאַכט. אכוץ דעם ווילט זיך זיי אַ קוק טאָן אַף מאַרטינס רילן און זיינע ביקס, כאָטש וועגן דעם זאָגן זיי קיין וואָרט ניט.

די נאַכט האָט שוין געדיכט אַראָפּגעלאָזן איר שלייער אַף די וועלדער און בלאָטעס פון דער אנטשטומטער פּאָלעסיע, ווען דער אַלטער טאַלאַש און זיינע מיטגייער זיינען געקומען אין דאָלגי־בראָד.

— נו, איז שטייט איר דאָ, מיינע אָדלערלעך, און איך וועל אָפּגיין און אַ רוף טאָן מיינע וועלף, — האָט אַ זאָג געטאָן דער אַלטער טאַלאַש און איז אָפּגעגאַנגען ווייטער. דער אַלטער איז אָפּגעגאַנ־גען אַף אַ טריט פופציק, האָט זיך אָפּגעשטעלט, אַראָפּגערוקט דאָס היטל, אוועקגעשטעלט אַ פויסט אַף אַ פויסט, געמאַכט פון זיי אַ טרויב, האָט אַ הוסט געטאָן, אָנגעבויגן זיך און גענומען וויען אין די פויסטן. לעכאַטכילע האָט ער געוויעט שטיל, גראָב און דערנאָך האָט דאָס וויען אָנגעהויבן ווערן שטאַרקער און אַלץ העכער אין טאָן, און צוזאַמען דערמיט האָט זיך דער אַלטער טאַלאַש צוביסלעך אויסגעגלייכט, אויפגעהויבן די פויסטן און דעם קאָפּ אַלץ העכער און העכער און ענדלעך האָט ער אָט די דאָ־זיקע גאַנצע שפּיל פאַרענדיקט מיט אַ שרעקלעכן וויען. עס איז שווער געווען צו גלויבן, אַז דאָס זאָל זיין דער אַלטער טאַלאַש און ניט קיין וואָלף.

— נו, שוין איינמאָל אַ וואָלף, — האָט זיך געכידעשט קופּיר־אַנטשיק.

— טפו, פאַשעט אַ שרעק! — האָט זיך אָפּגערופן אסקעריטש.

אָפּוואַרטנדיק אביסל האָט זיך דאָס וויען, נאָך מער שרעק־לעך, ווידער איבערגעכאַזערט און אין אַ מינוט צוויי אַרום האָט דער אַלטער גענומען וויען אַ דריטן מאָל. ער האָט אַזוי גענו־מען וויען, אַז קופּעריאַנטשיק און אסקעריטש, האָבן קרעכצן אָנגעהויבן.

ווי נאָר דער אַלטער טאַלאַש האָט געענדיקט זיין דריטן וועל־

פישנ געווי, האָט פלוצלונג ניט גאָר ווײַט פונ א זײַט א דונער
געטאָנ א מעכטיקער זאלפ, וועלכער האָט איבערגעשראָקנ מיט
זײַנ אומדערוואַרטקײַט דעם אלטנ טאלאשנ מיט זײַנע מענטשנ.
מארטינ ריל האָט אויכ ליב געהאט עפעקטנ־סצענעס אונ אינ
א מינוט ארום איז פונ דער פינצטערניש ארויסגעשווּמענ זײַנ
הויכע פיגור אונ נאָכ אימ א היפשע מאכנע באוואָפנטע מענטשנ.

XVIII

די פארטיזאנער־אויסשפירער האָבנ צונויפגעקליבנ זייער אסאכ
וויכטיקע ידיעות וועגנ דעמ, ווי זײַנענ צעשטעלט די טיילנ פונ
דער פוילישער ארמיי אונ ווּ זיי זײַנענ קאָנצענטרירט. אָט די
דאָזיקע אלע ידיעות פלעגט בוקריי פינקטלעכ פארשרײַבנ. אפנ
גרונט פונ די דאָזיקע ידיעות האָט מענ געקענט גרינג טרעפנ,
אפ וועלכע פונקטנ עס ווענדעט אָנ דער פוילישער שטאב זײַנ
מיליטערישנ הויפט־קלאפ.

בוקרייס אויסשפירונג האָט אויכ פעסטגעשטעלט, וואָס פארא
שטימונג עס הערשט צווישנ די פויערימ פונ די דערפער, וועלכע
זײַנענ אָקופירט דורכ די פאָליאקנ. א בוילעטע בילד פונ דעמ,
ווי עס באלעבאטעוועט די פוילישע מיליטערמאשינע, האָט גע־
געבנ מארטינ ריל אונ זײַנ דרוושינע — די 6 מענטשנ, וועלכע
האָבנ זיכ פרײַוויליק געשטעלט צו פארטיידיקנ די אינטערעסנ
פונ דער אָרעמשאפט. ער האָט דערציילט וועגנ דעמ, אז די פאָ־
ליאקנ זײַנענ אָנגעיאָגנ אפ וועפרי, ווּ ער איז אליינ געווענ אנ
איידעס, ווי אפ זײַנע אויגנ האָט מענ דערהרגעט קאָנדראט
בוסנ, פאר וועלכנ ער האָט זיכ אָפגערעכנט אונ האָט דערהאר־
געט איינעמ א פוילישנ סאָלדאט אונ דעמ צווייטנ פארוווּנדעט.
ער האָט דערציילט וועגנ די אונטערגעצונדענע געבײַדעס פונ
דער פויערישער אָרעמשאפט, וועגנ די זדיעקרײַענ, וואָס עס זײַ־
נענ באגאנגענ די פוילישע קאפראלנ איבער די אלטע לײַט,
איבער פרויענ אונ קינדער, וואָס זייערע עלטערנ זײַנענ ארויס־

געטראָטנ קעגנ די פאנעס, די אָרעמשאפט האָט ניט ווו אהינצוטאָנ זיכ. זי איז געצווונגענ אנטלויפנ אינ וואלד. וואָס זשע אנדערש זאָל זי טאָנ? אונטערגעבנ זיכ דער פאנסקער מאכט אונ ווידער אָנטאָנ א יאָכ זיכ אפנ קארק? ניינ, בעסער מילכאָמע האלטנ מיט געווער אינ די הענט פאר דאָס רעכט צו זייַנ פרייַ, שלאָגנ זיכ פאר די אינטערעסנ פונ די האָרעפאשניקעס. בעסער אומקומענ אינ קאמפ פאר דער פרייַהייַט, פאר די רעכט צו בויענ דאָס אייגענעמ לעבנ ווי דו ווילסט, איידער אנערקענענ די פאנסקע מאכט אונ די פאנסקע פרייַהייַט.

— דו רעדסט גוט, טייַערינקער! דו זאָגסט דעמ עמעס—האָט אונטערגעהאלטנ דעמ כאווער זייַנעמ דער אלטער טאלאש:—מיר וועלנ זיכ ניט אונטערווארפנ די פאנעס. אונדזערע וועגנ גייענ ניט אהינ, ניט אינ יענע וועלדער קוקנ אונדזערע אויגנ. לאָמיר, כאוויירימ, שטייַפ האלטנ זיכ אייַנער פארנ צווייטנ. זאָל יעדערער פונ אונדז צונויפקלייַבנ ארומ זיכ א דרוזשינע פונ געוואגטע מענטשנ. אומגעריכטערהייט, פלוצלונג וועלנ מיר שלאָגנ די רויבער. מיט פולווער, מיט קוילנ וועלנ מיר מעכאבעד זייַנ די ניט געבעטענע געסט.

נאָכ דעמ אלטנ טאלאשנ איז ארויסגעטראָטנ א מענטש מיט א האק אינ פאס, שוינ ניט קיינ יונגער, א סוטולער מיט שוינ לאנג ניט קיינ געגאָלטנ פאָנעמ. זייַנע טונקל־בלויע אויגנ זייַנענ בעזעסנ טיפ אינ שטערנ. אפ די דינע צונויפגעשטשעמעטע ליפנ פלעגט אָפט דורכלויפנ א ביטערער שמייכל. דער דאָזיקער מענטש איז אויסגעשטאנענ אינ לעבנ אסאכ באליידיקונג אונ צאָרעס. דאָס איז טימאָכ בודיק פונ דאָרפ קארנאטשי. נאָכ פארנ קייסער האָט מענ אימ פארמישפעט אפ צוויי יאָר ארעסטאנטסקע ראָטעס פאר אונטערצינדנ דעמ פאנס סטאדאָלע. אונ מיטנ פאָרעצ פלעגנ בא אימ ארויסקומענ סיכסוכימ איבער די סערוויטונ־רעכט. פאר פארשיידענע קליינע פארברעכנס אינ שטערנ די אייגנטומ־באציוּגענ האָט מענ אימ געמישפעט אונ שטראפירט. טימאָכ האָט

ניט געקענט געפינען קיין בעסערע זאך, ווי אונטערצינדן די פריצישע סטאדאָלע. אָפּקומענדיק די ארעסטאנטן־ראָטעס, האָט ער אויסגעדריקט זײַן פארדראָס, פארוואָס ער האָט אונטער־געצונדן די סטאדאָלע און ניט די פריצישע שטוב אָדער דעם שײַער. איצט האָט מען זיך דערמאָנט אָפּ אלע זײַנע כאטאָים און מע האָט אים ווידער אָנגעהויבן אומשלעפּן און שמײַסן. טי־מאָכ האלט זיך איצט אויך בא די אלטע מיטלען פון נעקאָמע און קאמפּ, ער לעבט מיטן געדאנק ווענן אונטערצינדן די פריצישע מאיאָנטקעס. און ער טראָגט אין זײַן קאָפּ ברייטע פּלענער פון אונ־טערצינדן. באגעגענענדיק זיך אין וואלד מיט דעם אלטן טאלאשם פארטיזאנער, האָט ער געמאָלדן, אז ער וויל פאררייניקן זיך צו דער פארטיזאנישער באוועגונג און ברייט פאנאנדערוויקלען די ארבעט פון אונטערצינדן די פריצישע מאיאָנטקעס.

— און מע האָט געזאָגט, אז באָלשעוויקעס טוען ניט קיין גע־העריקע זאכן, נעמען צו דאָס פארמעגן, דאָס גוטס — אזוי האָט אָנגעהויבן טימאָכ בודיק: — מיר ווייסן, ווי עס פלעגן נעמען און ווי עס נעמען באָלשעוויקעס. זיי האָבן גענומען פריצישע האָב און גוטס, דאָס גוטס פון די רײַכע. האָבן זיי עס דען מיט די אייגענע הענט אָנגעלעבט? מיר האָבן דאָס מיט אונדזער הויקער אָנגעלעבט פאר זיי. און די באָלשעוויקעס גיבן דאָס אָפּ דעם, ווער עס האָט זײַן לעבן געהאָרעוועט און האָט גאָר־נישט געהאט. און איצט וואָס טוט זיך? עס האָבן זיך אומגע־קערט די פריצים מיט זייער כעוורײַע, האָבן אָנגעהויבן אײַנפירן זייערע פּאראָנדקעס, וואָס די צארישע זײַנען א הונט קעגן זייערע. וויטנ, נאטשאלניקעס האָבן זיי אָנגעפלאָדיעט. און דאָרט, ווו פריִער איז געווען איין אוריאדניק, האָבן זיי איצטער אוועקגעשטעלט צען זשאנדארמען אף אונדזער קאָפּ. עס האָט זיך אָנגעזעצט אף די מוזשיצקע האַרעפּאשנע פּלייצעס א שרעקלעכער היישעריק, די נעשאָמע נעמט מען ארויס, ביז א פּאָדעם נעמט מען אָפּ. איר גיט נאָר א קוק, וואָס עס טוט זיך אין די דערפער, באוואָפנטע פּוי־

לישע שײַקעס פאָרן אַן מיט קוילנוואַרפער, שלאָגן ארויס בא די מוזשיקעס די לעצטע ביסל גוטס און די פּי. מיר זיצן זיך דאָ און ריידן און אפּ די װעגן פון די דערפער סקריפּעט דער שניי אונטער די שליטנס, עס קרעכצט און װיינט מיט פּויערישן געוויין. זייער אייגענעם גוטס פירן די פּויערים אליין, זיי שמײַסן די פערדלעך און זיי אליין טרײַבט אונטער די פריצישע נאַהײַקע. קען מען דען װײַטער ליידן אזוי? זיי האָבן קיין שום ראכמאָנעס ניט אפּ אונדזערן א ברודער. איז זאָל זשע, ברידערלעך, בא אונדז ניט זײַן קיין ראכמאָנעס צו זיי. הארגענען, פארניכטן, אונטערצינדן זיי מיט א העלישן פײַער פון סטרייפּעס!

בודיק האָט זייער בילדעריש באשריבן די מײַסים פון די פּאָליאקן, װען זיי פלעגן אָנלויפן אפּ די דערפער, די מיטלען, װאָס זיי האָבן זייערע אָפּט פּראַקטיקירט אפּ בארויִקן די באפעלקערונג, אפּ ארויסשלאָגן מיט גוואַלד פארשיידענע צינשן פון די פּויערים. ער האָט נאָך מער אָנגעצונדן דעם געפיל פון נעקאָמע און קאמפּ קעגן די פּאָליאקן און דער פּוילישער מאכט. אָט פארוואָס עס האָבן אי די רויטארמייער, אי די פּארטיזאַנער אײַנשטימיק אָנגענומען בוקרייס באפעל צו מאכן אן אָנפאל אפּ די פּאָליאקן, װעלכע האָבן לויט געוויסע ידיעס, געקליבן זיך אין דאָרף האַנוסי װידער אָפּנעמען בא די פּויערים זייער ביסל גוטס.

בוקריי, די נאטשאלניקעס פון די אָפּטיילן, דער אלטער טאַלאש, מארטין ריל, קופּריאַנטשיק און בודיק האָבן אײַנגעאָרדנט א גאנצע כאראטונג, קידיי געגוי באטראכטן דעם פּלאַן פון דעם אָנפאל. געמענדיק איז אכט די ניט גרויסע צאָל מענטשן און אז זיי געפינען זיך אפּ א טעריטאָריע, װעלכע איז פארנומען מיט די פּאָליאקן, האָט מען אפּ דער באראטונג באשטימט ניט קריכן אין אן אָפענעם שלאכט, נאָר מאכן דעם אָנפאל אומגעריכט אין װעג, װען די פּאָליאקן װעלן שוין גיין צוריק מיטן אָנגעראבעוועטן גוטס.

— כאווײרים! גרייט זיך אין מארש,— האָבן די רויטארמייער און פּארטיזאַנער איבערגעגעבן איינער דעם צווייטן.

פארטאָג האָבן זיי ארויסגעשיקט אויסשפּירער אין דאָרף האַנוסי. פון גלוכי אַסטראָוו ביז האַנוסי איז געווען אַ קילאָמעטער פינף צו מיזרעך צו — אין דער זייַט, ווו עס זייַנען געווען די פּאָזיציעס פון דער רויטער ארמיי. דער אלטער טאלאש האָט געקענט ניט נעמען קיין אָנטייל אין דעם דאָזיקן מארש; אונטער זייַן אויפזיכט איז געווען פאנאס, אָבער ער האָט איבערגעגעבן פאנאסן נופרייען און קאָנדראט קרוגלי פון דאָרף וויסאָקאיא רודניא. פאנאס האָט זיך געפילט גוט און האָט געזאָגט, אז ער קאָן שוין אומגיין און אים האָט זיך זייער געוואָלט בלייַבן בײַ דעם אָטריאד.

— דו אָפּ, ברודערקע: זאָל זיך פארהיילן די פוס, און מילכאָמע האלטן וועסטו נאָך צײַט האָבן, — האָט געזאָגט בוקריי.

נופריי און קרוגלי מיט פאנאסן האָבן זיך געלאָזן גיין צו וויסאָקאיא רודניא. אף הודארס לאָנקע האָבן זיי געדארפט ווארטן אף בוקריים כעוורע און אפן אלטן טאלאשן. דער אלטער טאלאש האָט געהאלטן פאר זייַן כויוו ניט פארלאָזן בוקרייען און די פּארטיזאנער, און ער האָט פּעסט באשטימט אונטערוואַרפן זייַנע פּערזענלעכע אינטערעסן די אלגעמיינע אינטערעסן.

דער מארש אין דאָרף האַנוסי האָט געשטעלט די פראגע וועגן באשטימען אַ באזונדערן נאטשאלניק פאר די פּארטיזאנער: זיי זייַנען שוין געווען ארום 2 צענדליק. פאקטיש האָט זיך דער אלטער טאלאש גערעכנט פאר זייער פירער, נאָר יורידיש איז דאָס ניט געווען פּאָרמירט. אין צוזאמענהאנג דערמיט איז געשטאנען אויך אַ צווייטע פראגע: ווי זאָל מען רופן דעם נאטשאלניק פון די פּארטיזאנער.

— נו, כעוורע, איר דארפט אויסקלייַבן אַן אטאמאן! — אזוי האָט זיך צו די פּארטיזאנער געווענדט בוקריי און דערמיט אלײַן האָט ער שוין פּאָרויס באשלאָסן די פראגע, ווי זאָל מען אָנרופן דעם נאטשאלניק.

— אַנ אַטאַמאַנ. אַנ אַטאַמאַנ דאַרפ מענ אױסקלײַבנ! — האָבנ אונטערגעכאַפּט די פּאַרטיזאַנער.

— פונ מײַנ זײַט, כאַװײרים, װאָלט איכ אײַכ געראַטעט אױס־קלײַבנ דעמ אַלטנ טאַלאַשנ; ער איז אַ מענטש מיט אַ קאָפּ, אַ פאָרזיכטיקער, אָבער אַנ אַנטשלאָסענער, אַ דרײסטער אונ בעקאָװעדיקער מענטש. איכ האָב זיכ צוגעקוקט צו אימ אונ איכ זאָג: אַ נאַטשאַלניק װעט ער אײַכ זײַנ קרוגאָמ אַפּ אַלע הונדערט.

— קלײַבט אױס עפּעס אַ ייִנגערנ, — אונ אַזאַ, װאָס איז מער פּראַקטיקירט אינ מיליטערישע איניאָנימ, — האָט געמאָלדנ דער אַל־טער טאַלאַש.

— דעמ אַלטנ טאַלאַשנ!

— דעמ אַלטנ טאַלאַשנ!

— זאָל דער אַלטער טאַלאַש זײַנ אונדזער אַטאַמאַנ, — האָבנ אַלע פּאַרטיזאַנער אינ אײנ שטימ אַ געשרײ געטאָנ.

דעמ אַלטנ טאַלאַשעס האַרצ איז איבערפולט געװאָרנ. ער האָט אַראָפּגענומענ דאָס היטל. אַ געלבלעכ־װײַסער פליעכ האָט אָפּנ קאָפּ אַ גלאַנצ געטאָנ, װי די זונ. דער ברײטלעכער אונ אביסל פּאַריסענער נאָז האָט זיכ אופגעהױבנ אינדערהױכ אונ זיכ אַראָפּ־געלאָזנ צוריק.

— איכ דאַנק אײַכ, ברידער מײַנע. נאָכאַמאָל זאָג איכ: קלײַבט אױס עמעצנ אַזאַ, װאָס האָט מער פאַרדינט פאַר מיר.

— טאַלאַש, טאַלאַש זאָל זײַנ אַנ אַטאַמאַנ! — האָבנ נאָכ העכער אַ געשרײ געטאָנ די פּאַרטיזאַנער.

דער אַלטער טאַלאַש האָט נאָכאַמאָל אַראָפּגענומענ דאָס היטל, אַ צװײטנ מאָל אַ נױג געטאָנ זיכ.

— איכ װעל, כאַװײרימ, שטאַרענ זיכ פאַר אײַכ, איבער יע־דער טראָפּנ פונ אײַער בלוט װעל איכ טרײסלענ זיכ. לאָמיר שטײנ אײנער פאַרנ צװײטנ. אונדזער זאַכ איז שלאָגנ די רױ־בער. קײנ שומ ראַכמאָנעס ניט צו די פּריצימ. אָבער געהאָרכזאַמ־

קײַט דאַרף װערן אונדזער געזעצ. איך װעל פאָלגנ אײַך און איר דאַרפט מיך פאָלגנ, װײַל אנדערש װעט קײנ טאָלק ניט זײַנ.

— עמעס,—האָבנ באַשטעטיקט די פּאַרטיזאַנער.

— דיסציפּלינ—דאָס איז די ערשטע זאַך,—האָט באַמערקט בוקריי.

— און אַלס מײַנ געהילפ דערלױבט מיר אױסקלײַבנ מאַרטינ רילנ,—האָט זיך געװענדעט דער אַלטער צו די פּאַרטיזאַנער.

— מיר דערלױבנ.

אָט װיאַזױ דער אַלטער טאַלאַש איז געװאָרנ אַ פּאַרטיזאַנישער אַטאַמאַנ.

באַגינענ, װי נאָר עס האָט אָנגעהױבנ טאָגנ, האָט זיך דאָס גאַנצע מיליטער אַ לאָז געטאָנ אינ מאַרש. די פאַרבינדונג צװישנ די אױסשפּירער און דער הױפּט־קאָלאָנע האָבנ אונטערגעהאַלטנ די פּאַרטיזאַנער. די ערשטע אינפאָרמאַציע פונ דער אױסשפּירונג איז געקומענ אינ אַ שאָ צװײ אַרום. די אױסשפּירער האָבנ אינ־פאָרמירט: אינ דאָרפ האַנוסי זײַנענ דורכגעפאָרנ 24 רײַטער און צװײ פורלעכ מיט קוילנװאַרפער. בא די בוקרײצעס איז קײנ קוילנװאַרפער ניט געװענ. די רױטאַרמײער האָבנ געהאַט ביקסנ און האַנט־גראַנאַטעס.

שטיל, אָנ אַ טומל האָבנ זיך בוקריי און די פּאַרטיזאַנער גערוקט פאָרױס, האַלטנדיק די ריכטונג אינעם װעג קײנ האַנוסי. די שטי־מונג איז געװענ אַ מונטערע, באַזונדערס צװישנ די פּאַרטיזאַנער, װעמענ עס איז צום ערשטנ מאָל אױסגעקומענ צוזאַמענשטױסנ זיך מיטנ פּױלישנ מיליטער מיט געװער אינ די הענט.

די װאַכזאַמקײַט פונ די רױטאַרמײער און די פּאַרטיזאַנער איז געװאָרנ נאָכ גרעסער, װענ זײ זײַנענ צוגעגאַנגענ צום ברעג װאַלד, װו עס האָט זיך שױנ אָנגעהױבנ דאָס האַנוסער פעלד, און דער דאָרפ אַלײנ האָט זיך אָנגעהױבנ אױסמאָלנ אַפג װײַסנ שנײ־פאָנ אינ גרױע פלעקנ פונ זײַנע אינ דער ערד־אײַנגעװאָק־סענע געבײַדעס. פונ יענער זײַט דאָרפ האָט זיך געזענ אַ קלײנ

וועלדל מיט די אומעטיקע אָפגעהילכטע קוסטעס, און אהינטער וועלדל האָט זיכ געבלויט א וואנט פונ הויכנ וואלד.

בוקריי האָט אָפגעגעבנ א באפעל פאנאנדערשטעלנ א קייט פונ וועכטער, אז זיי זאָלנ אכטונג געבנ אפנ דאָרפ. ווערליק עס האָבנ דערציילט די אויסשפּירער, האָבנ די פּאָליאקנ אויכ צעשטעלט א וואכטע צו מיזרעכ צו פונ דאָרפ: זיי האָבנ דערווארט פונ דאָרטנ די סאקאָנע — אינ יענעמ זײַט זײַנענ געווענ די פּאָזיציעס פונ דער רויטער ארמיי. זיי האָבנ בעשומויפנ זיכ ניט געריכט, אז די דאָזיקע געפאר קענ זיי קומענ פונ הינטערלאנד, פונ מײַ־רעוודיקנ טייל פונ דאָרפ, ווו עס האָבנ זיכ אָפגעשטעלט די רויט־ארמייער אונ די פּארטיזאנער. בוקריי, דער אלטער טאלאש אונ מארטינ ריל האָבנ אופמערקזאמ באטראכט דעמ אָרט אונ אויסגע־קליבנ א פּאָזיציע. די פּאָזיציע האָט זיכ געפונענ אפנ ברעג וואלד, דאָרטנ, ווו דער וועג, א צונויפגעדריקטער פונ ביידע זײַטנ מיט א פינצטערער קוסשמע פונ סאָסנע אונ יאָדלע־ביימער. אפ דער בלאָטע לענגויס דעמ וועג זײַנענ געוואקסנ קוסטעס פונ לאָזע אונ אָלכע. קעדיי נאָכ מער צונויפדריקנ די פּאָזיציע אונ ניט לאָזנ די פּאָליאקנ פאנאנדערוויקלענ זיכ צומ שלאכט, האָט בוקריי באפוילנ פארלייגנ דעמ וועג פונ יענער זײַט הרעבליע, אז די רײַטער זאָלנ ניט קאָנענ אריבערשפּרינגענ. די רויטארמייער אונ די פּארטיזאנער האָבנ זיכ אזוי פארמאסקירט, אז מע האָט זיי ניט געקאָנט באמערקנ פונ וועג, ווי דו זאָלסט זיכ ניט ארומקוקנ. צוגעגרייט די פּאָזיציע, צעשטעלט אפ איר ארמייער, פארנומענ ביידע זײַטנ פונ וועג, האָבנ זיי זיכ אוועקגעשטעלט אונטערהיטנ די פּאָליאקנ. לאנגווײַליק אונ אָנגעשטרענגט זײַענ דורכגעגאנגענ די מינוטנ פונ ווארטנ. בוקריי אונ דער אטאמאנ טאלאש זײַנענ ארומגעגאנגענ איבער די פּאָזיציעס, האָבנ קאָנטראָלירט די נא־טשאלניקעס פונ די רינגענ אונ יערנ באזונדער ארמייער, ווענ־דנדיק די אופמערקזאמקײַט אפ דער אויסגעהאלטנקײַט, רויקײַט אונ שטרענגער אויספילונג פונ דער קאָמאנדע. אָנ א קאָמאנדע

ניט ארויסחײַזנ קיינ סימאָנים פונ לעבנ. דער אלטער טאלאש האָט זיכ גערעגט מיט א טיפער אינערלעכער אופרעגונג. דאָס איז געווענ אנ אומרויִקײַט פארנ גורל פונעם דאָזיקנ צוזאמענשטויס, ווו ער וועט דעמ ערשטנ מאָל נעמענ אנ אָנטייל אלס קעמפער אונ אלס נאטשאלניק. אָבער ער האָט מיט גאָרנישט ניט ארויסגעוויזנ זײַנ אופרעגונג. זײַנע געדאנקענ זײַנענ אינגאנצנ אוועק אינ אָט דעמ דאָזיקנ ערשטנ צוזאמענשטויס מיט די פאָליאקנ. אימ האָט זיכ געדוכט, אז דער טייל פונ דער פאָזיציע, וואָס איז נעענטער צומ דאָרפ איז שוואכ אָנגעזעטיקט מיט ארמייער, אז די פאָליאקנ קענענ דאָרט דורכרײַסנ זיכ אונ דורכשפרינגענ: די שלאכט־אופגאבע איז באשטאנענ אינ דעמ, אז קיינ איינ פויל אט זאָל מענ ניט ארויסלאָזנ. דעמ דאָזיקנ באצירק פונ דער פאָזיציע האָט מענ פארפעסטיקט—בוקריי האָט בעמוזט מאסקימ זײַנ מיטנ אלטנס אופווײַזונ. זײַגער 2 באטאָג איז א גאנצער אָבאָז פונ פויערשע פורלעכ, אָנגעלאָדנ מיט פי, פראָדוקטנ אונ פוראזש, ארויסגעפאָרנ פונ דאָרפ. דער אָבאָז האָט זיכ צעצויגנ מער ווי אפ א וויאָרסט. פאָרויס זײַנענ געפאָרנ זעקס רײַטער־לעגיאָנערנ. נאָכ זיי האָבנ געפויזעט צוויי פורלעכ מיט קוילנוואָרפער אונ אפ זיי זײַנענ געזעסנ צו 3 צו 4 סאָלדאטנ. א גרופע רײַטער, זינגענדיק א ליד איז געפאָרנ אינמיטנ, אונ די איבעריקע זײַנענ געווענ אינ עק פונ אָבאָז. פיר רײַטער האָבנ געשלאָסנ דעמ אָבאָז.

א וווּנדערבאר אונ אומגעוויינלעכ בילד האָט מיט זיכ פאָרבעשטעלט דער דאָזיקער אָבאָז. שטיל אונ אָנגעכמורעט זײַנענ געזעסנ די פאָלעשוקעס אינ די שליטנס אונ ניט־ווילנדיק אָנגעטריבנ די פערד. אייניקע זײַנענ שווײַגנדיק געגאנגענ בא די פורנ, ווארפנדיק בליקנ אפנ וואלד אונ אפ די פארהאסטע לעגיאָנערנ, וועלכע האָבנ געהארלאניעט אפ די פערד אונ האָבנ אונטערגעטריבנ די פורמאנעס. דאָ אונ דאָרטנ פלעגט פונ די שליטנס הויכ א געשריי טאָנ א כאזער. ס׳האָט געמעקעט א שעפסל. אָט די

אלע פארשיידנשטימיקע קלאַנגען האָבן זיך צונויפגעגאָסן מיט דער אָפּגעריסענער ליד פון די סאָלדאטן און מיט זייערע בייזע געשרייען אַף די פאָלעשוקעס־פורמאַנעס.

דער פאָדערשטער טייל פון אָבאָז איז שוין דורכגעגאַנגען די הרעבליע, לענגויס וועלכע עס האָבן זיך צעלייגט די פּאַרטיזאַנער און רויטארמייער. עס האָט זיך געדוכט, אַז דער אָבאָז וועט דורכגיין רויִק און עס וועט גאָרנישט טרעפן. די פּאַרטיזאַנער האָבן פיבערהאַפט געדריקט די ביקסן אין די הענט, גרייט ארויסלאָזן א קויל אינעם פוילישן סאָלדאט, אָבער זיי האָבן געוואַרט אַף א קאָמאַנדע און פּלוצלונג האָט זיך די לופט א טרייסל געטאָן, פּאָרויס האָט זיך דערהערט א קלאַנג, פונקט ווי עס וואָלט א זעץ געטאָן א דונער. דאָס האָבן די גראַנאַטשיקעס געוואָרפן גראַנאַטן אין דער פאָדערשטער גרופּע פון די רייטער.

אין דעם זעלבן מאָמענט האָט א דונער געטאָן א זאַלפּ אינעם עק פון אָבאָז. א פּאַניק, א מעהומע, א סומאַטאָכע האָט זיך אויפגעהויבן אינעם אָבאָז. די פערד האָבן זיך צעפּודזשעט, האָבן זיך שטאַרק א ריס געטאָן ווער וווהין, האָבן זיך א לאָז געטאָן אין וועלדל, שלעפּנדיק נאָך זיך די שליטנס איבערגעקערטע. דער זאַלפּ אין צענטער פון אָבאָז האָט אויפגעהויבן א נאָך גרעסערן טומל און כאַאָס. דאָ איז געווען די סאַמע גרעסטע גרופּע רייטער, אָט די טאַקע, וועלכע האָט געזונגען דאָס לידל. די מענטשן, די רייטער און די סאָלדאטן, די פּי, וועלכע זיינען ארויסגעוואָרפן געוואָרן פון די שליטנס, האָבן זיך אומגעוואַלגערט אַפן שניי. איין רייטער, וועלכער איז געבליבן אַפן פערד אין עק פון אָבאָז, האָט זיך געלאָזן לויפן אין וואַלד. אים אנטקעגן זיינען ווי פון דער ערד ארויסגעשפּרונגען די פּאַרטיזאַנער אונטער מאַרטינס קאָמאַנדע און מיט די באַגנעטן איבערגעצאַמט אים דעם וועג. דער פערד האָט אָנגעהויבן כראָפּען, האָט זיך אויפגעהויבן אַף די הינטערשטע פיס. דער ספּריטנער רייטער, ווי ער וואָלט זיך צוגעקלעפּט צום זאָטל, האָט פון היץ ארויסגעכאַפּט דעם

שווערד און האָט א פּאָק געטאָן איבער רילן. מארטין האָט מיטן ביקס אָפּגעקלאַפּט דעם שווערד. בודיק, וועלכער איז אויך אהער אונ־טערגעקומען, איז ווי א קאַטער אונטערגעשפּרונגען פון הינטן, האָט א כאַפּ געטאָן דעם רײַטער פאר די זײַטן און אראָפּגע־שלעפּט אים פון זאָטל. די פּארטיזאנער האָבן אים דאָ אפן אָרט דערשטאָכן מיט די באגנעטן. די גאנצע געשיכטע האָט געדויערט אינגאנצן עטלעכע מינוט. די גרעסטע העלפט פון די פּוילישע סאָלדאטן איז געהארגעט געוואָרן. א טייל האָט מען גענומען אין געפאנגענשאַפט, און דרײַען, שווער פארוואונדעטע, האָט מען אוועק־געשיקט צוריק אין האנוסי. זיי וועלן דערציילן די פּאָליאקן וועגן דער דאָזיקער געשעעניש, וועט די שולד מיט איר גאנצער שווערקײַט ניט פאלן אפן דאָרף האנוסי.

## XIX

אין דעם זעלבן טאָג האָט זיך אוהיניע דערוווּסט וועגן די גע־שעענישן אין וועפּרי. נאָך מיט עטלעכע טעג פריִער האָט זי גע־הערט וועגן דעם, אז די פּאָליאקן האָבן צוגענומען מארטין רילן. דאָס הארץ האָט איר פארקלעמט, אָבער וועמען קאָן מען דערציילן וועגן דעם? עס איז אויסגעקומען אזוי, אז זי פלעגט אויסמײַדן ריידן וועגן מארטין רילן, כאָטש פאר זיך האָט זי געטראכט וועגן אים. לײַכט ארויסוואַרפן פון זיקאָרן מאר־טינען, אָדער טראכטן וועגן אים זייער רויק, ווי וועגן א מענטשן, וואָס איז אוועק פון אונדז אין דער פארגאנגענהײַט, האָט אוהי־ניע ניט געקאָנט. זייער שטארק זײַנען איר אין הארצן פאר־קראָכן די וואָרצלען פון איר ערשטער ליבע, און זעלטן ווען פלעגט זי ריידן מיט וואסילן וועגן מארטין רילן. און די שמוּ־עסן זײַנען געווען פארשיידענע; אָפט האָבן זיי געטראָגן א כא־ראקטער פון לײַכטן שפּאס און אָפטמאָל פלעגן די שמועסן טראָגן אין זיך עלעמענטן פון פּאָרוואורף און אייפערזוכט מיצאד וואסילן. דאָס פלעגט דאָסראָוו פּאָרקומען נאָך א באגעגעניש

צווישן אוהיניען מיט מארטינען. אָדער אוהיניע פלעגט ניט פאַר־זיכטיק ווארפן א בליק מיט אירע צוויבערדיקע אויגן אף מאר־טינען. אָבער דאָס אַלץ האָט געהאט אַן אינטימען כאראקטער פון פאמיליען־לעבן. אכוץ אַלעמען האָט אָבער אוהיניע געקאָנט א קער טאָן די זאך אזוי, אז זי פלעגט בלייבן שטענדיק גע־רעכט. ס'קאָן זיין, אז אין דעם האָבן איר געהאָלפן אירע צוציִ־ענדיקע אויגן און איר קאָנען א קוק טאָן מיט זיי אזוי, אז זיי זאָלן צעשטראַלן יעטווידער כשאד וועגן איר טרייַקייַט און אָפּנ־הערציקייַט. און עפשער איז זי בעעמעס געווען אזא איינעם מאָ־מענט, ווען עס פלעגן זיך אנטפלעקן אָט די דאָויקע עמאָציִעס.

אָט אין דער צייַט, אן ערעכ, ווען וואסיל בוסיגא האָט זיך אומגעקערט פונעם פּאָוויט־„קאָמיסארוש״, ווי ער האָט דערזען דעם ארעסטירטן מארטין ריל און האָט געטראכט וועגן דעם, צי זאָל ער זאָגן וועגן דעם אוהיניען צי ניט, האָט אוהיניע געטראכט איבער דער פראגע—צי זאָל זי גיין אין וועפּרי צי ניט. זי האָט געוואָלט דערוויסן זיך גענויער, פארוואָס האָט מען ארעסטירט מארטינען און וואָס דראָט אים.

זי האָט אויסגעפונען א סיבע אף דורכצוגיין זיך אין וועפּרי: זי האָט געדארפט פארטראָגן איר מאמען וואָל, ווייַל אוהיניען אליין איז שווער ספראווען זיך מיטן שפּינען. אין שטוב איז געבליבן דער אַלטער קופּריאַן, וואסילס טאטע, און די קינדער.

איין זאך האָט וווייטעקדיק אָפּגערופן זיך אין אוהיניעס הארצ: אין וועפּרי זייַנען ארומגעגאנגען שטארקע קלאנגען, אז מארטין רילס ארעסט איז דירעקט אָפּהענגיק פון דעם, וואָס וואסיל בו־סיגא האָט אים געמאסערט. ניט שוין־ושע איז וואסיל דערגאנ־גען צו דעם, אז ער האָט אויסגענוצט אזא אופן פון נעקאָמע? אוהיניע האָט דאָ דערפילט אויך איר שולד. נאָך פון דער ערש־טער נאכט אָן האָט זיך בא וואסילן פארגאנגוועט א כשאד, אז אוהיניע איז שוין ניט קיין מיידל און זייַן גאנצער קאעס און פארטייַעטער האס האָבן זיך געווענדט צו מארטין רילן. און אָט

דער דאָזיקער האס האָט זיכ נאָכ מער געשטארקט אינ אים דורכ די צווייטײַטיקע שפאסנ אונ ווונקענ מיצאד דעם אָדער יענעם גוטנ פרײַנס, אונ א שטענדיקער אָנדענק וועגנ דעם איז געווענ אלעסיע, דאָס ערשטע קינד, וועלכע האָט קלוימערשט געהאט אנ ענלעכקײַט אפ מארטינ רילנ. וואסיל האָט ניט געקאָנט אָנזענ אלעסיענ, כאָטש אָפנ האָט ער עס ניט ארויסגעוויזנ. דערפאר אָבער האָט אוהיניע קאָמפענסירט איר דעם טאטנס קאלטקײַט מיט הייסער מוטער־ליבע, ווענ צווישנ וואסילנ אונ אוהיניענ פלעגנ ארויסקומענ סיכסוכים פלעגט אוהיניע אפצולאָכעס וואסילנ ארמיסטנ דעמאָנסטרירנ איר צוגעבונדנקײַט צו אלעסיענ, געוויינלעכ אָבער, בא אנדערע פאלנ, פלעגט זי זיכ סטארענ מאכנ דאָס באהאלטענערהייט פונ וואסילנ.

אוהיניענ האָט זיכ זייער געוואָלט פארבייגנ צו יעווענ, מארטינס חײַב. מיידלווײַז זײַנענ זיי כאווערטעס געווענ. אָבער זייער פרײַנטשאפט איז זיכ פארנאנדערגעגאנגענ. אונ ניט דעמלט, ווענ מארטינ איז נאָכ געווענ א באָכער, נאָר נאָכדעם. כאָטש קיינ אָפענע קאָנפליקטנ איז צווישנ זיי אפ דעם דאָזיקנ באָזונ ניט געווענ, דאָכ זײַנענ זיי פארפרעמדט געוואָרנ. יעווע האָט אינ הארצנ געהאלטנ א פארבאָרגענעם פארדרוס אפ אוהיניענ. אוהיניע האָט געפילט טאקע איר שולד קעגנ יעווענ. האָט זי זיכ טאקע ניט דערוועגט ארײַנגיינ צו איר. אונ ווי זאָל זי צו איר ארײַנגיינ? וואָס זאָל זי זאָגנ? מיטפילנ איר, וואָס וואסיל האָט אונטערגעפירט אונ נאָכ ווי אונטערגעפירט מארטינענ? אונ וואָס פארא רעכט האָט זי, אוהיניע, באומרויִקנ זיכ פאר מארטינענ? זי האָט דאָכ אליינ אויסגעקליבנ וואסילנ. זי האָט זיכ דאָכ געקוואפעט איבער זײַנ רײַכקײַט. נו, איז טרייסט זיכ מיט דײַנ וואסילנ אונ מיט דײַנ רײַכקײַט!

פונ וועפרי איז אוהיניע געקומענ ניט קיינ פריילעכע אונ זי האָט ניט געהאט מיט וועמענ צו רײדנ, צעשטרײַענ די ניט אָנגענעמע שטימונג, וועלכע האָט זיכ ווי א שווערער נעפל געלייגט

אפן הארצן. און פון קאָפּ איז ניט ארויס דער געדאנק: ניט שוין זשע איז וואסיל דערגאנגען צו דעם, אז ער האָט געמאסערט דער פוילישער פּאָליציי אַפּ מארטינען? וואסיל האָט זיך נאָך ניט אומגעקערט פונעם פאן קרוליעווסקי. וואָס איז ער אהין גע־גאַנגען? אוהיניע פלעגט ניט ארייַן זייער טיף אין וואסילס אינ־יאָנים און וואסיל פלעגט ניט זייער גערן אופדעקן פאר איר זיַי־נע קאָרטן. ער מישט זיך ניט אין אירע קליינלעכע וויַיבערשע איניאָנים און געפינט פאר איבעריק האלטן זיך מיט איר אן אייצע וועגן זיַינע פלענער און ווירטשאפטלעכע קאָמבינאציעס. אין דעם זין זיַינען בא אים געווען זאכן, אין וועלכע עס דארף זיך ניט מישן ביכלאל די וויַיב. געשטעלט אָבער האָט ער אוהיניען פאר דעם אָדער יענעם קאָנקרעטן פאל, ווי פאר א פאקט, וועלכער דארף ניט דיסקוטירט ווערן. אוהיניע האָט ניט געקאָנט ליַידן די קריגעריַי אין שטוב. זי האָט ניט ליב געהאט קיין אָנגעבלאָזענע און קיין ברויגעזדיקע, וויַיל אליין איז זי פון דער נאטור גע־ווען א פריילעכע און א לעבעדיקע, און דעריבער פלעגט זי אָפּט נאָכגעבן, אבי עס זאָל זיַין שטיל און רויִק אין שטוב. איצט האָט זיך די לאגע געענדערט אזוי, אז עס האָט גערעדט מיט דער גאנצער קלאָרקייט וועגן דער ניט נאָרמאלקייט פון אזוינע צווישנ־באציִונגען און אין איר האָט זיך אופגעוועקט א גייַסט פון פּראָ־טעסט. דער אלטער קופריִאַן האָט געטופעט איבערן הויף, האָט צוגעקליבן דעם שיַיער, האָט געמאכט אן אָרדענונג אין די שטאלן. אליעסיע—זי איז שוין אלט געווען קימאט 9 יאָר—איז געזעסן באַם שפינראָד, ארומגעבונדן דאָס שווארצכענעוודיקע קעפל מיט א גאנץ שמוציקן טיכל. זי האָט זיך געלערנט שפינען און האָט צוגעפּרעסט די גראָבע פעדים פון קודעליע פונעם ערגסטן סאָרט, אָנדרייענדיק זיי ניט זיכער אפן שפינדל, באנעצנדיק מיט שפּיַיעכץ די דינע פינגערלעך. די צוויי יִינגערע יִינגלעך האָבן זיך געשפּילט אין זייערע קינדער־שפּילן. אוהיניע איז אריַין אין שטוב.

דו שפינסס, טעכטערל מײַנע? — האָט זי צערטלעך מיט מוטער־ליבע געזאָגט צו אליעסיען.

אליעסיע האָט א שמייכל געטאָן צו דער מאמען — זי עסט שוין ניט קיין אומזיסטן ברויט באם טאטן — און מיט פאַרזיכטיקע קינדערשע אויגן, קלאָרע און ריינע, ווי א קוואל איבער א פינצטערן דעק, האָט זי א קוק געטאָן אין דער מאמעס אויגן. פון איר אויג האָט זיך ניט אויסבאהאלטן דער מאמעס פארטײַעטער אומעט, אָבער זי האָט איר גאָרנישט ניט געזאָגט.

דעם ערשטן מאָל זינט זי האָט כאסנע געהאט, האָט אוהיניע קריטיש באטראכט איר מאנס הויז. די הויז איז געווען א גרויסע און אויסגעבויט פון גוטן מאטעריאל. א באדײַטנדיקער טייל פון שטוב האָט פארנומען א ברייטע אויוון מיט גריבעלעך, פעטשורקעס, ראנדן, קארניזן און גאנצע נישעס אין די זײַטן, ווו עס האָבן זיך געהאלטן פארשיידענע זאכן פון שטוביקן געברויך. פון דער אויוון ביז דער וואנט אנטקעגן זײַנען געווען אויסגעלייגט ברייטע נארעס, אזוינע ברייטע, אז מען האָט זיך געקאָנט לייגן אפ זיי אין דער ברייט שלאָפן. צוקאָפנס, ווי בערג, האָבן זיך אופגעהויבן די שווערע קישנס; די צונויפגעלייגטע אפ באַטאָג געווענטענע קאָלדרעס און לײַלעכער פון אייגענער ארבעט. לעבן אויוון איז געווען א געניג ברייטע לעזשאנקע, ווו עס האָט זיך געפונען דער אלטער קופריאַן. איבערן פאָדערשטן עק פון די נארעס איז צוגעפעסטיקט געווען אן אקוראטנער שטאנג, וועלכער איז געווען אָנגעהאנגען מיט פארשיידענע בגאָדים: נײַע פעלצן, שווארצע — געקויפטע, געלע — פון אייגענע שעפסן, כאלאטן און סערמענגעס. אראָפהענגענדיק פון שטאנג, האָבן די בגאָדים צוגעדעקט די נאַרעס און אָפגעצאמט זיי פון שטוב. לעבן די נאַרעס באם וואנט איז געשטאנען א גרויסער קאסטן מיט אן אויסגעהויקערטער דעקל, וועלכער איז געווען ארומגעשלאָגן מיט אײַזן-בלעך. אינעם קאסטן איז געווען באהאלטן נאָך אוהיניעס טיידלשער גארדעראָב און גוטס, וואָס זי האָט זיך אָנגעלעבט פאר

די יאָרנ נאָכ דער כאסענע. ליַוונט, טישטעכער, האנטעכער, טיכ־
לעכ, פאסנ, קאָפטעס אונ קליידלעכ.

דעמ דאָזיקנ קאסטנ האָט באזונדערס ליב געהאט אלעסיע.
עס פלעגט טרעפנ, אז זי פלעגט בליַבנ אליינ מיט דער מוטער
אינ שטוב, פלעגנ זיי עפענענ דעמ קאסטנ אונ אָנהייבנ איבער־
קוקנ די טשיקאווע זאכנ: די פינגערלעכ, וועלכע זיַינענ געווענ
באהאלטנ, די טיַערע טיכלעכ אינ העלע ברענענדיקע ווי פיַער
קוויטנ מיט קלעפּיקע לאנגע פרענדז, די פארשיידנפארביקע טטענ־
געס. די מוטער האָט געקליבנ אונ באהאלטנ אָט דאָס גאנצע גוטס
פאר אלעסיענ, ווענ זי וועט אויסוואקסנ א גרויסע. אוהיניעס מו־
טער האָט ניט אָנגעקליבנ פאר איר טאָכטער אזויפיל גוטס, אָבער
איר מאנ אינ הויז האָט זי דאָכ עפּעס וואָס געבראכט. אינ הויז
אונ אינ קלייט, אינ שיַער אונ אינ די שטאלנ איז געווענ א פו־
לע גוטס, אונ דאָס דאָזיקע גוטס איז געוואקסנ אונ געמערט זיכ.
אָבער דאָס האָט היַינט ניט נאָר ניט געפרייט אוהיניענ, נאָר האָט
זי געערגערט.

דערוויַיל האָט די ארבעט אינ שטוב ניט געוואָרט. אונ אוהי־
ניע האָט ווי געוויינלעכ גענומענ זיכ פאר דער ארבעט. מע האָט
געדארפט צוגרייטנ עסנ פאר די כאזיירים אפ באנאכט, איַינמאכנ
ברויט אפ מאָרגנ, ברענגענ וואסער, אריַינלייגנ האָלצ אינ אויווג
אונ צוגרייטנ וועטשערע. אוהיניע האָט זיכ איבערגעטאָנ אינ אי־
רע ארבעט־קליידער.

— וואַרפ, טאָכטערקע, דאָס שפּינענ. ברענג די דייזשע פונ
קלייט, זאָל זי זיכ אָנוואַרעמענ אינ שטוב,—האָט זי געזאָגט
אלעסיענ.

אלעסיע האָט א ביסעלע געהאָלפנ דער מאמענ. אוהיניע האָט
איר געוואָלט אָפּגעבנ אינ שול, אָבער וואַסיל האָט ניט מאסקים
געווענ, איז אלעסיע אפ דעמ ווינטער אויכ געבליבנ אינדער־
היימ. איצט האָט אוהיניע פעסט באשלאָסנ לערנענ אלעסיענ אפנ
צווייטנ ווינטער. אוהיניע אליינ איז געווענ ניט קיינ גראמעטנע. די־

געשעעענישן פון דער לעצטער צײַט האָבן א װאקל געטאָן איר קוק אפ דער שטאנדהאפּטיקײַט פון א געװיסן ארט לעבן. װי לאנג האָט עס װאסיל און זי אליין געטרייסלט זיך פאר זייער װירטשאפט, פאר זייער פארמעגן? עס איז געװען א קייסער, האָט מען אים אראָפּגעװאָרפן, עס איז געװען איין רעװאָלוציע און א נײַע נאטשאלסטװע—האָט זיך דאָס אלץ װידער געביטן. עס זײַנען געװען באָלשעװיקעס. עס האָט זיך אָנגעהויבן א נײַע מיל־כאָמע. עס זײַנען געקומען פּאָליאקן, אָבער די מילכאָמע מיט זיי האָט זיך ניט פארענדיקט און װאָס עס װעט װײַטער זײַן, װייס קיינער ניט. אוהיניעס הײַנטיקע שטימונג איז געװען אזא, אז זי װאָלט גאָרנישט ניט געהאט קעגן דעם, אז די באָלשעװיקעס זאָלן זיך אומקערן צוריק, פאָרט אייגענע מענטשן, ניט די פּאָליאקן, װעלכע האָבן אָנגעהויבן גלײַך פון ארעסטירן.

שוין פארנאכטלעך איז װאסיל בוסיגא געקומען צוריק. איצט האָט ער אויסגעזען נאָך װאזשנער, װי אינדערפרי. ער האָט איבער־געטראָטן דער שװעל, האָט אָפּגעקלאפּט דעם שניי פון די פון קעלט פארהארטעװעטע שטיװל, האָט געכאפּט א בליק איבער דער גאנצער שטוב, צי איז אלץ דאָ אפן אָרט און אין אָרדענונג. דאן האָט ער אראָפּגענומען דאָס היטל, האָט א קוק געטאָן אפ די אי־קאָנעס, װי ער װאָלט אָפּגעדאנקט די הייליקע פארן גליקלעכן טאָג און דערנאָך אָנבלאָזנדיק װאזשנע די באקן—און דאָס האָט באטײַט, אז ער האָט זיך א ביסל אײַנגעמאטערט,—האָט ער אָנ־געהויבן פאנאנדערשפּיליען זיך.

װאסיל האָט געטראכט פון װאָס אָנהויבן ריידן. גלײַך אָנהייבן פון די װיכטיקסטע נײַס פראקטיקירט זיך ניט געװיינלעך. אזוי טוען קינדער. כאפּנדיק פון דער זײַט א קוק אפ אוהיניען האָט זיך װאסיל אביסל א קרים געטאָן: אוהיניע האָט זיך אלץ אויס־געדרייט פון קוקן װאסילן אין די אויגן. עס איז קענטיק געװען, אז זי איז פון עפּעס פארומערט און ניט צופרידן. דאָס האָט װא־סיל ניט געהאט אין זינען, און די פראָגראם פון דעם שמועס,

וועלכנ ער האָט צונויפגעשטעלט אינ וועג, האָט זיכ אזויארום געענדערט.

— נו, וואָס הערט זיכ באַ דיר?—האָט א פרעג געטאָנ וואַסיל ניט לויט דער פראָגראַם.

— גאָרנישט,—האָט טרוקנ זיכ אָפּגערופנ אוהיניע.

— בעסער גאָרנישט איידער עפּעס שלעכטס,—האָט זאכלעכ באַמערקט וואסיל. ער האָט זיכ נאָכ מער איבערצײַגט, אז אוהיניע איז מיט עפּעס ניט צופרידנ אונ די סיבע פונ דער דאָזיקער אומצופרידנקײַט האָט ער פריִער פאר אלצ דערפילט אינ זיכ. אינ וואָסזשע באשטייט קאָנקרעט זײַנ שולד? ער וועט עס קלאָר מאכנ אינעם ווײַטערדיקנ שמועס. דאָכ האָט אָט די דאָזיקע אומגעבונג אימ אביסל אָפּגעקילט אונ זײַנ פּראָגראַם איז אינגאנצנ אָפּגעפאלנ, אָבער ער האָט זיכ דערמאָנט אייניקע מאָמענטנ פונ איר אונ האָט געזאָגט אזוי, ווי ער האָט געטראכט פריִער זאָגנ:

— נו, אוהיניע, קענסט מיכ באגריסנ: איכ בינ א וויט.

— וואָס איז דאָס א וויט אונ ווער האָט עס דיכ געמאכט פאר א וויט?—אינ אוהיניעס שטימ האָט זיכ געפילט פײַנטלעכקײַט.

אזא מאנער פונ פרעגנ האָט צום ווייניקסטנ איידעס געזאָגט וועגנ אומאכטונג צו דער פּערזענלעכקײַט פונ א וויט אונ צווייטנס האָט עס געטראָגנ א כאראקטער פונ אויספרעגנ. וואסילנ אי דאָס ניט געפעלנ געוואָרנ.

— וואָס פארא פליג האָט עס דיכ הײַנט א ביס געטאָנ?

— מענ דארפ לאדיענ מיט מענטשנ אונ ניט מיט די פאנעס. אוהיניע האָט געגעבנ אָנצוהערעניש וועגנ עפּעס.

וואסיל איז אנ אופגעזאָדענער געוואָרנ.

— מיט וועלכע מענטשנ מיינסטו דאָס? וואָס לערנסטו מיכ?

אלעסיע האָט מיט שרעק א קוק געטאָנ אפ דער מאמענ. זי האָט זייער מוירע געהאט פאר וואסילנ, באזונדערס ווענ ער פלעגט אינ קאעס ווערנ. אוהיניע האָט אויכ דערפילט, אז עס רוקט זיכ אָנ א שטורעמ. זי האָט ניט ליב געהאט קריגנ זיכ,

אָבער זי האָט ניט געוואָלט אָפּטרעטן פון איר פּאָזיציע. זי האָט נאָר ווייכער געזאָגט:

— דײַנע פּריצים באַמבלען זיך אום אינדערלופטן, זיי קאָנען אַזוי שנעל אויפקײַקלען זיך אַף צוריק, פּונקט ווי זיי האָבן זיך צוגעקײַקלט אַהער. און מיט מענטשן דאַרפסטו לעבן, וואָלסט זיך צוגעהערט, וואָס מענטשן זאָגן.

— מענטשן? טאַלאַש און ריל? טפו, אַף דײַנע מענטשן. אַזעלכע מענטשן טרײַבט מען אום ווי די רינדער און אין די טורמעס זעצט מען זיי... פרײַהײַט האָט זיך זיי פאַרוואָלט? וואָסער פרײַהײַט? העפקער א וועלט! גאַזלאָוואַיע? אָבער מע וועט זיי גיך פאַרשטאָפּן די העלדזער די הולטײַעס, די האָלאָדראַנצעס ווי דעם אַלטן באַנדיט טאַלאַשן.

— און דו וועסט פאַר די פּאַנעס סטאַרען זיך און מענטשן דערטרינקען?—האָט ניט אויסגעהאַלטן אוהיניע.

וואַסיל האָט אַף איר בייז א קוק געטאָן.

— ניט אַף די פּאַנעס, נאָר אַף דיר, הינערשער קאָפּ איינער. פאַר זיך וועל איך זיך סטאַרען, פאַר די קינדער, פאַר די ערלעכע באַלעבאַטים... מענטשן! באַנדיטן, ניט קיין מענטשן.

XX

עס איז ניט געווען אין די פאַרוואָרפענע ווינקעלעך פון פּאָלעסיע ניט קיין צײַטונגען, ניט קיין טעלעגראַפן, ניט קיין טעלעפאָנען,—אָט די דאָזיקע דעראָבערונגען פונעם מענטשישן שׂכל, אָט די דאָזיקע איבערגעבער פון די נײַסן וועגן געשעענישן אַף דער וועלט. אָבער נײַסן פלעגן ארומגיין איבער די פאַרוואָרפענע פּאָלעסיער דערפער. פון מענטש צו מענטש, פון דאָרף צו דאָרף, האָבן אָט די דאָזיקע יעדיִעס געוואַנדערוועט דורך טויזנטער וועגן און סטעזשקעס און האָבן דערציילט וועגן די געשעענישן, וואָס זײַנען פאָרגעקומען אַף פּאָלעסיע, ווו עס האָבן זיך אָפּגעשטעלט אַף א לענגערער צײַט די פּאָליאַקן און

פארפירט זייערע פּראָדוקטן. און די דאָזיקע יעדיִעס פלעג אופגענומען ווערן פארשיידנארטיק: ווער עס האָט זיך געפרייט פונ זיי און ווער עס איז אומעטיק געוואָרן. אָפּהענגיק פון דעם, ווער עס האָט זיי אופגענומען און וואָס פארא יעדיִעס זיינען עס געווען. אפ א פארשיידענעם אופן האָבן זיי אויך אופגענומען וואסיל בוסיגא און אוהיניע.

אפ א פארשיידענעם אופן איז אויך אופגענומען געוואָרן די יעדיִע וועגן דעם, אז אן אוילעם ארעסטירטע פויערים האָבן אנט־וואָפנט א פוילישן קאָנוואָי און זיינען זיך צולאָפן איבער די וועלדער. אוהיניע האָט שוין געוווסט וועגן דעם, אז מע האָט ארעסטירט מארטין רילן. דערהערנדיק, אז מע האָט אנטוואָפנט דעם פוילישן קאָנוואָי, איז זי פרייליכער געוואָרן: אין איר הארצן איז געבאָרן געוואָרן א האָפענונג, אז צווישן די פויערים, וואָס זיינען אנטלאָפן פון ארעסט, איז געווים געווען אויך מארטין ריל. וואסיל בוסיגא איז כמורנע געוואָרן: ער איז געוואָרן אומ־רויִק, צי איז דאָרטן ניט געווען מארטין ריל, צי איז ניט מאר־טין ריל איצטער אפ דער פריי. אים האָט אויך באומרויִקט דאָס, וואָס דער אלטער טאלאש באהאלט זיך אין די וועלדער. פאנאסן האָט מען צוגענומען אלס אָרעוו, אז דער אלטער זאָל קומען און פארבייטן דעם זון. אָבער דער אלטער טאלאש איילט זיך ניט. אָדער ער ווייס ניט, אז מען האָט פאנאסן ארעסטירט אָדער ער האָט עפּעס פארבאָרגן בא זיך אין די געדאנקען. וואסיל, אלס וויט, אלס א מענטש, וואָס פארטיידיקט זיינע אייגענע רעכט און זיינע ווילן, דארף וועגן דעם א טראכט טאָן און עפּעס טאקע צוטראכטן. עס וואָלט ניט שאטן אן אייצע האלטן זיך מיט איי־גענע כעוורע.

באהאלטנדיק זיך פון וואסילן, איז אוהיניע פארגאנגען צו דער אלטינקער נאסטע נאָכדעם, ווי מע האָט צוגענומען פאנאסן. דאָס איז געווען פונקט אין יענעם טאָג, ווען דער אלטער טא־לאש האָט דאָ געשעכטיקט מיט מארטין רילן און פארטאָג האָבן

זײַ זיך געלאָזן אין װאַלד אַרײַן. די אַלטע נאַסטע איז געזעסן אױף אַ דעמבענעם קלאָץ באַם אױװן פֿאַרטיפֿט אין אירע ניט קאָמפּליצירטע, אומעטיקע געדאַנקען. און אינדערעמעסן טאַקע — דער אַלטער נאַסטען איז פֿאַרדראָסיק געװען: אַ לעבן האָט מען אָפּגעלעבט טאַקע אין אָרעמקײַט אָבער רויִק, מען האָט ניט געװוּסט פֿון אַזעלכע צאָרעס, און איצט איז נאָך גרעסער די אָרעמקײַט און דאָס לעבן איז צעבראָכן. פֿאַנאַסן האָט מען צוגענומען, דעם אַלטן װיל מען אױך צונעמען און װאָס עס װעט נאָך זײַן — חײם קײנער ניט. אין שטוב איז אַכוץ דער אַלטער נאַסטען קײנער ניט געװען. מאַקסים און אַליענע, זײַן װײַב, — זי האָט זיך ערשט הײַנט צוריקגעקערט פֿון אירע עלטערן, — זײַנען געװען אַפֿן הױף, האָבן געזעגט האַלץ. זײ האָבן ניט לאַנג כאַסענע געהאַט און קײן קינדער איז נאָך בײַ זײ ניט געװען.

— װאָס איז אױהיניע געקומען אַהער?

זי איז געקומען מיט דער האָפֿענונג דערהערן עפּעס װעגן דעם, װאָס איר האָט באַװונדערט שטאַרק אינטערעסירט די לעצטע צײַט. איר האָט זיך געװאָלט װיסן, מיט װאָס לעבן, װעגן װאָס טראַכטן אָט די דאָזיקע מענטשן, צו װעלכע װאַסיל און זײַן כעװרע באַציִען זיך אַזױ פֿײַנטלעך. אױהיניע איז ניט געװען זיכער אין דעם, אַז די איצטיקע לאַגע, װעלכע האָט זיך צופֿעליק געשאַפֿן אַדאַנק דעם שטורמישן גאַנג פֿון די געשעענישן, װעט זיך פֿאַרפֿעסטיקן. זי האָט זיך געװאַקלט צװישן די פֿאַרמעגלעכע און דער אָרעמשאַפֿט. צוליב פֿערזענלעכע מאָטיװן איז זי געגײַגט געװען צו זײַן קעגן װאַסילן, איבערהױפּט איצטער, װען פֿון װאַסילס װירטשאַפֿט און פֿון זײַן װױט־אַמט, װעלכן ער האָט אַזױ ניט פֿאַרזיכטיק אָנגענומען, קען װערן אַ קופּע אַש.

די אַלטע נאַסטע האָט זיך שטאַרק פֿאַרכידעשט, װען אױהיניע איז אַרײַן אין שטוב. — אַ גוטמאָרגן אײַך, באָבינקע — האָט זיך העפֿלעך און פֿרײלעך באַגריסט אױהיניע. אין איר שטים איז געװען אַזױ־פֿיל אָפֿנהערציקײַט, אַז די אַלטע נאַסטע האָט זיך אַביסל באַרויִקט.

— זעצ זיכ, אוהיניע!

די אלטע נאסטע האָט זיכ אָנגעהויבנ ארומדרייענ אונ האָט געוואָלט אפילע אָפּטרעטנ איר דעמבענעמ קלאָצ אוהיניענ.

— באומרויִקט זיכ ניט, באָבע, איכ בינ פארלאָפּנ אפּ א ווײַ־לעטשקע צו אײַכ. איכ וועל זיכ אָט דאָ צוזעצנ. אוהיניע האָט זיכ צוגעזעצט אפּנ בענקל לעבנ דער אלטער נאסטענ.

— געקומענ בינ איכ צו אײַכ, באָבינקע,— אוהיניע איז גלײַכ צוגעטראָטנ צומ איניענ, קעדיי ווײַזנ, אז זי איז טאקע פארלאָפּנ נאָר אפּ א ווײַלעטשקע,— עפּשער וואָלט איר בא מיר גענומענ אביסל פלאקס שפּינענ? אלײנ ספּראווענ זיכ מיט דעמ איז מיר שווער:

דאָס פלאקס איז דאָ נאָר געווענ א פּריטשעפּקע.

די אלטע נאסטע האָט א זיפצ געטאָנ.

— פּארוואָס ניט, מענ קענ שפּינענ. ניטאָ אינ שטוב עפּעס אזא עקסטרע ארבעט אונ אליענע איז אויכ צוריקגעקומענ פונ אירע עלטערנ, האָט זי אויכ ניט וואָס צו טאָנ. אָוונטנ זײַנענ לאנגע אונ דער טאָג איז א יאָר, אז ס'איז קיינ ארבעט ניטאָ. זיצסט אונ טראכטסט. טראכטסט אונ טראכטסט, אז דער קאָפּ ווערט צעדולט אונ דו ווייסט ניט, ווו אהינצוטאָנ זיכ, פּארוואָס צו כאפּנ זיכ. אונ דערצו נאָכ איז קיינ גאזע שוינ אויכ ניטאָ, ניטאָ מיט וואָס אָנצוצינדנ דעמ לאָמפּ, אונ ווו מענ קריגט דאָס, זאָל איכ אזוי וויסנ פונ שלעכטס.

די אלטע נאסטע האָט גערעדט אסאכ אונ צעצויגנ. איינ וואָרט האָט זיכ געטשעפּעט אָנ דעמ צווייטנ, איינ געדאנק האָט ארויס־גערופנ דעמ צווייטנ אונ כאָטש קיינ פעסטע פארבינדונג איז צווישנ זיי ניט געווענ, דאָכ איז דער שמועס געגאנגענ, ווי א פארצויגענער אומופהערלעכער הארבסט־רעגנדל. אוהיניע האָט אופמערקזאמ צוגעהערט זיכ, צוגעשאָקלט מיטנ קאָפּ אלס סימענ, אז זי איז מאסקימ אונ האָט געקוקט אפּ דער אלטער מיט מילדע, אויסדרוקפולע אויגנ. אונ איר האָט זיכ אויכ געוואָלט ריידנ.

— איך האָב אביסל גאזע אינ זאפאס. איך וועל איַיך מיט אלעסיענ צושיקנ. אונ וועגנ געצאָלט וועלנ מיר שוינ מיט אײַך דורכקומענ. צי מיט פלאקס וואָלט איך אײַך אָפּגעצאָלט, צי מיט כאזער־שמאלצ.

— מיר וועלנ שוינ ווי עס איז דורכקומענ, אוהיניע...

— אונ וואָס הערט זיך עפּעס בא אײַך?—האָט אוהיניע פאַר־זיכטיק א פרעג געטאָנ.

— אך, טײַערינקע מײַנע!—האָט שווער א זיפצ געטאָנ די אלטע נאסטע,—אָט איז צאָרעס! אָט האָט זיך דאָס א צאָרע אָנגעזעצט אפ אונדז!

אונ די אלטע נאסטע האָט אָנגעהויבנ דערציילנ די גאנצע געשיכטע וועגנ אירע צאָרעס. זי האָט דערציילט אי וועגנ דעמ סטויגל היי, אי וועגנ דעמ אלטנס אומגליק, וועגנ דעמ, וויאזוי אינ מיטנ נאכט האָבנ זיך די פּאָליאקנ ארײַנגעריסנ אינ שטוב, וויאזוי מע האָט זיי געשלאָגנ אונ געטרייסלט! וויפל שרעק מע האָט זיך דאָס אָנגענומענ. הײַנט דער אומגליקלעכער פאנאס! א ביטערער געוויינ פלעגט איבערײַסנ דער אלטערס דערציילונג. זי האָט דער־ציילט, וויאזוי מע האָט ארעסטירט פאנאסנ אונ צוליב וואָס מע האָט אימ ארעסטירט. זי האָט אויך דערציילט וועגנ דעמ, אז באנאכט איז געקומענ דער אלטער טאלאש מיט מארטינ רילנ.

— מיט מארטינענ?—האָט זיך ארויסגעריסנ בא אוהיניענ.

— אך, טײַערינקע מײַנע!—האָט א פאטש געטאָנ מיט די הענט די אלטע נאסטע,—צו וואָס האָב איך דאָס וועגנ דעמ דערציילט? טײַערינקע מײַנע אוהינקע! דערצייל ניט קיינעמ וועגנ דעמ! זאָג ניט, אז זיי זײַנענ געווענ דאָ!

— האָסט ניט קיינ מוירע, באָבינקע, פאר מיר: איך קאָנ בא די קינדער שווערנ, אז איך וועל קיינעמ ניט דערציילנ.

— דערצייל עס ניט, מײַנ טײַערינקע! דו ביסט דאָך—דעמ וויטס ווײַב. אונ דער וויט איז אונדז ניט אויסנ קיינ גוטס.

פון דער אלטערס אָפּהערציקייט און אופריכטיקייט האָט אוהיניע ניט געקאָנט איינהאלטן זיך, אז זי זאָל ניט ענטפערן מיט דאָסזעלבע.

— אוי, באָבינקע נאסטע: זײַן ווײַט־אמט שטייט שוין מיר ווי א ביין אין האלדז. מיר האָבן זיך איבער דעם צעקריגט. ווער, זאָג איך, האָט דיך פאר א ווײַט געשטעלט? אפ וואָס, זאָג איך, דארפסטו האָבן צו טאָן מיט די פאנעס? דו דארפסט, זאָג איך, מיט מענטשן לעבן און מיט מענטשן דארפסטו אויסקומען. איז דאָס אים ניט געפעלן געוואָרן. מיט וועלכע, זאָגט ער, מענטשן מיינסטו דאָס? מיט סאלאשן? מיט מארטינענ?.. היט זיך פאר אים, באָבינקע: ער איז א שלעכטער, א מיִעסער מענטש. איז אָט וואָרן איך אײַך, אין וועפרי זאָגט מען, אז דאָס האָט ער מארטינען ארויסגעגעבן... אָבער איר, באָבינקע, זאָלט אויך קיינעם ניט דערציילן, אז איך האָב דאָס אײַך געזאָגט.

אוהוניע האָט אויך ווי די אלטע נאסטיע זיך דערשראָקן, וואָס זי האָט צופיל אָנגערעדט.

וואסיל איז פארגאנגען צו זײַן פרײַנט קאָנדראט בירקע. בירקע איז א גוטער באלעבאָס, כאָטש א קארגער. זײַן באָרד א געלע, ווי פײַער, און פונקט אזוינע האָר. זײַנע קליינינקע כיטרע אויגעלעך האָבן געזאָגט איידעס וועגן דער הארטקייט און דוביבירייקייט פון זײַן נאטור. אהער איז אויך געקומען סימאָן ברוי. אפן אויסזען א וווקסיקער מאנסביל, א געלאסענער און רויִקער. זיי זײַנען נאָענטע פרײַנט צווישן זיך און די סאמע רײַכע מענטשן אין דאָרף. קאָנדראט און סימאָן האָבן מער אקטיוו און לעבעדיק זיך אָפּגערופן אפ וואסילס מעלדונג וועגן דעם, אז ער איז א ווײַט. דאָס האָט אין א באדײַטנדיקער מאָס אופגעהויבן וואסילס שטימונג. ער האָט געדארפט פריִער פאר אלץ א מאָראלישע שטיצע און הילף, וואָס ער האָט ניט באקומען בא אוהיניען. און ווען קאָנדראט און סימאָן האָבן זיך באקאָנט מיט די פליכטן פונעם ווײַט, האָט זיך דייער אקטיווקייט און צופרידנקייט אין

צוזאמענהאנג מיט דעם, וואָס מע האָט וואָסילג באשטימט פאַרא רוֹרט, ארויסגעוויזן נאָך שטארקער.

דער געזונטער געלאסענער ברוי האָט פֿײַערלעך געמאָלדן דעם גײַ־ארויסגעבאקענעם ווויט:

פֿונ דיר, ברודערקע, קומט בראָנפּן,—אַפּ וואָס וואָסיל בוסיגא האָט ארויסגעוויזן זײַן פּוילשטענדיקע האסקאָמע. ער האָט אפילע אונטערגעוווּנקען זײַנע גוטע פרײַנט און האָט מוידע געווען, אז בא אים איז פאַראן פּוילישער ספּירט אונטער א שיינעם נאָמען „וולאָטי קלאָס" און האָט פארבעטן זיי אפּ אן אָוונט צו זיך און ערשט נאָך דעם האָט זיך אָנגעהויבן א שמועס, ווי עס פּאסט פאַר א וווויט.

— איז, הייסט עס, טאקע—א וווויט?

אין אָט די דאָזיקע פּאָשעטע ווערטער האָט קאָנדראַט בירקע ארײַנגעלייגט א גרויסן אינהאלט.

— א וווויט,—האָט וואזעבע באשטעטיקט בוסיגא.

— אויב א וווויט, דארפּ מען טאקע אכטונג געבן, עס זאָל אן אָרדענונג זײַן,—האָט זיך ארײַנגעמישט אין דעם שמועס ברוי:— וואָרעם אַפּ אונדזערע קעפּ האָט זיך שוין געהויבן די דויבניע. בא די „טאָווארישטשעס" האָבן זיך די הענט געביסן.

— אָט דאַ איז פּלוצלונג קאָנדראַט אופגעבראכט געוואָרן.

— ווי וועסטו דאָ אכטונג געבן, אז צווישן אונדזן ריידנדיק, די פּוילישע סאָלדאטן זײַנען דאָך באבעס: נו, ווי פּאָטויפּעט זיך עס, אז אָט־אָ די „טאָווארישטשעס" מיט הוילע הענט האָבן אָפּגענומען דאָס געווער בא דעם קאָנוואָי? ס'איז דאָך א געלעכטער.. איז אָט פּרוּווט זיך טאקע איצטער כאפּן זיי. זיי וועלן ארײַנקריכן אין וואלד און דו וועסט זיי אפילע באטאָג מיט א ליכט ניט געפֿינען. און דו מיינסט, אז זיי וועלן דיר דאָרטן זיצן?

— און זיי זיצן טאקע ניט, זיי זיצן ניט און וועלן ניט זיצן. אָבער עס וועט קומען דער פרילינג, דעמלט, ברודערקע, וועלן זיך בא זיי

די הענט מער פאנאנדערבינדן. מע האָט זיך עס צעלײַדאקעוועט, גיב זיי אלץ: אי ערד, אי באלעבאטישקײַט.

— און דיר איז זי, די ווירטשאפט, אליין אין די הענט ארײַנגעפאלן?

דער געלאסענער ברוי האָט אָפּגעהאלטן א גאנצע, אלעמען באוווסטע רעדע אפ דער טעמע, פארוואָס אייניקע לעבן און האָבן ברויט און די צווייטע עפּענען נאָר פאנאנדער די מײַלער אפ יענעמס גוטס.

אויסגעהערט די פרײַנט זײַנע, האָט א וואָרט גענומען דער וויט אליין. ער האָט זיי בארויִקט. ס'איז גאָרניט אזוי שרעקלעך, וואָס מע האָט דעם קאָנוואָי אנטוואָפנט. אזוינע צופאלן זײַנען געווען און זײַנען איצטער אויך פאראן און די וועלט קערט זיך פון זיי ניט איבער. אָבער מיר דארפן אויך עפּעס טאָן און ניט ווארטן, ביז מע וועט קומען טיילן דיך.

— איז וואָסזשע, אין פארטיזאנער זאָלן מיר עפּשער גיין?— האָט א פרעג געטאָן קאָנדראט.

דער געלאסענער ברוי האָט אין לופטן אונטערגעכאפט א געדאנק.

— דו ביסט גערעכט. ס'וואָלט אונדז ניט שאטן האָבן אייגענע פארטיזאנער.

— און דו, סימאָן, זאָגסט ריכטיק. מע האָט געדארפט קריגן א מענטשן און אונטערשיקן צו זיי קלוימערשט ווי זייערן א כאוועד־לאפ,— האָט זיך אָנגעכאפּט דער וויט פארן דאָזיקן געדאנק.

די פרײַנט האָבן געפונען א מיטל. אלעמען איז געפעלן געווארן די דאָזיקע קאָמבינאציע און זיי האָבן אָנגעהויבן זוכן א פאסיקן מענטשן. מע האָט אָנגערופן קאנדידאטן און אין קאנדידאטן איז קיין מאנגל ניטאָ. עס האָט זיך געפונען א פאסיקער מענטש אויך בא אונדזערע גוטע פרײַנט, דער געלאסענער ברוי האָט אָנגערופן אזא קאנדידאט און די פרײַנט האָבן אים

אלע אונטערגעשטיצט. אלס אזא קאנדידאט איז אויסגעקליבן געוואָרן סאווקע מילהוג. ווער־זשע איז דער סאווקע און וואָס זײַנען זײַנע מײַלעס?

פריִער פאר אלץ איז סאווקע מילהוג א מענטש מיט א ברייטן פארנעם, א ברייטע נאטור און א ליידיקגייער. מיט זײַן באלעבאַטישקײַט האָט ער זיך קיינמאָל ניט פארנומען, האָט געהוליעט, געשיקערט, אביסל אונטערגעגאנוועט און האָט זיך קאָמפּאניעט מיט פארשיידענע פארדעכטיקע מענטשן. אים האָט מען געקאָנט דינגען אפּ וועלכער ארבעט דו ווילסט. די קאָמבינאציע פון די דרײַ פרײַנט איז באשטאנען אין דעם, אז מע זאָל אײַנריידן סאווקען פאר א געוויסער באלוינונג פארבינדן זיך מיט די כעוורע־לײַט, וועלכע זײַנען אופגעשטאנען קעגן די רײַכע און געבן וועגן זיי אן אינפאָרמאציע. פאָשעטער גערעדט, די גוטע פרײַנט האָבן באשטימט פאר סאווקען א ראָל פון א פּראָוואָקאטער און א מאָסער.

ווי נאָר זיי זײַנען זיך פאנאנדערגעגאנגען, איז אין דאָרף דורכגעגאנגען א קלאנג וועגן די געשעענישן אין וועפּרי. דער דאָזיקער קלאנג האָט זייער שטארק אופגערודערט דעם דאָרף. אָבער אויך די דאָזיקע יעדיִע האָבן מענטשן אופגענומען אפּ א פארשיידענעם אופן. וואסיל בוסיגא איז געווען צופרידן פון דעם. דאָס, וואָס די פּאָליאקן האָבן אונטערגעצונדן מארטינס כאטע, האָט גערעדט פאר דעם, אז זיי זוכן מארטינען און די גאנצע קאָמפּאניע, וועלכע איז געווען מיט אים און אז זיי נע־מען נעקאָמע פאר אנטלאָפענען דעם קאָנוואָי. אָבער אין דער־זעלבער צײַט איז ער געווען אומרויִק: ווער איז ער יענער אומבא־וווּסטער, וואָס האָט דערשאָסן דעם פּוילישן סאָלדאט און פאר־וווּנדעט דעם צווייטן? און מע האָט אים ניט געכאפּט? עפּשער איז דאָס טאלאש? און עפּשער מארטין?

אז אוהיניע האָט זיך דערוווּסט וועגן דעם, איז זי שטארק אומרויִק געוואָרן. פארוואָס האָט מען דאָס מארטינס כאטע און־

טערגעצונדן? וווהין וועט זיך אהינטאָן זײַן געזינד? פאַרוואָס האָט מען געהאַרגעט קאָנדראַט בוסן, אָט יענעם קאָנדראַט, מיט וועלכן זי האָט אַמאָל געכאַוועט זיך, וועלכער האָט זי געליבט? זי האָט זיך דערמאָנט, ווי זי איז געגאַנגען מיט מאַרטינען פון פּריפּעט וויאַזוי זי האָט זיך באַגעגנט מיט קאָנדראַט בוסן און זיי זײַנען אַוועקגעגאַנגען מיט אים צוזאַמען. מאַרטין איז אין קאַץ געוואָרן און איז ניט געקומען צו איר. איצט איז דאָס אַלץ אַרויסגעשווי־מען אין איר זיקאָרן און זי האָט פאַרווּרטיילט איר לײַכטזיניקן טאַט. די יעדיע וועגן קאָנדראַטס טויט און וועגן דעם, אַז מע האָט אונטערגעצונדן זײַן שטוב האָט געמאַכט אַ שווערן אײַנדרוק אָפּ אוהיניען. איר האָט נאָר געטרייסט דער געדאַנק וועגן דעם, אַז עמעצער אַן אומבאַוווּסטער האָט זיך אָפּגערעכנט פאַר קאָנדראַטן און אים האָט מען ניט געכאַפּט. ווער איז ער? עפּשער מאַרטין און דער אַלטער טאַלאַש? און דאָס איז נאָענט געווען צו דער ווירקלעכ־קייט: זיי זײַנען דאָ הײַנט געווען.

דער ערשטער איז געקומען צום ווייט קאָנדראַט בירקע. אין שטוב איז געווען אוהיניע אַליין און די קלענערע קינדער. אוה־יניע איז געשטאַנען לעבן אויוון, האָט פאַריכט מיט אַ ווילקע די האָלץ, קאָנדראַט האָט אָפּגעגעבן אַ גוטמאָרגן און האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן אוהיניען. ער האָט קיינמאָל ניט דורכגעלאָזן די געלעגנהייט פאַרטשעפּען זי.

— אוי, קאַלט, אוהינקע! צי קאָן מען זיך ניט אָנוואַרעמען לעבן דיר? — האָט ער אַ זאָג געטאָן און האָט אַ רוק געטאָן זײַן געלע מאָרדע נעענטער צו אוהיניעס פּאָנעם און האָט זי אַרומ־גענומען מיט איין האַנט.

אוהיניע האָט זיך שטאַרק אַ ריס געטאָן און האָט זיך באַפרײַט פון זײַן האַנט. אָבער גלײַך האָט זי אײַנגעהאַלטן איר שטרענג־קײַט און מילד אַרײַנגעקוקט אים גלײַך אין די אויגן אַזוי, ווי זי האָט נאָר געקאָנט אַרײַנקוקן.

— זע נאָר, סארא וואַיאסע: אַנגעפאלן אפּ א באבע. דו וואָלסט בעסער אין וואלד געגאנגען מילכאָמע האלטן.

— איך פאל גאָרניט אָן. צורירן זיך צו דיר האלט איך פארא גליק... עכ! — האָט ער גלײַך שטארק געענדערט זײַן שטימ: — נו, ווען דו וואָלסט ניט געווען דעם וויטס ווײַב... ס'איז מיר א שאַד דער וויט. און מילכאָמע האלטן וועל איך ניט גײן: מיר וועלן פאר זיך א וואַיאקע אונטערשטעלן.

און ער האָט דערציילט אוהיניען וועגן דער קאָמבינאציע מיט סאווקען. אזא שיינע פרוי דארף מען כאָטש מיט א גוטער נײַס צופרידנשטעלן. אז ער האָט געענדיקט דערציילן, האָט ער זיך זעלבסט־צופרידן צעלאכט.

## XXI

נים נאָר אין ווירקוטיע. נאָר אין אסאך אנדערע מאיאָנטקעס פון דער אָקופירטער פּאָלעסיע האָבן די פּאנעס אײַנגעארדנט פּרעכטיקע באנקעטן פאר די פּוילישע אָפיצערן. די פּוילישע שליאכטע האָט געהאלטן אינעם האַניק־לוידעש פון באנײַען איר מעלוכעשאפט. דאָס ווידערקערן צום לעבן די האָפענונגען, וואָס זי האָט געפּעסטעט אין מעשעכ פון דוירעס. און יענע פּאנעס, וועלכע האָבן זיך אומגעקערט אין זייערע מאיאָנטקעס, האָבן זיך געפילט אפּן זיבעטן הימל און האָבן געהאלטן, אז איצט זײַנען זיי די עמעסע פולבארעכטיקטע מאיאָנטקעס־באזיצער. די גאנצע פּאָלי־טישע אומגעבונג איז געווען פאר זיי גינסטיק. פּוילן האָט געהאט איר ארמיי, וואָס איז געווען באוואָפנט אפּ די מיטלען פון דער אנטאנטע, וועלכע האָט געלאָזן פאר פּוילן א היפּשע ראָל אין דער מילכאָמע מיט די סאָוועטן. די לאַגע פון די סאָוועטן אָבער איז געווען זייער א שווערע. זיי פלעגט אויסקומען אָנשטרענגען די קרעפטן קעגן דער קאָנטר־רעוואָליוציע, וועלכע האָט זיך אָנ־געזעצט פון אלע זײַטן, אין די באדינגונגען פון עקאָנאָמישער צערוינירטקײַט, מאנגל, הונגער און שווערער יערושע, וואָס דער

צאריזם האָט געלאָזן. דאָס אַלץ האָט פארגרינגערט די אופגאבן פון דער פוילישער מיליטערשטשינע און האָט אונטערגעהאלטן די האָפענונגען פון דער פוילישער בורזשואזיע, אז זי וועט זיגן אין דער מילכאָמע מיט די סאָוועטן.

נאָך דער פוילישער ארמיי האָט זיך געשלעפט א גאנצע כוואליע פון דער גרויס־און קליין־שליאכטע, וועלכע די רעוואָליוציע האָט ארויסגעטריבן פון זייערע נעסטן, פאָרשטייער פון רעליגיעזן קולט און די גאנצע סטייע פון אלערליי אנדערע דארמאיעדניקעס און פאראזיטן. און אָט פאר דער דאָזיקער גאנצער מאסע, פאר גערעצלעכ־טע מאראָדיאָרן האָט מען געדארפט געפינען אי אן אָרט, אי פאנאנ־דערטיילן צווישן זיי די ראָלן.

דעם באנקעט פראוונען האָט זיך דעם מאָל גענומען דער פאָ־וויט־„קאָמיסאר" פאן קרוליעווסקי. דעם באנקעט האָט מען צו־געגעבן א באזונדערע באדייטונג. געגרייט האָט מען אים ניט נאָר צוליב דעם, אז די פוילישע שליאכטע זאָל א הוליע טאָן און פריילעך מאכן זיך מיט די אָפיצערן: דער באנקעט האָט גע־האט נאָך אן אנדער ראָל.

דער מאיאָנטעק פון פאן דלוגאָשיץ איז איינער פון די פרעכ־טיקסטע אינעם פאָוויט. דאָס איז א נעסט פון א פארצייטיקער פוילישער מישפּאָכע. דוירעססלאנג פלעגט דער מאיאָנטעק איבער־גיין פון טאטן צום עלטערן זון, פלעגט אריבערגיין ווי א ירושע אן איינגעשטעלטע, אן אומבארירלעכע אין מעשעכ פון דוירעס. און בלויז פאר דעם לעצטן באלעבאָס, פאר דעם פאָרעצ לעוואן דלוגאָשיץ האָט זיך אָט־אָ די ירושע א וואקל געטאָן פונעם אָטעם פון דער גרויסער רעוואָליוציע. פאן דלוגאָשיץ האָט געמוזט ווארפן זיין מאיאָנטעק און לאָזן זיך טיפער אפ מיירעוו. איצטער האָט זיך פאן דלוגאָש־ץ אומגעקערט אין זיין אייגענער נעסט, האָט זיך אומגעקערט, ווי א מענטש, וועלכער האָט זיך געטרונ־קען און מע האָט אים געראטעוועט פון טויט.

עס איז גענוג געווען אן אויבנופיקער קוק אפן פאלאצ, אז די

הויפּישע געבײַדעס, אפּנ גאנצנ מאיאָנטעק, אז מענ זאָל גלײַכ דערזענ, אז דאָס איז א פּארצײַטיקע רעזידענצ פונ א רײַכער מעיוכעסדיקער פּוילישער מישפּאָכע. די גראָבע טאָפּאָלנ אונ די צווײַגרײַכע ליפּעס האָבנ ווי מיט א פּרעכטיקנ קראנצ ארומגע־נומענ דעמ פּריצישנ הויפ. אינדערהויכ, ארומגערינגלט מיט א געדיכטנ סאָד מיט ברייטע אלייעס, אויסגעלייגט מיט ברייטע, גלײַכע סטעזשקעס איז געשטאנענ א געמויערטער ווײַסער פּאלאצ, וועלכער האָט אופגעהויבנ הויכ איבערנ סאָד זײַנ פּירקאנטיקנ טורעמ, וועלכער איז געווענ באַפּוצט מיט פארשיידענע סקולפּטור־באפּוצונגענ. שטאָלצ אונ גײַוועדיק האָט ער זיכ אויסגעטיילט פונעמ גאנצנ וואלד געדיכטע ביימער אונ שלאנקע טאָפּאָלנ מיט זײַנ טורעמ, מיט די מאסיווע ווײַסע ווענט אינ רויטנ טשער־פּיצע־דאכ. אינעמ פּאלאצ גופע, אינ זײַנע פּילצאָליקע צימערנ, דאכוועסדיקע זאלנ, ווו מע האָט געקאָנט פּאנאנדערשטעלנ הונ־דערטער מענטשנ, איז צונויפגעקליבנ געוואָרנ גוטס אונ לוקסוס, דורכגעווייקטע מיט מענטשלעכע טרערנ, פּײַנ אונ יעסורימ. אסאכ פונ אָט דעמ דאָזיקנ גוטס איז צעפּאטערט געוואָרנ פאר דער צײַט פונ דער רעוואָליוציע אונ דער פּאנ דלוגאָשיצ, אומקע־רנדיק זיכ, האָט אוועקגעשטעלט אפ די פיס א גאנצנ שטאט באַ־דינער צו געפינענ אונ צונויפקלײַבנ דאָס צעשלעפּטע גוטס. פונ אָט די דאָזיקע פּאלאצנ פלעגנ זיכ פּאנאנדערגיינ פעדימ פונ האס אונ צאָרנ צו די אופגעשטאנענע „כלאָפּעס", אינ די דאָזיקע פּא־לאצנ האָבנ זיכ פארבונדנ די קניפּ פונעמ קאמפ קעגנ די נײַע יעסוידעס פונ לעבנ, וועלכע עס האָט פארלייגט די אָקטיאבער־רעוואָליוציע. אינ אָט דעמ פּאלאצ האָט זיכ איצט געגרייט א פּרעכטיקער באנקעט לעקאָוועד דער פּוילישער מעלוכעשאפט.

... עס האָבנ א בלישטשע געטאָנ, עס האָבנ זיכ אָנגעצונדנ מיט העלע פײַערנ די פענצטער אינעמ פּאלאצ פונ פּאנ דלוגאָשיצ, אײַנקוקנדיק זיכ אינ די פינצטערע ווינקעלעכ פונעמ הויפ אונ אינ די פארכמורעטע וועלדער אונ בלאָטעס פונ פּאָלעסיע, וועלכע

האָט זיך פאַרטײַעט אין איר אומרויִקער שווײַגעניש. אינאָוונט ווען אף די פעלדער און בלאָטעס האָט זיך געריכט אָנגערוקט די פינצטערניש, האָבן זיך אָנגעהויבן צונויפאָרן די געסט. ווי עס פירט זיך אין אזעלכע פאלן, זײַנען די ערשטע געקומען די ווײַ־ניקער באַדײַטנדיקע פערזאָנען, די באזיצער פון קליינע פאָלוואַר־קעס, ארענדאטארן פון מאיאָנטקעס מיט זייערע ווײַבער און טעכ־טער. אלדאָס בעסטע, וואָס איז געווען אף ארויסצופאָרן אף אזא יאָנטעוו, האָט די שליאכטע אָנגעטאָן אף זיך און אף אירע פערד. די באדינער זײַנען פון די פיס געפאלן, צונעמענדיק די געסט און צוקלײַבנדיק זייערע וועגעלעך.

באגעגענענדיק יעדער מאָל א נײַעם גאסט, האָט פאן דלוגאָשיץ ארויסגעוויזן אלע סימאָנים פון באלעבאטישער פרייד און שליאכ־טעשאפט: האָט זיך געוויגט, מילד געדריקט די הענט, ארויסגע־זאָגט די אָדער יענע פראזע צוגעפאסט צום גרויסן יאָנטעוו און צו דער פערזענלעכקײַט פון דעם גאסט. צו אלעמען איז ער גע־ווען זייער אופמערקזאם און העפלעך — אזוי האָט געפאָדערט די שליאכטעשאפט און די פוילישע דעמאָקראטישקײַט, אף די פרינ־ציפן פון וועלכע עס האָט זיך געבויט די אופלעבנדיקע פוילישע מעלוכע.

דער באשטאנד פון די געסט איז געווען א גאנץ בונטער און פארשיידנארטיקער. דאָ זײַנען געווען פריצים פון פארשיי־דענע קאטעגאָריעס, ארענדאטערן און פּאָשעטע קליינשליאכטע און אויך פאָרשטייער פון אינטעליגענטישע פּראָפעסיעס, דאָקטוירים און אדוואָקאטן. זייער א באוײַטנדיקער טייל פון די געסט איז געווען מיליטערלײַט, אָנהייבנדיק פון די נידעריקסטע אָפיצערישע טשינען און ענדיקנדיק מיט גענעראלן. עס איז דאָ אויך געווען דער פּאָלקאָווניק פאן דעמביצקי. צווישן דעם מיליטערישן און ציווילן פובליקום פלעגן זיך דורכוואַרפן אויך פיגורן פון קסיאָנדזן אין לאנגע גאָלאָכישע קליידער. צוליב דער וויכטיקײַט און פײַער־לעכקײַט פון עם פּאָליטישן מאָמענט האָבן די „הייליקע פאָטערס"

דערלויבט זיך אביסל פרייַקייַט און זייַנען געקומען אפן באנקעט. זיי זייַנען אויך אביסל אָפּגעטראָטן פון די קלאָלים פונעם קסיאָנדז־סטאטוס בענעגייע פרויען, ארויסוויַיזנדיק זיך מער פאר קאוואלערן איידער דינער פונעם פאן גאָט. עמעס, די פאנענקעס און די יונגע דאמעס פלעגן מיט מער כיישעק ארומדרייען זיך ארום די מיליטער־לייַט. דערפאר אָבער האָבן די דאמעס, וועלכע האַבן אונטער דער ווירקונג פון דער צייַט אביסל אָפּגעוועלקט, געדרייט זיך ארום די קסיאָנדזן, ווי פליגן פאר א רעגן לעבן טעפּ, פון וועלכע מע האָט ניט לאנג ארויסגעגאָסן קרופּניק און מע האָט נאָך ניט באוויזן אויסוואשן און אויסשייַערן מיט א ראָגוזשע.

פאר דער קורצער צייַט איז פון זיך אליין פאָרגעקומען דער אָפּקלייַב פון די געסט, זיי האָבן זיך נאטירלעך צעטיילט אף גרופּעס. יעדער גרופּע האָט געהאט אירע ספּעציפישע אינטערעסן און טעמעס פאר די שמועסן, כאָטש זיי אלע האָבן זיך געפירט אונטערן לאָזונג פון דער יונגער פוילישער מעלוכע און איר היס־טאָרישער מיסיע. די יוגנט נאָר אליין—די פאנענקעס, פריצימלעך און די יונגע שיקארנע אָפיצערן—זייַנען אין א געוויסער מאָס געווען אווטאָנאָם אין דעם זין, וואָס זיי האָבן זיך אָפּגעגעבן אינגאנצן דער צעיאָגטער פרייד פון זייער ניט געצאמטער יוגנט.

אָן אָן אופּהער האָט געשטורעמט דער מיליטערישער אָרקעס־טער. שטורמישע פוילישע טענץ האָבן זיך געביטן איינע נאָך די אנדערע. די פאנענקעס און די יונגע דאמען האָבן זיך געסטאַ־רעט איבערשטייַגן איינע די צווייטע אין שיינקייַט, גראצ־יעזקייַט פון די באוועגונגען, אין דער צויבערלעכקייַט פון זייערע מיידלשע שמייכלען. די קאוואלערן זייַנען געקראָכן פון דער הויט, קעדיי וועגדן אף זיך די אלגעמיינע אופמערקזאמקייַט און פארשטעלן אלע איבעריקע קאָנקורענטן. וואָס פארא קונצן האָבן זיי ניט באוויזן? ווי שיין זיי פלעגן עס ארויסווארפן די

פיס, ווי קונציק זיי האָבן עס געטופּעט, אונטערגעשפּרונגען און ווי בערייש זיי האָבן געדרייט זייערע דאמען. ווי ספּריטנע זיי האָבן געטראָגן זיי אין דער לופטן און פּלוצלונג צוגעזעצט זיך פאר זיי אף איין קני, קעדיי פונקט אזוי פּלוצלונג אופהייבן זיך און ביזן סאָף אויספילן זייער מיסיע.

ארום דעם פּאָלקאָווניק פאן דעמביצקי האָט זיך צונויפגעקליבן א גרויסער אוילעם געסט. דאָ זיצט אויך פאן דלוגאָשיץ—א מענטש אין די מיטעלע יאָרן. זיין גאנצער אויסזען רעדט וועגן זיין אריסטאָקראטישן ייכעס, ער איז א סאָלידער און א געלאסענער, אין אלץ היט ער אָפ די מאָס און געפיל פון זיין ווירדע. דער קסיאָנדז פאן קסאווערי פּאצייקאָווסקי און יאן גאָלאָנזעווסקי זיינען אויך מענטשן בעקאָוועדיקע, דיפּלאָמאטן, כיטרע פּאָליטיקער און מענטשן קריכער, באוווסטע פּאטריאָטן. זיי טראכטן און זאָרגן זיך מער וועגן מענטשלעכע אינטערעסן איידער וועגן די געט־לעכע איניאָנים. דאָ זיצט אויך דער פּאָוויט־„קאָמיסארוש" פאן קרוליעווסקי, דער אדוואָקאט פאן לאדונסקי און אייניקע קלענערע פּריצימלעך, וועלכע האָבן נאָך ניט באוויזן דערגיין צו זייערע מאיאָנטקעס—די דאָזיקע מאיאָנטקעס זיינען נאָך צוריק ניט אָפּ־געקעמפּט געוואָרן.

לעכאטכילע האָט מען געשמועסט אויסשליסלעך אף מיליטערישע טעמעס. אין צענטער פון דער אופמערקזאמקייט איז געווען דער פּאָלקאָווניק פאן דעמביצקי. מע הערט אים מיט אן אָנגעשטרענג־טער אופמערקזאמקייט און מיט א גרויסער זעלבסטצו־פרידנקייט. דער פּאָלקאָווניק פאן דעמביצקי דערציילט וועגן פארשיידענע אָפּעראציעס אין דער מילכאָמע מיט די באָלשעווי־קעס, אין וועלכע אים, אלס אָנפירער און נאטשאלניק פונעם די־וויזיע־שטאב, פלעגט אויסקומען אָנעמען א דירעקטן אָנטייל. עס זיינען געווען קריטישע מאָמענטן אין בלויז דאָס אריינמישן זיך פון פאן דעמביצקי, זיינע אויסערגעוויינלעכע דרייסטע און, מע קאָן זאָגן, געניאַלע מאנעוורען פלעגן ארויסראטעווען

פונ דער שווערער לאגע. דערציילנדיק, מאָלט פאנ דעמביצקי אפנ טיש מיט די פינגער און באווײַזט די פאָזיציעס פונ די רויטע, וויאַזוי זיי האָבנ זיכ ארויסגערוקט פאָרויס אינ יענעמ אָרט, פונוואַנענ ער שיקט זײַנע רעזערווג.

— און ווי קוקט דער פאנ פאָלקאָווניק אפנ ווײַטערדיקנ גאנג פונ די מיליטערישע געשעענישנ? — פרעגט פאנ דלוגאָשיצ, אונטערשפּארנדיק וואזשנע מיטנ האנט די גלאט־אָפגעגאָלטע באָרד. אפ זײַנ פּאָנעמ, ווי אפ די פענעמער פונ די איבעריקע צוהערער, בלאָנדזשעט א פריילעכער שמייכל.

— מיר וועלנ אָנשפּארנ, פּסיא קרעוו, אזש ביז סמאָלענסק, — מאכט דער פאנ פאָלקאָווניק האָפערדיק און דערווײַזט עס מיט צענדליקער פארשיידענע רײַעס. קוידעמקאָל, פּוילנ איז ניט קיינ גערירטע יוגנט, עס דרעמלענ נאָכ אינ איר גרויסע מעגלעכקײַטנ. איצטער איז זי — לעבעדיקער דראנג, ענטוזיאַזמ. פאָליאקנ — דאָס איז דאָס סאמע קריגערישע, דאָס סאמע קריגספייִקע פאָלק. יאנ סאבעסקי, סטעפאנ באטאָרי, קאסטושקע, מארשאל פּילסודסקי — ניט שוינ זשע ריידנ קנאפּ אָט די דאָזיקע אלע נעמענ? דער קויעכ פונ פּוילנ — איז אינ דעמאָקראטיזמ, וועלכנ עס ווייס ניט קיינ איינ פאָלק.

פאנ דעמביצקי אליינ און זײַנע צוהערער האָבנ דערבײַ אופגעהויבנ די אויגנ אפנ סוביעקט, וואָס איז געזעסנ אינ זייער קאָמפּאניע, אָבער איז ניט זייער צוגעפּאסט געווענ צו איר. ער האָט זיכ צוגעהערט צומ שמועס פונ די פּריצימ. גלײַכצײַטיק האָט ער געהאט זײַנ קוק אפ די זאכנ, כאָטש ארויסזאָגנ האָט ער עס ניט ארויסגעזאָגט. סײַ מיט זײַנ אויסזענ, סײַ מיט זײַנ גאנצער פיגור און מאנערנ פונ האלטנ זיכ און אפילע מיטנ גאנג פונ זײַנע געדאנקענ האָט דער דאָזיקער מענטש זיכ אויסגעטיילט פונ דעמ פּריצישנ אוילעמ. מיטעלער וווקס, א ברייטער און געזעצטער, האָט ער מיט זײַנ גאנצנ אויסזענ איידעס געזאָגט וועגנ דער

דעמאָקראַטישקייט פון זײַן אָפּשטאַמונג. זײַנע ניט גרויסע פאַר־
טראַכטע גרויע אויגן האָבן געקוקט ערגעץ אינווייניק אַרײַן.
אַפּן אויסזען איז אים געווען א יאָר דרײַסיק. זײַן פאַמיליע —
איז גאַליניטש.

דער אויסדרוקפולער בליק, וואָס די פריצים האָבן געוואָרפן אַף גאַליניטשן, האָט אים געצוווּנגען אַזוי אָדער אַנדערש אָפּ־
רופן זיך אַף די ווערטער פונעם פאַן פאָלקאָווניק וועגן דעם
פוילישן דעמאָקראַטיזם.

— מיר, ווײַסרוסן, נעמען זייער אין אכט, מײַנע הערן, די
דעמאָקראַטישקייט פונעם פוילישן פאָלק, — האָט זיך אָפּגערופן גא־
ליניטש, — און ניט נאָר מיר נעמען אין אכט, נאָר אויך מיר שעצן
איר זייער הויך. אָט פאַרוואָס מיר פאַרבינדן דעם גורל פון
ווײַסרוסישן פאָלק מיטן גורל פון דער גרויסער פוילישער נאַציע,
וואָרעם אין דער פאַרגאַנגענהײַט איז אויך זייער גורל געווען
איין און דערזעלבער. ניט אַף דער באָלשעוויסטישער מאָסקווע,
נאָר אַף דער דעמאָקראַטישער אייראָפּײַשער וואַרשע אָריענטירן
מיר זיך.

— נאַטירלעך! — האָט באַשטעטיקט דער קסיאָנדז גאַלאָנ־
זעווסקי.

די פריצים דלוגאָשיץ, דעמביצקי און אַנדערע איז ניט זייער
געפעלן געווען, וואָס גאַליניטש שטעלט אַף איין ברעט דעם פוי־
לישן פאָלק מיטן ווײַסרוסישן. אַזאַ שכײנעשאַפט פון צווײ פעל־
קער אַרום טיש פון לעבן איז זיי פּאָשעט געווען ניט נאָך זייער
קאָווער, נאָר אָבער, ווי כיטרע פּאָליטיקער, האָבן זיי וועגן דעם
גאָרנישט געזאָגט און האָבן נאָר געשאָקלט מיטן קאָפּ.

אָבער בא די פריצים איז פונדעסטוועגן געווען א געוויסע
אומרויִקייט, זי קלינגט אין דער פראַגע פונעם פאַן קרוליעווסקי:

— אָבער, פּסיא קרעוו, די כלאָפּעס האָבן זיך ניט באַרויִקט.
צאָ טאָ בענדיע?

פאַן דעמביצקי האָט זיך לײַכט אָנגעכמורעט.

— דאָס איז, מײַנע הערן, א נארישקײַט — האָט ער מיט פּראכ־טונג א זאָג געטאָן.

ס׳איז ביכלאל געווען ניט אָנגענעם אין אזא פײַערלעכן מאָ־מענט ריידן וועגן די כלאָפּעס, עס איז נאָך מער ניט אָנגענעם וואָס זיי „כלאָפּעס" האָבן זיך באהאלטן אין די וועלדער. די דאָזיקע אומגעבונג דערמאָנט ניט ווילנדיק די פּריצים, וויאַזוי זיי אליין האָבן זיך געטוליעט אין די וועלדער בײַסן אופשטאנד.

— עס איז ניט קיין נארישקײַט, פּאן פּאָלקאָווניק! — האָט פּאַר־זיכטיק דערווידערט דעם פּאן דעמביצקי דער אדוואָקאט לאַרונ־סקי: — איך האָב מוירע, אז דאָס ניט דערשאצן די קויכעס פון דער „כלאָפּישער" באוועגונג קאָן ברענגען אסאך ניט אָנגענעמע אומגעריכטע זאכן. די פויערישע אופשטאנדן — דאָס איז אן אָפּ־צווייַגונג פון דעם זעלבן באָלשעוויזם, פון דעם זעלבן פינצטערן יעסאָד, וואָס איז פארלייגט אין דעם מענטשן און איבערהויפּט אין דער נאטור פון די אונטערשטע מאסן. אונטער דער פּאָן פון באָלשעוויזם און אונטער דער אומיטלבארער אָנפירונג פון די באָל־שעוויקעס ווערן געפירט די אופשטאנדן פון די כלאָפּעס און אין דעם איז זייער געפאר. אין וואָס איז דער קויעך פונעם באָלשעוויזם? אין זײַנע לאָזונגען און אין זײַן רופן צו פארניכטן. די באָלשעווי־קעס ווייסן געניי די נאטור פון דעם האמוין און אפּעלירן צו זײַנע פינצטערע יעסוידעס.

— אָ! — האָט זיך אָפּגערופן איינער פון די פּריצים: — פּאן לאַ־דונסקי איז אָנגעשראָקן פון די באָלשעוויקעס און ער האלט זיי פאר א גרויסער קראפט.

און די מוזיק האָט אלץ געהילכט. עס האָט זיך פריילעך געמאכט די שליאכטישע יוגנט. און אז מע האָט זיך אָנגעהוליעט און אָנגערעדט, האָבן זיך די געסט צעזעצט ארום טיש. א רוישיקער, גרויסארטיקער באנקעט איז פּאָרגע־קומען אינעם פּאלאץ פונעם פּאן דלוגאָשיץ, אונטער דער וואכ פון א באטאליאָן פּוילישע סאָלדאטן. מען האָט אויסגערופן טאָס־

ריִאָטישע טאָסטן. מע האָט געשריִען „וויוואַט" דער פוילישער מעלוכע, דעם מארשאל פּילסודסקי, דעם פוילישן מיליטער אין דער פּערזאָן פון די גענעראלן און פון פאן דעמביצקי, די באַלעבאטים, די גייַסטלעכע פּערזאָנען, די שענסטע פוילישע פרויען.

## XXII

דערליידן זיך וועגן דעם איניען מיט סאווקע מילהון האָט זיך גענומען דער געלאַסענער ברוי. ער האָט אויסגעקליבן א פּאַסיקע צייַט און אין אָוונט איז ער אוועקגעגאנגען צו סאווקען אפן הויף. ברוי איז אַרייַן אין שטוב און איז געבליבן שטיין באַם שוועל. אין שטוב איז קיינער ניט געווען. האָט ער זיך אויסגעקערט און געוואָלט שוין גיין צוריק. ערשט פון אויוון האָט זיך דערהערט א שטים:

— ווער איז עס דאָרטן?

— דאָס ביסטו דאָרטן, סאווקע? — האָט א פרעג געטאָן צוריק ברוי.

— איך, — האָט רויִק אָפּגעענטפערט סאווקע און האָט ניט זייער געייַלט אופהייבן זיך — עס האָט זיך פּאַשעט ניט געוואָלט א ריר טאָן. די שטוב איז א קאלטע און די אויוון איז געווען א ווארעמע.

— גוטמאָרגן, סאווקע, וואָס טוסטו דאָרטן?

— אָט איך ליג זיך און טראַכט.

— נו, וואָס? דאָס איז אויך אַן ארבעט, אז עס איז ניטאָ קיין בעסערע... וועגן וואָס זשע טראכסטו?

ברוי איז צוגעגאנגען פון דעם צווייטן זייַט אויוון, נעענטער צו סאווקען. סאווקע האָט זיך געווען שוין א הייב געטאָן אָפּ אופשטיין, אָבער ער האָט כאראָטע געהאט און באשלאָסן ענטפערן דעם גאסט ליגנדיק.

— איך טראכט, וואָס הייבט מען אָן צו טאָן. מע דארף דאָך עפּעס טאָן, אָבער איך קאָן אלץ ניט צוטראכטן וואָס צו טאָן.

דערבײַ האָט סאווקע א טראכט געטאָן: „עס איז טשיקאווע צו וויסן, נאָך וואָס ביסטו געקומען".

— קאָפּ! קיין ארבעט קאָנסטו זיך ניט געפינען. דו ווילסט ניט ארבעטן!

— נו, וואָס הייסט, איך וויל ניט. עס ווענדט זיך וואָס פאר אן ארבעט.

— עס איז א גלײַכטער צו זאָגן, אז א מענטש זאָל זיך ניט געפינען קיין ארבעט.

„צי ביסטו ניט געקומען רופן מיך עפּעס אפ דײַנער אן ארבעט"—האָט בא זיך א טראכט געטאָן סאווקע:—„ניין, ברודערקע, א טאָעס, צו דיר ארבעטן וועל איך ניט גיין".

— א מענטש זוכט ארבעט, וואָס פאסט פאר אים,—האָט הויך א זאָג געטאָן סאווקע.

— אײַ, ביסטו א הולטײַ, סאווקע, אָט וואָס איך וועל דיר זאָגן. איך אזא צײַט זאָלסטו זיך ניט געפינען קיין ארבעט?

— נו, אדעראבע, זאָג, וואָס פאר אן ארבעט?

סאווקע האָט זיך אָנגעטאָן א קוק און זיך אוועקגעזעצט. ער האָט דערפילט, אז ברוי האָט אים צו זאָגן עפּעס אזוינס, וואָס עס איז קעדײַ אויסהערן זיצנדיק.

— זאָג מיר אָט וואָס,—ברוי איז גלײַך צוגעטראָטן צום אינ-יען,—צו וועלכער פארטיי געהערסטו?

— וואָס הייסט פארטיי?—האָט סאווקע א קראַץ געטאָן די פּאטיליצע.

— אזוי זיך, פאר וועמען האלטסטו?

— איך, פאר קיינעם ניט. איך האלט פאר זיך אליין.

— אָט דאָס איז טאקע ניט גוט. אויב דו האלסט פאר קיינעם ניט, האָ"סטו פאר זיך אויך ניט... גיב נאָר א קוק, ווי דו לעבסט: קאלט, פינצטער, פוסט...

— נו, דאָס איז ניט שטענדיק אזוי,—האָט דערווידערט סאוו-קע!—אמאָל איז פוסט און אמאָל איז פול.

— הער זיך אײַן סאװקע: עס איז פאראן אן איניען—נעם זיך פאר אים. װעסט קײן כאראַטע ניט האָבן. עס װעט שױן זײַן פונקט װי מע דארף.

סאװקע האָט דערפילט, אז דאָס פישל הײבט אָן קליאַװען.

— זאָג, װאָס?

— אָט װאָס: װער א פארטיזאן.

— סאװקע האָט געשװיגן, דערנאָך האָט ער אָפּגעהאקט:

— איך װיל ניט.

דער געלאסענער ברױ האָט זיך באלײדיקט.

— אױב דו װילסט אפילע ניט פארינטערעסירן זיך, אין װאָס באשטײט דער איניען, האָבן מיר ניט װעגן װאָס צו רײדן.

און ער איז אנשװיגן געװאָרן. עס האָט געשװיגן אױך סאװקע. ער האָט בײַזיך געטראכט אזױ: װעט ער אװעקגײן צום טיר, װעל איך אים דעמלט אומקערן. אָבער ברױ איז צום טיר ניט געגאנגען.

— פארװאָס איז בא דיר קײן פײַער ניטאָ?

— די קינדער שפּילן באם שאָכן. די װײַב איז אװעק צו דער מאמען, און איך, קאָלזמאן איך האָב זיך ניט אָפּגעטראכט װאָס צו טאָן, דארף איך ניט קײן פײַער.

— צו שװער גײט בא דיר צו דאָס טראכטן.

— אלערלײ געדאנקען זײַנען פאראן.

— איז װילסטו ניט זײַן קײן פארטיזאן?

— נײן, איך װיל ניט.

קענטיק, אים האָט דערעסן די דאָזיקע שפּיל אין כיטריקעס און ער האָט צוגעגעבן:

— זאָג פּראָסט און כיטרעװע ניט, פאן ברױ.

— איז הער זיך אײַן. דו ביסט א מענטש, אפ װעלכן מיר זײַנען ניט ברוגעז. מיט װאָס דו האָסט זיך פארנומען דאָרטן, װײסן מיר ניט. טײלן אונדזער ערד האָסטו זיך ניט געקליבן, אָבער עס זײַנען געװען כאװײרים, װאָס האָבן אפ אונדזער האָב

און גוטס פאנאנדערגעפּנט די מײַלער און אויסגעצויגן די הענט. איצטער טוליען זיי זיך אין די וועלדער און גייען אַרום אין באַנדעס. אָבער דערפון וועט קיין גוטס ניט אַרויס. עס מוז דאָך ווערן אַן אָרדענונג. און מע דאַרף זיך גוט צוהערן, וואָס עס טוט זיך. אָט, וואָלסטו זיך גענומען אַכטונג געבן אויף זיי. און צוליב דעם דאַרפסטו זיך מאַכן קלוימערשט פאַר אַ פּאַרטיזאַן. דיר וועלן זיי גלויבן, און מילכאָמע האַלטן איז ניט קיין מוז פאַר דיר. דו דערגייסט נאָר, ווו זיי באַהאַלטן זיך און וואָס זיי טראַכטן טאָן, און זאָגן אונדז אָן וועגן דעם דורכן ווייט וואַסיל בוסיגאַ. אָט אין דעם באַשטייט דײַן גאַנצע אַרבעט און אָפּצאָלן וועט מען דיר דאָפּקע ניט שלעכט: ברויט וועט זײַן און צום ברויט וועט אויבעט זײַן, אַ קאָפּיקע וועסטו האָבן און קיין זאַך וועט דיר ניט פעלן.

סאַווקע האָט אַ כאַפּ געטאָן אַפן קאָפּ אָט די גאַנצע קאָמפּליצירטע ראָליע, אויף וועלכער אים האָט געשטויסן ברוי מיט אַלע אירע לוינבאַרע און שלעכטע זײַטן. ער האָט גלײַך דערפילט אַ פעסטן און ברייטן באָדן פון טעטיקײַט. אין שטוב איז געווען פינצטער און ברוי האָט ניט געקאָנט נאָכשפּירן, וואָס דריקט מיט זיך אויס סאַווקעס פּאָנעם. ער האָט געדולדיק געוואַרט, ביז סאַווקע האָט געטראַכט און געיִישעוועט זיך, צי איז ער גוט אונטערגעגאַנגען צו סאַווקען.

„צי האָב איך זיך ניט צוגעײַלט?" — האָט געטראַכט דער געלאַסענער ברוי. און ער האָט אָביסל אומרויִק געוואַרט אויף סאַווקעס וואָרט. סאַווקע אָבער האָט גלײַך אָפּגעשאַצט די סטראַטעגישע וויכטיקײַט פון זײַן פּאָזיציע און האָט באַטראַכט זײַן ראָל און די מיטלען וויִאַזוי אויסצופילן זי.

— איז וואָס זשע וועט איר מיר געבן דערפאַר? — האָט ער צום סאָף אַ פרעג געטאָן.

בא דעם געלאַסענעם ברוי איז פונקט ווי אַ שטיין וואָלט אַראָפּ פון די פּלייצעס.

— וועגן געצאָלט וועלן מיר זיך שוין דערריידן לײַכט, מע וועט דיך ניט באַוואָלעגן.

אַלעמאָל ענדיקט זיך אַזאַ מין אײַסעק מיט עפּעס אויסטרינקען ברוי האָט פאַרופן סאַווקען צו בירקען, ווי דאָס האָט מען פרי־ער אָפּגערעדט. אהין האָט אויך געדאַרפט קומען וואַסיל בוסיגאַ. איז מען זיך צונויפגעגאַנגען בא בירקען.

מע האָט געטרונקען סאַמאָהאָן, מע האָט געגעסן גריבענעס. דאָ האָט מען טאַקע צוזאַמען אָנגעמערקט די פליכטן, וואָס סאַווקע נעמט אַף זיך. מע האָט זיך אויך דערעדט וועגן געצאָלט. מע האָט גוט באַטראַכט דעם פּלאַן, וואָס סאַווקע האָט געדאַרפט אויספירן.

מיט כשאַד און פאַרזיכטיקייט האָט אוהיניע אַ קוק געטאָן אַף וואַסילן, ווען ער איז אַרויס פון שטוב, בײַס מען האָט נאָך אים געשיקט פון בירקען. זינט אוהיניע האָט אַזוי אומפּרײַנטלעך אויפ־גענומען וואַסילס יעדיִע וועגן דעם, אַז ער איז אַ וואָריט, האָבן זיי קימאַט צווישן זיך גאָרניט גערעדט. עמעס, אוהיניע איז גרייט געווען שאַלעם מאַכן—זי האָט געהאַט דאָ אירע אויס־זיכטן. זי האָט אפילע די ערשטע געמאַכט טריט צו דעם, אָבער וואַסיל האָט זיך פאַראַקשנט און איז געבליבן טויב צו דעם. גערעדט האָט ער מיט איר זייער ווייניק און דאָס אויך בלויז אין אָפּיציִעלע פאַלן, ווען עס פלעגט קומען צו רייד וועגן באַלעבאַטיש־קײַט. האָט זיך אוהיניע אויך פאַראַקשנט. איצט האָט זי געהאַט אַף דעם רעכט ווי אַ באַליידיקטע און באַוואָלטע פרוי. בײַזיך איז זי אפילע צופרידן געווען פון דעם, אָבער זי איז בעטעווע גע־ווען אַביסל אַן אַרטיסטקע און האָט זייער קונציק דורכגעפירט די ראָל פון אַ באַליידיקטער פרוי.

„ווּהין איז ער דאָס אַוועקגעגאַנגען? צוליב וואָס?“—האָט או־היניען ניט געלאָזט רוען די פראַגע. זי האָט גלײַך פאַרשטאַנען, אַז דאָ האָט מען זיך וועגן עפּעס צונויפגערעדט. זי האָט זיך

דערמאָנט די ווערטער פון דעם געל־בערדיקן קאָנדראַט בירקע וועגן די פּאַרטיזאַנער. דאָס אַלץ האָט זי פאַרינטערעסירט און באַמרויִקט. עס האָט זי מיטאַמאָל אָנגענומען אַ שרעק, אַ שרעק פאַר דער צווישן־לאַגע, אין וועלכער זי האָט זיך געפונען. זי האָט זיך דערמאָנט אָפּ דער אַלטער נאַסטען, דעם שמועס מיט איר. פאַר איר זײַנען אויך אַרופגעשוווּמען די לעצטע געשעענישן אין ווערי. דאָס לעבן האָט אָנגעוויקלט אַרום איר קלעפּיקע פעדעם, אין וועלכע מען קען זיך לײַכט פאַרפּלאָנטערן, ווי אַ פליג אין שפּינוועבס. אוועקגיין אָנאַזוי̈ט פון דעם אַלעם האָט זי שוין ניט געקאָנט. זי דאַרף וויסן, וואָס טוט זיך אַרום איר און ניט אַרומגיין ווי אַ בלינדע. זי דאַרף ענדלעך אָפּ עפּעס באַשליסן זיך און אוועקגיין אָפּ אַ געוויסן וועג.

אוהיניע האָט אָנגעטאָן אַ פעלצל, האָט אַרופגעכאַפּט אָפּן קאָפּ אַ וואַרעמע טיכל און איז אַרויס אָפּן הויף. זי האָט זיך אָפּגע־שטעלט לעבן טויער. די פינצטערע נאַכט האָט שוין געדיכט פאַר־וועבט מיט פינצטערניש די גאַס, די הײַזער און הויפן. טונקל און ניט דרייסט האָבן זיך געלויכטן די פענצטער. איבערן גאַס פלעגן זעלטן דורכגיין איינצלנע מענטשלעכע פיגורן. אוהיניע איז אַ ווײַלע געשטאַנען, דערנאָך האָט זי אָנטשיידן אַ לאָז גע־טאָן זיך צו קאָנדראַט בירקעס שטוב. עס האָט זיך זייער גע־וואָלט דורכקאָנטראָלירן די ריכטיקײַט פון איר האַשאָרע.

בירקעס שטוב איז געשטאַנען ניט ווײַט אָפּ דער צווייטער זײַט פון גאַס. אַרומגעקוקט זיך, איז אוהיניע פאָרזיכטיק אַרײַן אין הויף, האָט זיך אוועקגעשטעלט אין אַ ווינקל, אַז קיינער זאָל איר ניט באַמערקן. אײַנהערנדיק זיך, האָט זי אַרויסגערוקט דעם קאָפּ אין אַ פּאַס ליכטיקײַט, וואָס איז געגאַנגען פון פענצטער. זי האָט זיך געערגערט ווי אַ מענטש, וואָס איז געצוווּנגען קוקן ביגנייווע, און ריזיקירט מע זאָל אים כאַפּן. איבערן שטוב האָבן זיך געשאָקלט שאָטנס, עס האָט זיך ניט קלאָר געהערט אַ פאַר־טויבטער געשפּרעך. עס איז שווער געווען צו באַמערקן גוט,

וואָס עס טוט זיך אין שטוב. אוהיניע האָט זיך איינגעבויגן, איז אוועק אין דער צווייטער זײַט און האָט ווידער אַרײַנגעקוקט אין פענצטער. דורך אַ ריינעם, ניט פאַרוועבטן מיט פראָסט שטיקל שויב האָט זי דערזען מאַנספאַרשוינען, וואָס זײַנען געזעסן באַם טיש און האָבן געטרונקען. צוויי פיגורן האָבן איבערהויפּט געצויגן אַף זיך אוהיניעס אויפמערקזאַמקייט: וואַסיל און דער דאָרער שוואַרצכיינעוודיקער סאַווקע מילהון. באַ אוהיניען איז קיין שום ספק ניט געבליבן: מען האָט געדונגען סאַווקען, מע האָט אים געקויפט פאַר געלט און געשטעלט אַף אַ פינצטערער פאַרעטערישער אַרבעט. אַף סאַווקען קענסטו זיך אַלץ ריכטן. געפילן פון שרעק און האַס האָבן זיך אויפגעוועקט אין אוהיניעס האַרץ. ווײַטער בלײַבן דאָ האָט ניט געלוינט. פּונקט אַזוי שטיל איז זי אַרויס אַפן גאַס און אוועק צו זיך אַהיים. דאָ האָט זיך ערשט אײַנגעשטילט איר אויפרעגונג און דאָס האַרץ האָט אָנגעהויבן קלאַפּן רויִקער.

דער אַלטער קופּריִאַן האָט שוין געדרעמלט אַף זײַן באַנק און עפּשער האָט ער פּאַשעט געטראַכט וועגן די געשעענישן פון די לעצטע טעג. דער אַלטער קופּריִאַן האָט ניט געפילט אָט דעם גאַנצן טומל און האָט גאָרנישט פאַרשטאַנען פון דעם, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן טאָן אַף דער וועלט. ער איז געווען שטאַרק איבערצײַגט אין דעם, אַז אַלע צאָרעס נעמען זיך דערפון, וואָס מע האָט אַראָפּגעוואָרפן דעם קייסער.

אוהיניעס קלענערע קינדער, די צוויי יאַטלעך זײַנען געשלאָפן מיט אַ רויִקן שלאָף פון אַ גליקלעכער קינדהייט. עס זײַנען בלויז ניט געשלאָפן אוהיניע און אַלעסיע. זיי האָבן געשפּינט און שטילערהייט געפירט אַ שמועס. אַלעסיע האָט מיט איר קינדערשן אינסטינקט פאַרשטאַנען, אַז דער פאָטער באַציט זיך צו איר ניט גוט. און פון דעם איז זי געווען דערשלאָגן און אָנגעשראָקן. און די לעצטע טעג איז די דאָזיקע שרעק און אומרויִקייט פון קינדערשן האַרצן געוואָרן נאָך שאַרפער, באַזונדערס, ווען דעם

טאטנס אומצופרידנקייט איז געווענדעט געוואָרן קעגן דער מו־טער. זי האָט אַלץ געוואָלט דערגיין, פאַרוואָס איז דאָס אַזוי, אָבער זי האָט ניט געקאָנט פאַרשטיין די סיבעס פון דעם פאַ־טערס אויפרעגונג. דאָס, וואָס אין שטוב האָבן געדעדט די על־טערע, האָט געבוירן בא איר אין האַרצן אומקלאָרע און שרעק־לעכע געדאַנקען וועגן מענטשלעכער אכזאָריעס און אומרעכט.

XXIII

א ניט הויכער דאַרער מענטש גייט זיך רויִק און שטיל אי־בערן וואַלד. איינגעדעקט די פּלייצעס מיט א ווייסן טוך, שטייט דער וואַלד פאַרלעך אין שטילקייט און רויִקייט. אַזאַ מילדע רוי־קייט טרעפט נאָר אין מינוטן פון פילאָזאָפישן באַטראַכטן די פאַר־באָרגענע, סוידעספולע טיפענישן פון לעבן, אָדער דעמלט, ווען עס ווערט געשטילט יעדער אומרו, יעדער דייגע און גאָרנישט אַפּ דער וועלט באומרויִקט ניט דאָס האַרץ, ניט דעם געדאַנק און דו פילסט א פולשטענדיקן איינקלאַנג מיט דעם, וואָס עס איז איבער דיר און אַרום דיר.

און אָט דער דאָזיקער ניט־הויכער דאַרער מענטש, וועלכער איז אָנגעטאָן שטאָטיש, ווייַזט אויס, האָט זיך אונטערגעגעבן דעם צויבער פון דער וואַלד־רו און שטילקייט. ער קוקט אין וואַלד אהין־אהער. דורך דעם אינטערעסאַנטן געפלעכט פון ביימער קוקט ער זיך איין מיט זיינע גרויע קאַלטע אויגן.

אָט שטייט א פאַנאַנדערגעצווייגטער דעמב. זיינע מעכטיקע צווייגן און דער ברייטער קרוין האָבן זיך אביסל אָנגענויגט אין דער זייט, ווו עס לייכט די זון. דורך די דאָזיקע סוקעס רוקט אַרויס איר קיילעכדיקן קאָפּ א שלאַנקע אָסינע. פון דער צוויי־טער זייט ציט דורך דורך די דעמבענע צווייגן א הויכע דינינקע יאָדלע אירע גרינע שטעכעדיקע לאַפּעס. דאָרט, ווו די צווייגן

באגעגענען זיך איינע מיט די אנדערע, האָט זיך די קאָרע אָפּ
זיי אָפּגעריבן. איצט שטייען זיי פארגליווערט, אומבאַוועגלעך. נאָר
יוען דער ווינט טראָגט זיך דורך איילנדיק איבערן וואלד, רײַבן
זיי זיך איינע אָן די אנדערע און סקריפּען דומפּ.

דער ניט־הויכער דארער מענטש כאַפּט מיט זײַן אָנגעשטרענגטן
אויג אָט די אלע קליינינקייטן. ער באטראכט ווידעראמאָל די וווּנ־
דערבארע גרופּע און בא אים שטעלט זיך א פראגע: וואָס איז
דאָס — קאמף פארן לעבן אָדער איינינקייט און פרײַנטשאפט? דער
ניט־הויכער דארער מענטש גלויבט ניט ביכלאָל אָט דער דאַזיקער
שטילקייט, ניט אָט דער דאָזיקער וואלד־רויִקייט. די דאָזיקע
שטילקייט און די דאָזיקע רויִקייט איז בלויז פארבלענדנדיקע איליו־
זיע פון שטילקייט און רויִקייט. אפ די ברייטע ראכוועסן פון
דער ערד קאָכט דער ווירבל פון קאמף, פון גרויזאמען אָנראכ־
מאָנעסדיקן, נאָר ניט אומזיניקן, כאאָטישן, פון קאמף, וואָס איז
אונטערגעוואָרפן געוויסע געזעצן. אינעם שטורעם פון דעם דאָ־
זיקן קאמף פילט דער ניט־הויכער דארער מענטש מיט אלע זײַנע
אייוורים דאָס אָנקומען פון א נײַער עפּאָכע און איר פארפעס־
טיקונג אפ דער ערד. אָט פארוואָס ער גייט אום אזוי זיכער אין
דעם דאָזיקן ווירבל. דער ניט־הויכער מענטש איז א זייער
פון שטורעם: דורך שטורעם וועט קומען די נײַע אָרדענונג
און עס וועט געבאָרן ווערן דער נײַער מענטש.

אָט דער דאָזיקער זייער איז דער כ׳ ניעווידני, דער זעלביקער
ניעווידני, וועמעס פאמיליע און ער אליין טאקע האָבן אזוי פאר־
וווּנדערט דעם אלטן טאלאשן. בא ניעווידנען אין בוזעם ליגט א
גאנץ גרויסער פּאקעט. אין פּאקעט זײַנען צונויפגעלייגט אופרופן
צום פּוילערטום פון דער אָקופּירטער פּאָלעסיע, אינסטרוקציעס
פאר די אונטערערדישע באָלשעוויסטישע אָרגאַניזאַציעס. אין דעם
דאָזיקן פּאקעט זײַנען פאראן אסאך מאטעריאלן, וועלכע זײַנען
אָנגעשריבן געוואָרן מיטן האנט פונעם קלאסן־סוינע און זײַנען
געווענדעט קעגן די באָלשעוויקעס. אָט דאָ ליגט אויך אן אופ־

רוף פון דער אָקופּאַנטישער פּױלישער מאַכט צו די פּריצים, אַז זיי זאָלן אומקערן זיך און פאַרנעמען זייערע „געזעצלעכע״ מאַ־יאָנטקעס און הויפן, און אַז די פּויערים זאָלן אומקערן זיי דאָס פאַרשיידענע האָב און גוטס, וואָס זיי האָבן פאַרנומען בײַס דער רעוואָליוציע און סאָוועטנמאַכט. ניעווידני קלײַבט צונויף אַקו־ראַטנע די דאָזיקע מאַטעריאַלן: אָפּ אָט די דאָזיקע מאַטעריאַלן פירט ער אַן אַגיטאַציע קעגן די אָקופּאַנטן און דעקט אויף זייער עמעסן פּאַרצעף. ריזיקירנדיק מיטן קאָפּ, גייט ער פון איין אָרט אינעם צווייטן, אָרגאַניזירט נײַע קעמערלעך, שטיצט אונטער, העלפט די שוין אָרגאַניזירטע. איצט גייט ער טאַקע אין דאָרף פאַסטאַווי. דאָס איז שוין דער צווייטער מאָל, אַז ער גייט אַהער. געווען איז ער דאָרטן מיט אַ כוידעש צוריק, ווען דאָס דאָרף פאַסטאַווי איז געווען נאָך אין די הענט פון די רויטע. ער האָט דאָרטן געהאַט פאַרבינדונגען און באַקאַנטע. ניעווידני אינטערע־סירט זיך, וואָס איז געוואָרן מיט דער קעמערל, וועלכע ער האָט אָרגאַניזירט אין פאַסטאַווי און וועגן וועלכער ער האָט איצטער נית קיין שום יעדיִעס. ער מוז זיך דערוויסן, ווי זי לעבט, מיט וואָס זי לעבט און ביכלאַל צי לעבט זי.

די סאַמע פּריקרע זאַך איז, ווען אַ מענטש געפינט זיך אין אַ צושטאַנד, אַז ער ווייס גאָרנישט. וואָס ווייס ניעווידני וועגן דעם דאָרף פאַסטאַווי? גאָרנישט. ער ווייס נאָר, אַז ער געפינט זיך בא די פּאָליאַקן, אַז אין דאָרף פאַסטאַווי, ווי אין יעדער דאָרף, וואָס איז פאַרנומען דורך די פּאָליאַקן, זײַנען פאַראַן שפּיאָנען און אַגענטן, אַז אַלע ווײַלע באַווײַזן זיך דאָרט פּוילישע מיליטערישע טיילן, וועלכע פאָרן אָן און פאָרן אָפּ. אָט פאַרוואָס ניע־ווידני גייט פאָרזיכטיק. ער ווייס, ווי וואַכזאַם עס שפּירן נאָך די זשאַנדאַרמען, די פּאָליציי און די פּוילישע קאָנטר־ראַז־ווערקע נאָך אַזוינע געפערלעכע מענטשן ווי ער. ער ווייס, וואָס עס דערוואַרט אים, ווען ער פאַקט זיך אין זייערע הענט. עס איז נית נאָר אַ שאָד די פרײַהייט פון לעבן, נאָר עס איז אַ שאָד, וואָס

עס וועט דורכפאלן די ארבעט, וועלכע די פארטיי האָט אים אָנ־
געטרויט.

איידער ארײַנגיין אין דאָרף האָט ער זיך באהאלטן אין די־
לאָזע־קוסטעס לעבן פארפראָרענעם טײַכל און האָט זיך אָנגע־
הויבן צוקוקן און צוהערן. אין דאָרף איז געווען שטיל, קיין
מענטשן האָט מען ניט געזען. ניעווידני איז געשטאנען און האָט
געדולדיק געוואָלט פאקן א פאסיקן מאָמענט, ער זאָל קענען
ארויסקריכן פון זײַן באהעלטעניש. אָבער אזא מאָמענט האָט
זיך ניט געמאכט און פלוצלינג האָבן זיך ערגעץ פון א זײַט אפגן
טײַכל דערהערט קינדערשע שטימען. פון יענעם זײַט אָפגע־
הוילטע קוסטעס האָבן זיך געשפילט כעוורע פון שול־עלטער.
געווען זײַנען זיי זאלבעפינפט. זיי האָבן דורכגעריבן מיט די
פיס שמאָלינקע לאנגע סטעזשקעס אפן אײַז און האָבן זיך גע־
גליטשט, ווער אפ הילצערנע קלעצלעך, צוטשעפענדיק זיי צו דער
לאפטיע, און ווער עס פלעגט זיך פאָשעט פאנאנדעריאָגן אפ די
אייגענע פיס, וועלכע זײַנען געווען אָנגעטאָן אין פאָשעטע לאפ־
טיעס. אָנגעטאָן זײַנען זיי געווען אין אלטע פארלאטעטע גע־
ווענטענע כאלאטלעך, אונטערגענארטלט מיט קאָלירטע פעס־
לעך פון אייגענער אויסארבעטונג. אפ די פיס האָבן זיך קאָמיש
אומגעבאָמבלט גראָבע לײַוונטענע הויזן. פון די פאנאנדערגעשפּי־
ליעטע כאלאטלעך האָט זיך ארויסגעזען די הוילע ברוסט. די
היטלען אפ זיי זײַנען געווען פארשיידענע, אומגעהויער גרויסע,
ווינטערדיקע און זומערדיקע. אָבער כעוורע איז געווען פרייליך.
זיי האָבן אינדערהויך איבערגעוואָרפן זיך מיט ווערטער, אָפטמאָל
געזידלט זיך און הילכיק געלאכט.

ניעווידני האָט דערפילט עפעס א פרייד, ווען צו זײַן אויער
האָט זיך דערטראָגן אָט דער דאָזיקער פלאפלען פון די קינ־
דערשע קעלכלעך. קעדיי ניט דערשרעקן זיי, איז ער פאָרזיכטיק
ארויס פון די קוסטעס און פאוואָלינקע א לאָז געטאָן זיך אין
זייער זײַט, אויספּײַפנדיק זאָרגלאָז עפעס א מעלאָדיע פון א פריי־

לעכער ליד. כעוורע האָבן זיך פּלוצלונג אָנגעשפּיצט און זייַנען אנשוויגן געוואָרן.

— שפּילט, שפּילט, כעוורע! האָט קיין מוירע ניט!

— מיר האָבן קיין מוירע ניט!—האָט מונטער געענטפערט איינער פון זיי.

ניעווידני איז צוגעגאַנגען נעענטער. כעוורע האָט פונדעסט־וועגן ניט אינגאַנצן געטרויט אים און האָבן זיך ארומגעקוקט פאַרזיכטיק, וואַרפנדיק די שפּילערייַ.

— פאַרוואָס, כעוורע, גייט איר ניט אין שול און גליטשט זיך דאָ?

— ניטאָ קיין לערער!—האָבן אַלע איינינעם געענטפערט.

ניעווידני האָט זיך שטאַרק אָנגעהויבן באומרויִקן.

— איז ווו זשע איז אייַער לערער?

— די פּאָליאַקן האָבן צוגענומען.

— ארעסטירט?

— עהע—האָבן זיי געענטפערט.

ניעווידני האָט זיך צוטומלט אביסל. די דאָזיקע ידיִע האָט אים שטאַרק איבערראַשט.

— איז וועגן זשע האָט מען אים ארעסטירט?

— נעכטן.

ס'איז א ווייַלע שטיל געוואָרן. דאָס, וואָס דער דאָזיקער אומ־באַקאַנטער מענטש אינטערעסירט זיך מיטן לערער, האָט ארויס־גערופן צוטרוי צו אים מיצאַד די קינדער.

— איז זאָגט־זשע,—האָט ער איבערגעריסן די שטילקייַט—ני־טשיפּאַר באַרייקאַ איז אינדערהיים צי ניט?

די שטימען פון די קינדער האָבן זיך צעטיילט. אייניקע האָבן געזאָגט יע, די אַנדערע ניט. זיי האָבן זיך אינגאַנצן צוגעלאָזן צו ניעווידנין און האָבן אים געהאַלטן פאַר א מענטשן, מיט וועלכן מען קען שמועסן פרייַ. אזוי פלעגן זיי ענטפערן לעכאַט־כילע אַלע איינינעם, אָבער אין מער שווערע פאַלן, ווו דער

ענטפער אפ דער פראגע דארפ זײַן א פּאַרזיכטיקער און א דיפּ-לאָמאטישער, פלעגט ענטפערן דער עלטסטער פון זיי—מיקיטקע הוליק. ער האָט גלײַך פאראָרדנט, מען זאָל שיקן אין דאָרפ דעם יאטל מיכאלקא קרופּיק און דערגיין, צי איז ניטישיפאר אינדער-היים. קעדיי מע זאָל זיך אופהערן קריגן, האָט זיך ארײַנגעמישט איוואן ניעווידני.

— אויב ער איז אינדערהיים, טאָ זאָג אים, ער זאָל צוגיין אהער: זאָג אים, ניעווידני וויל אים זען.

מיכאלקא האָט שוין געוואָלט לויפן, אָבער ניעווידני האָט אים אָפּגעהאלטן.

— ווארט צו א ווײַלע!.. און פּאָליאקן זײַנען פאראן אין דאָרף?—האָט ער א פרעג געטאָן די יאטלעך.

— איצט זײַנען זיי ניטאָ—האָט געענטפערט מיכאלקע—אָבער זיי שטייען דאָ נאָענט.

— איז דו, ברודערקע, גיב איבער ניטשיפארן שטילינקערהייט, אז קיינער זאָל ניט הערן.

מיכאלקע איז אוועקגעלאָפן און ניעווידני האָט אָנגעהויבן שמו-עסן מיט כעוורע.

— נו, עס איז עפּעס גוט צו לעבן בא די פּאָליאקן?

כעוורע האָבן אראָפּגעלאָזן די אויגן, ס'איז קענטיק געווען אז זיי האָבן זיך פּאָרט ניט דערוואגט זאָגן דאָס, וואָס זיי האָבן געטראכט: זיי האָבן מוירע געהאט א טאָעס האָבן. לעסאָף האָט מיקיטקע א זאָג געטאָן מיט א געוויסן אומעט אין דער שטימע:

— ניין, ניט גוט!

— פארוואָס?

— מע האָט צוגענומען אונדזער לערער, דעם ברויט, די כודאָ-בע נעמט מען צו. און ווער עס הייבט נאָר אָן א ביסל טײַנען—ניט מען קלעפּ.

— און ווי מיינט איר, פארוואָס האָט מען צוגענומען אײַער לערער?—האָט זיך פארינטערעסירט ניעווידני, כאָטש ער האָט גוט

געוווּסט די סיבע פונעם ארעסט. די קינדער איז געפעלן געוואָרן, וואָס אָט דער דאָזיקער דערוואקסענער מענטש אינטערעסירט זיך מיט זייער מיינונג.

— מע זאָגט, אז דערפאר, וואָס ער איז געווען א באָלשע־וויק — האָט ניט דרייסט אָפּגערופן זיך מיקיטקע.

— און ווי האָבן דאָס די פּאָליאקן געקענט דערוויסן זיך, אז ער איז א באָלשעוויק?

— קרוק מארטין האָט אים ארויסגעגעבן, — האָט קאטעגאָריש געמאָלדן מיקיטקע.

— און ווער איז דאָס מארטין קרוק?

— איינער א מענטש, וואָס ווינט דאָרט. בא אים האָבן די באָלשעוויקעס צוגענומען א פערד, איז פון קאָעס טרינקט ער יעדערן, וואָס איז א באָלשעוויק, — האָט דערקלערט מיקיטקע.

— איז פון וואנען זשע ווייסטו, אז אים האָט ארויסגעגעבן קרוק?

— אלע זאָגן אזוי.

דער שמועס האָט זיך איבערגעריסן: מיכאלקע איז געלאָפן. אלעמען איז געווען אינטערעסאנט צו וויסן, מיט וואָס ער וועט זיך אומקערן. און מיכאלקע האָט נאָך פונדערווײַטן געגעבן צו וויסן, אז ניטשיפאר איז אינדערהיים און אז ער אליין גייט באלד א הער. און אין דערעמעסן, אין עטלעכע מינוט ארום איז צו־געקומען ניטשיפאר א פארומעוטער און א פארדײַגעטער. זײַנע געלבלעכע ברעמען האָבן זיך צונויפגעוואקסן אפן נאָז. אפן קוק האָט מען ניטשיפארן געקענט געבן א יאָר צוואנציק מיט עפּעס. קענטיק, אז א געדאנק האָט אים עפּעס זייער שטארק באַ־ומרויִקט. זײַן פּאָנעם איז געוואָרן אביסל ליכטיקער, ווען ער איז צוגעגאנגען צו ניעווידנינ.

ניעווידני האָט א קוק געטאָן ניטשיפארן אין די אויגן.

— וואָס, ברודערקע, ס'איז ניט פריילעך?

— ס'איז מאקע ניט פריילעך, — האָט מיט א פארשולדיקטן שמייכל געענטפערט ניטשיפאר.

כעווריע זײַנען געשטאנען דערבײַ: זיי האָט זיך געוואָלט הערן, וועגן וואָס וועלן דאָ שמועסן די גרויסע. מיקיטקע, ווי אן עלטסטער האָט זיי אוועקגעטריבן גליטשן זיך און אליין האָט ער זיך אָפגעקערט.

ניעווידני און ניטשיפאר האָבן זיך געלאָזט גיין. גייענדיק האָבן זיי געשמועסט.

— דעם סעקרעטאר האָט מען ארעסטירט?

— ארעסטירט, כאָווער ניעווידני! — האָט אומעטיק געענטפערט ניטשיפאר.

— איז וואָס האָט איר דאָ געטאָן פאר אן ארבעט?

— מיר פלעגן צונויפקלײַבן פארזאמלונגען, האָבן אגיטירט קעגן די ווײַספּאָליאקן, זײַנען ארויסגעטראָטן פאר די סאָוועטן.

— און וואָס פארא רעזולטאטן זײַנען פאראן?

— מיר האָבן שוין פאראייניקט א מאן 12 כעווריע. אָבער איצט איז די ארבעט שטילער געוואָרן און די פּאָליציי האָט אָנגעהויבן שטארק קוועטשן. שפּיאָנאזש. דערצו האָט מען נאָך דעם לערער צוגענומען... די שטימונג איז געפאלן.

און א שלאכט־דרוזשינע האָט איר?

ניטשיפאר האָט זיך א ביסל צעטומלט.

— כעווריע האָבן זיך צעשאָטן ווער וווהין.

— איר האָט גארנישט ניט געטאָן. א גראָשן איז ווערט אײַער גאנצע ארבעט. — דער אפּ אויסזען שטילער און מילדער ניעווידני האָט אָנגעהויבן ריידן שטרענג און הארב: — וויאזוי האָט איר דאָס ניט אוועקגעשטעלט קיין מענטשן, וואָס זאָלן פּייק זײַן געמען אין די הענט געווער? אפּ אײַך האָט זיך אָנגעזעצט די פּאָליציי... די קינדער ריידן אָפּן וועגן דעם מאָסער מארטין קרוק. און וואָס האָט איר מיט אים געטאָן?

— און וואָס זאָל מען מיט אים טאָן?—האָט א פרעג געטאָן ניטשיפאר.

ניעווידני האָט אפ אים א קוק געטאָן מיט קאלטע אויגן.

— אָפלייגן אים אפ קאלט!—האָט ער שטרענג א זאָג געטאָן.—ביט שוינ־זשע האָפט איר, אז די פּאָליציי וועט אײַך אײַנלאדנ אפ ארבעט און וועט זאָגנ: ביטע, אגיטירט קעגנ אונדז. אײַער ארבעט טויג אפ קאפּאָרעס! באָבעס זײַט איר! אלטע דיעדעס קו־מען אליינ מיטנ אייגענעם סייכל צום געדאנק, אז מען דארפ א באוואָפנטנ אופשטאנד קעגנ די אָקופּאנטנ. זיי קלײַבנ זיך אליינ צו מענטשנ, אליינ קריגנ זיי געווער און אליינ שטעלנ זיי זיך אינדערשפּיצ פונ די פּארטיזאנער. און איר האָט זיך דערשראָקנ פאר דער פּאָליציי, פאר ארעסטנ, און האָט זיך פארוקט, ווי מײַז אונטער א בעזעם.

— הײַנט טאקע זאָל מען צונויפרופנ א פארזאמלונג.

אָבער ניטשיפארנ האָט באומרויִקט איינ געדאנק און ניט זאָגנ וועגנ דעמ ניעווידנינ האָט ער ניט געקענט.

— ערגער פאר אלצ איז אָט וואָס, כאָווער ניעווידני: אפ דער אונטערזוכונג, בעשאס מע האָט ארעסטירט דעמ סעקרעטאר אונדזערנ, האָט מען צוגענומענ א דאָקומענט—דעמ צעטל פונ די מיטגלידער פונ זאמאָסטיער אונטערערדישער אָרגאניזאציע.

נאָך קעלטער האָט ניעווידני א קוק געטאָן אפ ניטשיפארנ.

— אליינ טוט איר גאָרנישט און איר פירט נאָך אונטער אנ־דערע. איר האָט געגעבנ צו ווּיסנ וועגנ דעמ אינ זאמאָסטיע?

ניטשיפאר האָט געשוויגנ אנ אומעטיקער און א שולדיקער.

— מען דארפ געבנ צו וויסנ! אָנ קיינ שום טײַנעס מוז מענ געבנ צו וויסנ זאמאָסטיע.

— זאמאָסטיע געפינט זיך אונטער א גרויסנ כשאד בא דער פּאָליציי און דערקלײַבנ זיך אהינצו איז שווער.

ניעווידני האָט אָפּגעמאָסטנ ניטשיפארנ פונ די פיס ביזנ קאָפּ מיט א קאלטנ קוק.

— ניטאָ בא אײַך קײנ אָרגאניזאציע, ניטאָ בא אײַך קײנ ארבעט... קײנ מענטשנ האָט איר ניט... פאראנ מענטשנ, אָבער איר האָט ניט געקענט זײ אוועקשטעלנ אפ ארבעט.

ניעווידני איז אנשוויגנ געוואָרנ, וואָס האָט ניטשיפּאָר געזאָלט ריידנ?

— אָט וואָס,—האָט נאָכ א ווײַלע שווײַגנ געזאָגט ניעווידני—רופט צונויפ די פארזאמלונג אפ איבערמאָרגנ. אויב איכ וועל זיכ ניט אומקערנ, פירט דורכ די פארזאמלונג אלײנ. די אופגאבע פונ דער פארזאמלונג איז פארנאנדערוויקלענ אנ ארבעט, א לעבעדיקע, א באָלשעוויסטישע, אָרגאניזירנ דעמ פארטיזאנישנ אקטיוו. אז ניט, זײַט איר ניט קײנ קעמפער, ניט קײנ באָלשעוויקעס, נאָר א טויטער באלאסט. ניט ווארטנ, ביז די פּאָליציי וועט דערלויבנ אײַכ טראָגנ געווער—אלײנ נעמט דאָס געווער בא דער פּאָליציי. אונ ער האָט איבערגעגעבנ ניטשיפארנ א פּאק אופרופנ.

— פאנאנדערקלעפּנ אָט די דאָזיקע אופרופנ, ווו נאָר מע קענ.

ניעווידני איז אוועק. ניטשיפאר האָט געשוויגנ, האָט אימ נאָכגעקוקט.

— כאָוער ניעווידני, איכ גיי אויכ מיט דיר.

ניעווידני האָט זיכ א קער געטאָנ.

— בלײַב דאָ אונ טו דאָס, וואָס איכ האָב דיר געהייסנ.

ניעווידני איז פארשוווּנדנ אינ די קוסטעס, ניטשיפאר איז נאָכ געשטאנענ עטלעכע מינוט. אימ איז געוואָרנ פריקרע אונ מיִעס פאר זיכ.

ניטשיפאר האָט זיכ פארטראכט אונ זײַנע געדאנקענ זײַנענ אוועק שוינ אינ אנ אנדער ריכטונג.

## XXIV

אז סאוּוקע מילהונ האָט זיכ אלײנ ניט דערטראכט, מיט וואָס ער זאָל זיכ פארנעמענ, האָבנ מענטשנ פאר אימ געטראכט אונ צוגעטראכט. סאווקע איז איצטער אראָפּ פונ אויזונ, איז לעבע־

דיק געוואָרן, געוואָרן באוועגלעכער,—מיט איין וואָרט, אַן אַנ־
דער מענטש געוואָרן. און פּלענער איז בא אים אַ פולער קאָפּ.
זײַנע פּלענער גייען לויט צוויי גרונט־ליניעס: ערשטנס—ווי זאָל
מען זיך פּראַקטיש פאַרבינדן מיט די פּאַרטיזאַנער, און, צווייטנס,
ווי זאָל מען זיך פאַרסטראַכירן פון זיי אַפּ יעדן פאַל, מאַלע וואָס
עס מאַכט זיך. אַנדערש גערעדט, וואָס דאַרף מען טאָן, אַז דאָס
הײַ זאָל בלײַבן גאַנץ און די ציגן—זאַט. ווי עס איז באַוווּסט,
פירן דורך אַזאַ קלוגע פּאָליטיק אַסאַכעס אין לעבן. און סאַווקע
נעמט זיך פאַר דער אַרבעט. ניט נעמען זיך קען ער ניט: מאַ־
האַריטש האָט מען אויסגעטרונקען, אַן אופּגאָב געגומען. גרויפּן,
מעל, כאָזער האָט ער שוין אויך באַקומען. און מע האָט צוגע־
זאָגט אַפּ ווײַטער נאָך מער געבן. מע דאַרף נאָר ניט שלאָפן אין
היטל און ניט זײַן קיין שלימאַזל.

סאַווקע האָט זיך געלאָזן אין וועג, האָט אַפּ זיך אָנגעצויגן
אַן אויסזען פון אַ מילכאָמע־מענטש און איז אַזוי וואַזשנע דורכ־
געגאַנגען זיך פאַרבײַ די פענצטער פון עם ווויט און פון זײַנע
פרײַנט: זאָל מען וויסן, אַז ער פילט אויס זײַנע פאַרפליכטונגען.
און דער ווויט האָט אים דערזען פון הויף און האָט אים אויך
פילדײַטיק אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

סאַווקע גייט אין וועפּרי—פון וועפּרי וועט ער אָנהייבן זײַן
אַרבעט. באַגעגענדיק באַקאַנטע, פירט ער מיט זיי אַ שמועס
וועגן דעם אומגליק, וואָס איז אָנגעשטאַנען אַפּ דערוועלט, וועגן
דעם, ווי שווער עס איז צו לעבן אונטער דער פוילישער אָקו־
פּאַציע

— ווּהין גייסטו דאָס, סאַווקע?—פרעגט מען בא אים.

סאַווקע כמורעט אָן די ברעמען און ענטפערט בייז:

— פאַר אַ מענטשן איז איצט געבליבן איין וועג—אין וואַלד.
און ער גיט עס אַ זאָג מיט אַזאַ טאָן, אַז אַלעמען ווערט קלאָר,
אַז קיין אַנדער וועג איז טאַקע גיט געבליבן סײַדן אין וואַלד.

— אַך, אַך!—פלעגט נאָר אַ קרעכץ טאָן סאַווקעס צוהערער.

און עס איז טאקע קיין כידעש ניט: סאווקע רעדט צו דער זאך און זײַנע ווערטער נעמט מען אוף ווי א רוף צו אן אופ־שטאנד. מענטשן פילן אים מיט און אייניקע אפילע וואָרענען, אז ער זאָל זיך אָפּהיטן, ווײַל מע קען זיך לײַכט פּאקן. סאווקע מיינט אויך טאקע, אז מען דארף זײַן פּאָרזיכטיק.

סאווקע האָט ניט קיין שטרענג־אָנגעמערקטן פּלאן. ער האָט אים נאָר אָנגעוואָרפן אין סאמע אלגעמיינע שטריכן און דאָס איבעריקע—סאווקע פארלאָזט זיך פּאָשעט אף מאזל. אָט פארוואָס זײַן טעטיקײַט ווארפט זיך מער אונטער דער באגײַסטערונג איי־דער דער פּאָרויסיקער דורכגעטראכטקײַט, און ווען סאווקע איז שוין ארויס פון דאָרף, האלטנדיק די ריכטונג אף וועפרי, און אין פעלד האָט זיך זײַן בליק פארהאלטן אף דעם אלטן טאלאשס שטוב, האָט ער באשלאָסן ניט דורכלאָזן זי: עפּשער וועט ער זיך אָנשטויסן אף די שפּורן פון דעם אלטן אופשטענדלער. אין טאָג גענומען האָט סאווקע גאָרנישט קעגן דעם אלטן טאלאשן און קעגן 'ענע מענטשן, נאָך ווען ער האָט זיך אָנגענומען אכטונג געבן. ער קוקט אף זיי נאָר ווי אף א מיטל צום לעבן. ער איז גרייט אפילע מיטפילן זיי, אָבער וואָס זאָל מען טאָן, אז עס האָבן זיך געמאכט אזוינע אומגעבונגען?

מאקסים האָט זיך געטויקעט אין הויף. דער אומגליק, וואָס האָט געטראָפן דעם אלטנס שטוב און זײַן געזינד, האָט קלוימערשט אויסגעמיטן מאקסימען און ניט ארופגעלייגט אף אים זײַן שטעמפּל. 'עדנפאלס אף מאקסימס פּאָנעם האָט מען ניט געקענט באמערקן עפּעס אווינס, וואָס זאָל איידעס זאָגן, אז ער לעבט איבער פאר־דרוס און אומרו. אָבער מע קען דאָך ניט, אז דער פּאָנעם זאָל בלײַבן שטענדיק איינער און דער זעלבער. און בא מאקסימען זײַנען עפּשער געווען סיבעס, אז זײַן פּאָנעם זאָל ווערן ליכטי־קער, פריילעכער.

מאקסים האָט זיך א ביסל פארכידעשט, ווען ער האָט דערזען אפן הויף סאווקען: ער איז דאָך אזא זעלטענער גאסט בא אים

געווען. אָבער סאווקע איז ווי ניט אים מיינט מען צוגעגאנגען צו מאקסימען, האָט זיך באגריסט מיט אים.

— ביסט א יאָסעם געבליבן, ברודערקע מאקסים,—האָט אָנגעהויבן סאווקע זײַן שמועס.

— ווײַזט אויס, א יאָסעם געבליבן.

מאקסים איז געווען איבעראשט פון פלוצלונגדיקײַט און האָט ניט געפונען קיין מער טרעפלעכן ענטפער. סאווקע אָבער האָט זיך געהאלטן בא דעם טאָן, וועלכן ער האָט גענומען. ער האָט פאָרווורפיק א טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ.

— אָט איז, ברודערקע, א צײַט אָנגעשטאנען: אין קיין זאך ביסטו ניט זיכער. ביסט אפ זיך אליין קיין באלעבאָס ניט. איך קען עס באשומויפן ניט באנעמען, קיין אָרט קען איך זיך ניט געפינען.

— וואָס איז דיר?

מאקסים האָט געמיינט, אז סאווקען האָבן די פאָליאקן באאוולט.

— נו, וואָס הייסט וואָס? דו מיינסט, אז עס טוט נאָר ווי דעם, וואָס מע האָט פאר די זשאברעס גענומען? עס טוט ווי אויך יענעם, ווער עס מוז צוזען אָט דאָס אלץ. דו ווייסט דאָך שוין, וואָס עס טוט זיך. איך דארף דאָך דיר ניט דערציילן וועגן דעם.

— נו, איז וואָס זשע?—און מאקסים האָט מיט אומצוטרוי א קוק געטאָן אפ סאווקען.

— ס'הייסט, אז מע דארף ניט זיצן שטילערהיים.

— איז וואָס־זשע זיצסטו?—האָט מאקסים א פיק געטאָן סאווקען.

— איז אָט זיצט זיך מיר טאקע ניט. לײַט גייען אין וואלד. ביי איך אויך אהין.

מאקסים האָט שוין פארדעכטיק א קוק געטאָן סאווקען אין די אויגן.

— דו, ברודערקע מאקסים, קענסט ניט סאווקען, אָבער דו וועסט אינגיכן דערהערן וועגן אים,—האָט סאווקע געסטארעט זיך אָפּוועגדן מאקסימס כשאד.

— דו רעדסט אזוי, אז ס'איז שווער די'כ צו פארשטיין,—האָט באמערקט מאקסים. און אין זײַן שטים האָט זיך דאָך געפילט אומצוטרוי צו סאוּוקען. דאָס האָט דערפילט סאוּוקע אַליין אויך.

— דו ווילסט זאָגן, אז עס איז שווער צו גלויבן—האָט א פרעג געטאָן סאוּוקע און ניט ווארטנדיק אפ אן ענטפער האָט ער צו־געגעבן:

— איך וועל פּאָשעט זאָגן—איך גיי, ברודערקע, פארטיזאנע־ווען, איך וויל גיין אין קאָמפּאניע צו גוטע מענטשן. נאָר דו זאָלסט שווײַגן—קיינעם ניט א פּיפּס טאָן.

מאקסים האָט א קוק געטאָן אפּ סאוּוקען מיט ברייט־פאנאַנ־דערגעעפנטע אויגן, און סאוּוקע האָט ווײַטער גערעדט.

— אן אנדערן וואָלט איך ניט געזאָגט, נאָר דיר וועל איך זאָגן, ווײַל דײַן טאטע איז א העלד. מיט וואָס בין איך בעסער פאר דײַן טאטן? פארוואָס דארף ער דאָס זײַן א פארטיזאן און איך זאָל זיצן אינדערהיים?

מאקסים איז אומרויִק געוואָרן.

— דעם טאטן לאָזט מען ניט זיצן אינדערהיים: מע יאָגט זיך נאָך אים און ער מוז זיך באהאלטן, וואָרעם אין אסטראָג זיצן האָט קיינער קיין כיישעק ניט.

— אויב פאר א רעכטער זאך איז אין אסטראָג אויך ניט שרעקלעך זיצן. אָבער דו זאָג מיר—מיר מעגסטו זאָגן דעם עמעס,— וווּהין זאָל איך זיך לאָזן גיין, אז איך זאָל קענען זען דײַן טאטן? און אויב ניט אים, איז מארטין רילן אָדער וועמען ניט איז פון זיי?

— פון וואנען קען איך דאָס וויסן? דער טאטע איז שוין לאנג אינדערהיים ניט געווען. זינט ער האָט זיך דעמלט ארויס־געריסן פון די פּאָליאקן, ווײַזט ער זיך מער ניט. ווו ער איז און וואָס מיט אים טוט זיך—ווייס איך ניט.

— עפשער איז טאקע בעסער, וואָס דו ווייסט ניט,—האָט בא־מערקט סאוּוקע:—מע קען דען איצטער גלויבן עמעצן... נו, אָבער

דער, וואָס וויל זיך עפּעס דערשלאָגן, ווערט זיך דערשלאָגן. נו זײַ מיר געזונט, מאַקסים!

— זײַ געזונט!

סאַווקע האָט פּעסט אַ דריק געטאָן מאַקסימס האַנט.

מאַקסים איז אַ היפּשע צײַט געשטאַנען, האָט געקוקט, ווי סאַווקע איז אַרויס פון דאָרף און האָט זיך פאַרקערעוועט מיטן וועג קײַן וועפּרי, האָט נאָכגעקוקט, ביז וואַנען ער איז אינגאַנצן פאַרשווּנדן פון די אויגן און האָט אַלץ געטראַכט וועגן דעם דאָזיקן מאָדנעם וויזיט פון אַזאַ ניט זיכערן מענטשן, ווי סאַווקע מילהון. נאָכן פאַרברענגען מיט סאַווקען, האָט מאַקסים זיך אַלײן געטראַכט: אַ פלוידערזאַק... פון אים קען מען זיך ריכטן אויף אַלץ.

און דאַך האָט מאַקסים ניט געקענט באַרויִקן זיך אויף אָט דעם דאָזיקן געדאַנק. סאַווקעס ווערטער און זײַן קאַוואָנע גײַן אין די פּאַרטיזאַנער האָבן זיך בעשומויפן ניט פאַטויפעט מאַקסימען אין קאָפּ—צי איז דאָ ניט געווען עפּעס אַ מין קונץ? צי האָט מען אים ניט צוגעשיקט אויספרעגן וועגן דעם אַלטן טאַלאַשן? דעם עמעס זאָגנדיק, האָט מאַקסים טאַקע גאָרנישט ניט געוווּסט וועגן דעם טאַטן און וועגן פּאַנאַסן. פון דעמלט אָן, זינט ער האָט געגעבטיקט אײַנײַנעם מיט מאַרטין רילן, איז דער אַלטער מער אינדערהײם ניט געווען.

אַ נײַע אומגעבונג האָט צעקלאַפּט מאַקסימס ראַיאָנעם און ספּײַקעס, וואָס זײַנען אַרויסגערופן געוואָרן דורך סאַווקען.

עס איז געקומען אַליענע. זי איז געווען אין דאָרף. ניט אַרײַנגעגאַנגען אין שטוב, איז אַליענע צוגעגאַנגען צו מאַקסימען.

— מאַקסים, ווייסט, וואָס איז פאָרגעקומען אין האַנוסי?

לויטן טאָן פון אַליענעס פרעגן האָט מאַקסים דערפילט, אַז עס איז פאָרגעקומען זייער אַן אינטערעסאַנטע זאַך.

— ניין. איך ווייס ניט, איך האָב ניט געהערט,—האָט געענטפערט מאַקסים און האָט אַביסל אומרויִק אַרײַנגעקוקט אַליענען אין די אויגן.

— אין דאָרף דערציילט מען, אז אונטער האנוסי האָבן די אופשטענדלער־פּויערים אפּ ברעקלעך צעקלאפּט די פּאָליאקן, האָבן אָפּגענומען דאָס אָנגעראבעוועטע גוטס און פּי און זיי אליין האָט מען אומגעבראכט ביז איינעם.

— אָט דאָס איז גוט, אויב ס'איז אן עמעס! —האָט זיך אָפּגע־רופן מאקסים און אין די אויגן בא אים האָט זיך באוויזן פריידון באפרידיקונג.

— דאָס איז עמעס, מאקסים, מענטשן פון האנוסי האָבן אליין וועגן דעם דערציילט. און דו ווייסט, וואָס דערציילט מען נאָך? אז מיט די אופשטענדלער האָט געקאָמאנדעוועט אן אלטער. שוין גאָר א גרויער מאן, אז דאָרטן זײַנען געווען אונדזערע סאָלדאטן און אָט דער אלטער מאן, איז וועדליק מע דערציילט, זייער ענ־לעך אפּ אונדזער טאטן.

— נו, וואָס רעדסטו!? —האָט זיך פארוואונדערט מאקסים.

— עמעס, עמעס, מאקסים!

— ניין, דאָס מוז זײַן א ליגן.

— ניט קיין ליגן, אָט דאָס דערציילן לײַט, —האָט אלץ געטײַ־נעט אליענע: און ניט נאָר איך אליין מיין אזוי, נאָר אסאך מײַ־נען עס.

— נו, ווען האָט ער דאָס באוויזן צונויפקלײַבן אן אוילעם און פארקריכן אזש אין האנוסי?

אליענע האָט ניט געקענט דערקלערן, ווי האָט עס געקאָנט טרעפן. אָבער זי איז געווען פעסט איבערצײַגט אין דעם, אז אין די האנוסער געשעענישן האָט גענומען אן אָנטייל אויך דער אלטער טאלאש. איר זיכערקײַט איז געווען אזא פעסטע, אז זי האָט זיך איבערגעגעבן ענדלעך מאקסימען אויך. אין צוזאמען־האנג מיט דעם האָט ער זיך דערמאָנט אפּ סאווקע מילהון. סאווו־קעס ווערטער, זײַן אופירונג און קאוואָנע האָבן זיך איצט פאר אים פאָרגעשטעלט אין אן אנדער שײַן: ס'איז גאָר פּאָשעט. סאווקע האָט דערהערט וועגן דער העלדישקײַט פון די פארטיזא־

נער, און זייערע מײַסים האָבן אים באַגײַסטערט צו גיין שלאָגן
זיך. ס'איז גאָר קיין כידעש ניט, וואָס בא אזא אומגעבונג האָט
זיך סאַווקען טאַקע בעעמעס פאַרוואָלט ווערן א פּאַרטיזאַן. אָבער
פאַרוואָס האָט עפּעס סאַווקע גאָרנישט ניט דערציילט וועגן די
געשעענישן אין האַנוסיי? ווײַזט אויס, אז ער האָט עס מיט אַקיוון
ניט געזאָגט וועגן דעם, קעדיי ניט פאַרמינערן זײַן שלאַכט־קאַ־
וואָנע. די דאָזיקע האַשאָרעס האָבן זיך מאַקסימען אויסגעוויזן
פאַר גאַנץ נאַטירלעכע. ער האָט זיך געטיילט מיט אַליענען און
האָט איר דערציילט וועגן זײַן באַגעגעניש און דעם שמועס מיט
סאַווקען. אַליענע האָט זיך אײַנגעאַנצן פאַרייניקט צו מאַקסימס מיי־
נונג וועגן סאַווקעס פּאַרטיזאַנערײַ. אָפּ אזא אויפן זײַנען איצט
צעשטרייט געוואָרן אַלע ניט קלאָרקײַטן און ספּייקעס, וועלכע
סאַווקע האָט געבראַכט.
די נײַעס וועגן די געשעענישן אין האַנוסיי האָבן זיך איבער־
געגעבן פון שטוב צו שטוב און האָבן טיף פאַרכאַפּט און אָופּ־
גערודערט אַלעמען. וועגן דעם האָט מען אומעטום גערעדט און
די פאַרשיידענע האַשאָרעס און אויסטראַכטענישן אַרום די דאָזיקע
געשעענישן האָבן זיך געפּלאָכטן אין א גאַנץ לעבעדיקן קראַנץ פון
מענטשלעכער נויט, בלוט און העלדישקײַט. דאָס אַנטוואָפּענען
דעם פּוילישן קאָנוואָי, דאָס אַרעסטירן פּאַנאַסן, דאָס וואָס דער
אַלטער טאַלאַש איז פאַרשוווּנדן געוואָרן, די שרעקלעכע מײַסים
פון די פּאָליאַקן אין וועפּרי, דאָס אַלץ איז אָפּגעגאַנגען אָפּ א
צווייטן פּלאַן. אָפּן פּאָדערשטן פּלאַן האָבן זיך אַרויסגערוקט די
האַנוסער געשעענישן. מע האָט צו דעם צוגעטראַכט פאַרשיידענע
עפּיזאָדן, דעטאַלן און אַזוינע זאַכן, וואָס זײַנען אינדערעמעסן
ניט געווען, אָבער וועלכע האָבן געקאָנט זײַן. די האַנוסער גע־
שעענישן האָבן באַקומען א כאַראַקטער פון א העראָאישער פאָלקס־
מײַסע, ווו די פּאַרטיזאַנער טרעטן אַרויס אַלס גיבוירים, און
זייער אַטאַמאַן ווערט פאָרגעשטעלט אַלס פאָלקס־העלד, אַלס די
האַנט פון דער שטראָפנדיקער גערעכטיקײַט און נעקאָמע פאַר די

מענטשלעכע אוולעס און יִסורים. אָט די דאָזיקע געשעעניש האָבן אופגעהויבן דעם גײַסט פונעם האָרעפּאַשנעם פויערטום און האָבן אים גערופן צום אקטיוון קאמף קעגן די אָקופּאַנטן.

בלויז די אַלטע נאַסטע האָט אף איר אייגענעם אויפן אופגענומען אָט די דאָזיקע יעדיִע וועגן די געשעענישן אין האַנוס, איר האָט איבערהויפּט באַומרויִקט דאָס, וואָס אין די דאָזיקע געשעענישן האָט געקענט נעמען אַן אָנטייל אויך דער אַלטער טאַלאַש. צי ער איז טאַקע דאָרטן געווען צי ניט, האָט קיינער אף זיכער ניט געוווּסט. אָבער לײַט האָבן אָנגערופן זײַן נאָמען. קענענדיק גוט דעם כאַראַקטער פון איר אַלטן, איז די אַלטע נאַסטע ברייט געווען גלויבן, אַז ער איז דאָרטן יאָ געווען און אָט דאָס טאַקע האָט איר זייער ווייניק געטרייסט. וואָס זשע וועט זײַן מיט פאַנאַסן? וואָס זשע וועט זײַן מיט זייער שטוב? ס'איז ניט רויִק געווען דאָס האַרץ בײַ דער אַלטער נאַסטע.

אינאָוונט, ווען ס'איז שוין גוט פינצטער געווען, איז די אַלטע נאַסטע געזעסן איינע אַליין אין שטוב. אָנגעצונדן אַ גאַזע־לעמפּל און געשפּונען דאָס פלאַקס, וואָס אוהיניִע האָט איר געבראַכט. אומעטיקע געדאַנקען, און אַזעלכע אייגנאַרטיקע און לאַנגע, ווי אָט די לאַנגע פעדים, וואָס זי האָט אָנגעדרייט אפן שפּינדל, האָבן זיך געפלאָכטן איבער איר אַלטן קאָפּ. די אַלטע נאַסטע פילט זיך אײַנגאַנצן איינזאַם. מאַקסים און אַליענע — די אַלטע נאַסטע האָט ניט געקענט אף זיי פאַריבל האָבן — פלעגן דאָסראָוו ריידן אַלץ צווישן זיך. זיי זײַנען יונגע. דאָס גאַנצע לעבן איז נאָך פאַר זיי. זיי זײַנען זאַלבענאַנד. די אַלטע נאַסטע אָבער איז גאָר איינע אַליין. זי טראַכט וועגן פאַנאַסן און טרערן, ווי האַרבסטיקע רעגן־טראָפּנס איבער קאַלטע שויבן, קײַקלען זיך פּאַוואָליע איבער איר צעקנייטשטן פּאָנעם.

די טיר פון דער אַלטערס שטוב האָט שטיל אַ סקריפּע געטאָן.

די אַלטע נאַסטע האָט אַ קוק געטאָן — דעם שוועל האָט איבערגעטראָטן אַ יונגע פרוי. זי איז געווען אַזוי אַרומגעוויקלט, אַז

מע האָט ניט געקענט זען איר פּאָנעם. און בלויז דאַן, ווען זי האָט א זאָג געטאָן:

— א גוטנאָוונט. — האָט די אלטע נאָכן נאָכן קאָל נאָך דערקענט אוהיניען.

— א, דאָס ביסטו, אוהינקע!.. און איך האָב נאָך דאָס פלאקס ניט דערשפּינט.

— כאַפּט עס דער טײַוול, דאָס פלאקס!

אוהיניע איז צוגעגאנגען גאָר נאָענט צו דער אלטער נאסטען. די שטים אירע פלעגט זיך איבעררײַסן. אליין איז זי געווען אויפגערעגט.

ס'איז א צאָרע, באָבינקע! — האָט זי מיט א פארשטיקטער שטים געזאָגט. — איך בין אײַך געקומען וואָרענען.

זי האָט דערציילט וועגן סאיוקע מילהי׳ן און וועגן דער ראָל, וואָס עס האָט אים געגעבן דער וויט און זײַנע צוויי גוטע ברידער.

— איז וואָס טוט מען איצטער? — האָט פארבראָכן די הענט ד' אלטע נאסטע.

— מע דארף אָנזאָגן אײַער אלטן און יענע, וועלכע זײַנען מיט אים. שרעק זיך ניט באָבינקע!

אוהיניע האָט דורכגעטראכט אלע מיטלען און האָט דערקלערט דער אלטער נאסטען. מע דארף אָנזאָגן אין וועפּרי מארטינ רילס ווײַב. מע דארף ווי עס איז אָנזאָגן דעם אלטן טאלאשן אָדער עמעצן פון זײַנע כאוויירים. דאָס קאָן מען אָנטרויען אליינען אָדער מאקסימען. אין לעצטן פאל קען דאָס די אלטע נאסטע אויך טאָן. מוירע האָבן איז ניטאָ פארוואָס: סאווקע וועט קיין גרויסן אומגליק ניט אָנמאכן, אויב מע וועט וויסן, וואָס ער איז פארא פארטיזאן.

— אָבער, באָבינקע, גאָט באהיט, זאָגט קיינעם ניט, אז איך האָב דאָס אײַך איבערגעגעבן.

אוהיניע איז ארויס פונעם אלטן טאלאשס שטוב פונק אזוי שטיל, ווי זי איז געקומען.

# XXV

אין טויזנטער וועגן און אין פאַרשיידענע ריכטונגען לויפט
פרילינג־צייַט דאָס שניי־וואַסער. וויפל וועגן און ווי פאַרשיידנ־
ארטיק זיי זייַנען אין זייער באַוועגונג און אין זייער שטרעבונג.

עס איז דאָ עפּעס אַ צוציִענדיקער צויבער, פּאָעזיע און שיינ־
קייַט אין אָט די דאָזיקע ריטשקעלעך, וואָס לייגן דורך די וועגן
דעם פרילינג און דעם באַנייַטן לעבן אף דער ערד, אין זייער
פאַרהאַוועטן לויפן, אינעם האַרציקן בולקען, אינעם פריילעכן
פּלאַפּלען און אינעם גרויזאַמען רוישן. קליינינקע, שוואַכינקע, קוים
באַמערקבאַרע פון אָנהייב שטראָמען זיי, ווי טרערן איבערן פּאָ־
נעם פון דער ערד אין דינינקע געשלענגלטע ריטשקעלעך, ווערנ־
דיק שטאַרקער מיט יעדער שאָ, מיט יעדן טראָט פון באַוועגן
זיך פאָרויס. און וויפל צאַמען, וויפל אומגעריכטקייַטן זייַנען
באַ זיי אפן וועג. יעדער קופּע אייַז, ערד־בערגל, יעדער סטאַר־
טשענדיקער אָרט, בערגעלע שאַפט זיי אפן וועג שטערונגען
און שוועריקייַטן אין זייער שטרעבנדיקער באַוועגונג, אָבער זיי
לויפן נאָכאַנאַנד אָן אַ אופהער, ווי שנעלער און ווי פּאַמעלעכער
אויסמייַדנדיק די שטערונגען אָדער פּאָשעט באַזייַטיקנדיק זיי פון
זייער וועג. זיי לויפן, ביז זיי גיסן זיך נים צונויפ אין רוישיקע
שטראָמען, ביז זיי רייניקן נים אָפּ די ערד פון די שנייען, קעדיי
מיט אַ מעכטיקער וואַסער־שעפּע דורכלייגן אַ ברייטן וועג פאַר
איר נייַעם לעבן.

מיט טויזנטער וועגן און אין פאַרשיידענע ריכטונגען גייען אויך
מענטשן זוכנדיק זיך ראַכוועס, פרייַהייַט און דאָס אַלץ, וואָס זיי
רופן אָן פרייד און גליק.

בעשאָלעם האָט זיך דער זיידע מאַלאַש אומגעקערט קיין ווי־
סאָקאַיאַ רודניאַ מיט דעם טייל פון זייַנע פּאַרטיזאַנער און מיט
די רויטאַרמייער אינדערשפּיץ מיט בוקרייען.

דער דאָזיקער מאַרש האָט באַשייַמפּערלעך באַוויזן די אופגע־

שטאנענע פויערים, אז זייער קראפט איז אינ א שטארקנ קאָלעקטיוו, אינ אָרגאניזירטקײַט, אינ שטרענגער דיסציפּלינ. דער געלונגענער מארש האָט נאָכ מער אופגעהויבנ דעם שלאכט־גײַסט פונ די פּארטיזאנער, האָט פאר זיי פאנאנדערגעוויקלט ברייטע פּערספּעקטיוונ פונ קאמפ פאר זייער פרײַהײַט, פאר זייערע רעכט צו לעבנ אומאָפּהענגיק פונ די פּאנעס. אונ דאָס אלצ צוזאמענגענומענ האָט גערעדט פאר פארברייטערנ, פאר נאָכ מער אנטוויקלענ די זאכ, וואָס עס האָט אָנגעהויבנ בוקרייס מארש צוזאמענ מיט די פּארטיזאנער. ניט קיינ קליינע באדײַטונג האָט דאָ אויכ געהאט דאָס אווטאָריטעטע וואָרט פונ בוקרייענ אליינ.

פּאו־ענריקנדיק דעם מארש, איידער פאנאנדערגיינ זיכ, האָט בוקריי צונויפגערופנ אינ וואלד אפנ פּריוואל אנ אלגעמיינע פארזאמלונג פונ די, וואָס האָבנ אָנטיילגענומענ אינעם גאנצנ מארש. ער האָט הייס באגריסט די פּארטיזאנער אונ איבערהויפּט דעם אלטנ טאלאשנ מיט זײַנ ערשטנ שלאכט אונ האָט זיכ געווענדעט צו זיי מיט אנ אופרופ: ניט פארלאָזנ דעם אזוי געלונגענאָגעהויבענעם קאמפ קעגנ די אָקופּאנטנ—די באנדיטנ.

— כאוויירים,—האָט ער געזאָגט:—איצט זעט איר אליינ, אז אײַער קראפט—דאָס איז אייניקײַט, שטרענגע אָרדענונג, דיסציפּלינ אונ כאווערישע ארבעט צוזאמענ מיט דער רויטער ארמיי. אונדזער מארש—דאָס איז א קליינינקײַט אינ דער ריי פונ די מיליטערישע מײַסים, וועלכע ס׳וועט אויסקומענ אונדז דורכמאכנ אינ דער נאָענטסטער צײַט.

דאָכ וועט זיכ אויכ, אָט די קליינינקײַט, אָפּרופנ מיט ניט קיינ קליינעם עכאָ צווישנ אונדזערע סאָנים. אָט פארוואָס איכ וויל אײַכ וואָרענענ, אז דער סוינע וועט אָנשפּיצנ די אויערנ אונ וועט ווערנ נאָכ בלוטיקער, קעדיי אויסוואָרצלענ דעם גײַסט פונ אופשטאנד אונ ניט־געהאָרכזאמקײַט. אונ אײַער כויוו איז, כאוויירים,—פארברייטערנ, אנטוויקלענ דעם אופשטאנד, צונויפקלײַבנ אוילעם פאריינינקנ אימ אינ שלאכט־גרופּעס, אינ א גאנצנ כאיל אונ שטײַפ

האלטן זיך פאר דער רויטער ארמיי. זי וועט אײַך געבן מיליטע־רישע געניטקײַט, זי וועט געבן אָנפירער. קאָמאנדירן וועלן זיך געפינען אויך צווישן אײַך, כאוויירים. דער בעסטער בײַשפּיל איז אונדזער רומפולער אטאמאן און באטקע טאלאש.

אָבער, כאוויירים, נעמט ניט צו אבי וועמען אין אײַערע רייען: אונטערן אויסזען פון אײַערע אָנהעניגער וועלן צו אײַך צושטייג אויך אײַערע סאָנים און פּראָוואָקאטערן. איז זײַט זשע פאָרזיכטיק און פארגעסט ניט וועגן דעם.

עטלעכע ווערטער האָט אויך געזאָגט דער אלטער טאלאש. ער האָט אָפּגעדאנקט בוקרייען און די רויטארמייער פאר דער הילף און גוטע אייצעס. צוזאמען האָט מען דאָ אָנגעמערקט אויך איי־ניקע פּרינציפּן פון אָרגאניזאציאָנעלן כאראקטער אין דער פּאר־טיזאנישער באוועגונג. עס זײַנען באשטימט געוואָרן נאטשאלני־קעס פון די פּארטיזאנישע גרופּעס און עס איז אויסגעקליבן געוואָרן אַן אָרט אַף קלײַבן זיך (דאָס אָרט האָט געדארפט בלײַבן אין א שטרענגן סעקרעט), עס זײַנען אויך אויסגעארבעט געוואָרן פאָרמען פון פארבינדונג און עס איז באשטימט געוואָרן די שאַ, ווען די נאטשאלניקעס פון די פּארטיזאנישע גרופּעס האָבן געדארפט קומען צו אָפּגעבן אינפאָרמאציעס וועגן דעם, וואָס הערט זיך, און וועגן די ווײַטערדיקע פּלענער פון דער פּארטיזאנישער באוועגונג.

דער אלטער טאלאש איז איצט פאָשעט א גליקלעכער מענטש, אויב עס זײַנען נאָך ביכלאל פאראן גליקלעכע מענטשן אַף דער וועלט. אלע זײַנע ווונטשן זײַנען פארווירקלעכט געוואָרן. ער האָט זיך נויקעם געווען אין די ווײַספּאָליאקן פאר זײַן אייגענער קריוודע און פאר דעם, וואָס זיי האָבן געקריוודעט אויך אנדערע. אָבער דאָס איז אַגעוו אורכע, ער האָט אַן עמעסע מיליטערישע ביקס און אכוץ דעם איז דאָס גאנצע געווער, וואָס איז אָפּגענו־מען געוואָרן בא די פּאָליאקן און האָט זיך געפונען בא די רויט־ארמייער און פּארטיזאנער, ארײַן אין זײַן רעשוס—אזוי האָט מען

באשטימט אפ דער מיליטערישער פארזאמלונג. ער האָט געפונען זײַן זון און זײַן זון איז מיט אים אפ דער פרײַ. אדאנק נופרייס זאָרגזאמער אופזיכט קען פאנאס ניט נאָר אומגיין, נאָר אויך ארומלויפן. ענדלעך, דער אלטער טאלאש איז א פארטיזאנישער קאָמאנדיר. עמעס, זײַן כאָיף וועט זיך נאָך פארגרעסערן און באַדײַטנדיק פארגרעסערן—צוליב דעם זײַנען שוין געוויסע מיטלען אָנגענומען געוואָרן. די רויטע קאָמאנדירן האָבן אים צוגענומען אין זייער געזינד טאקע ווי א קאָמאנדיר און ווי אן אייגענעם מענטשן. איז דאָס דען ניט קיין קאָווער פארן אלטן טאלאשן? אָבער דעם אלטנס קאָפּ ווייס א מאָס און גייט ניט אריבער דעם גרענעץ, פון וועלכן דער קאָפּ פארדרייט זיך. ער קוקט ניכטער אפ די זאכן, אין אָט דעם קאָפּ לעבן איצט איבערהויפּט עכט־מיליטערישע און קאָמאנדירישע געדאנקען. ער טראכט וועגן דעם, ווי וועט זיך אנטוויקלען ווײַטער דער גאנג פון די געשעענישן: באלד איז שוין פרילינג און פרילינג-צײַט וועלן זיך אָנהייבן אזעלכע זאכן, אז מען דארף זײַן גרייט צו אלץ. אין דעם אלטנס קאָפּ איז אויך פאראן אן אָרט פאר בעדאנקען וועגן דער היים, וועגן דער אלטער נאסטען, וועגן מאקסימען און וועגן דער באלעבאטישקײַט. די אלטע נאסטע דײַגעט שטארק וועגן פאנאסן און איז אויך זייער אומרויִק וועגן אים, טאלאשן, און זי ווייס ניט, אז פאנאס האָט זיך ארויסגעריסן פון טורמע און אז ער איז צוזאמען מיטן טאטן. אָט די געדאנקען פירן דעם אלטן טאלאשן צו זיך אהיים.

נאָך עטלעכע לינדע ווארעמערע טעג האָט פון צאָפן א בלאָז געטאָן א ווינט, האָט פאנאנדערגעטריבן די נידעריקע וואָלקנס און איז שטיל געוואָרן. דער הימל איז קלאָר געוואָרן, האָט זיך אָנגעטאָן אין א גרינעם קאלטן קאָליר און אפ פּאָלעסיע האָט זיך ווידער א רוק געגעבן שטארקע פרעסט.

דורך געהײַמע סטעזשקעס און ווענעלעך און אין אנדערע ער־טער אָן קיין שום וועגן קלײַבט זיך דער אלטער טאלאש דורך

צו זיך אין דאָרף. ער ווייס ניט דער אַלטער, אַז ער איז אַ באַ־רימטע פּערזענלעכקייט ניט נאָר צווישן די פּאַרטיזאַנער און מי־ליטער־לײַט, נאָר אויך צווישן זײַנע שטאַרקסטע סאָנים, אַז נאָך אים שפּירט נאָך מיט אַ באַזונדער אויפמערקזאַמקייט און וואַכ־זאַמקייט די פּוילישע קאָנטר־ראַזוועדקע און די פּאָליציי. נאָך דעם, ווי מע האָט פאַרכאַפּט די פּוילישע אָפיצערן און די סאָלדאַטן אין ווירקוטיע און נאָך די האַנוסער גע־שעענישן האָבן די פּאָליאַקן אָנגענומען אַ רײ שטרענגע מיט־לען, וועלכע זײַנען געווענדעט אויף כאַפּן אַזוינע געפערלעכע מענטשן, ווי דער אַלטער טאַלאַש און מאַרטין ריל און זײַנע כאַווײרים. דער אַלטער טאַלאַש און מאַרטין ריל זײַנען פאַרע־גיסטרירט געוואָרן אין אַ באַזונדער צעטל, ווו עס זײַנען געווען איבערגערעכנט אַלע סימאָנים, לויט וועלכע מע קאָן זיי דער־קענען.

כאָטש דער אַלטער טאַלאַש האָט ניט געוווּסט וועגן אַזוינע שטרענגקייטן, אָבער פילנדיק זײַנע זינד, וואָס ער האָט קעגן די אָקופּאַנטן, איז ער אויך געווען אויף דער וואַך, האָט זיך אויך גוט צו אַלץ צוגעהערט. אַזוי, צ. ב., האָט ער זיך ניט דערוואַגט נעמען מיט זיך די „עמעסע" ביקס, כאָטש אים איז שווער געווען צו צעשיידן זיך מיט איר: וועסט זיך פּאַקן מיטן ביקס, ביסטו שוין אַן אײביקער פאַרפאַלענער. אָט די פּאָרזיכטיקייט און דאָס גוט קאָנען פּאָלעסיע האָבן געהאָלפן דעם אַלטן בעשאָלעם דערקלײַבן זיך אַהיים. שוין אין האַלבער נאַכט גייט דער אַלטער אַרײַן צו זיך אין שטוב.

אַז די אַלטע נאַסטע האָט דערזען דעם אַלטן טאַלאַשן און דערוויסט זיך וועגן פּאַנאַסן, איז איר פרייד געווען אומגעהויער גרויס, אָבער זי האָט זיך אויך געשראָקן: ס'איז אַ צײַט אַזאַ, אַז יעדער שאָ, יעדער מינוט קען זיך טרעפן, אַן אומגליק מיטן אַלטן און מיט פּאַנאַסן. די אַלטע נאַסטע טרייסלט זיך אַזש. וואָס קען זי דערציילן דעם אַלטן טאַלאַשן, אַז ער איז שוין אַזוי ווײַט פאַר־

גאנגענ אינ זײַנע מײַסים קעגנ די פּאָליאקנ? אײנס קענ זי נאָר זאָגנ: ער זאָל זיך מער אהער ניט װײַזנ, ניט שפּילנ זיך מיט פײַער, ביז װאנענ דאָס לעבנ װעט זיך ניט א קער טאָנ אינ אנדער זײַט—אהײמ זײַנענ פאר אימ אלע װעגנ געשלאָסנ.

שװײַגנדיק אונ מיט גרויס אופמערקזאמקײַט הערט זיך צו דער אלטער טאלאש צו די נײַס, װאָס עס דערצײלנ אימ די אלטע נאסטע אונ מאקסימ. אונ איבערהויפּט האָט דעמ אלטנ טאלאש אינטערעסירט די יעדיִע װעגנ סאװוקענ אונ װעגנ זײַנ פאלשער פּארטיזאנישקײַט אונ װעגנ דער ראָל, װאָס עס האָבנ דאָ געשפּילט װאסיל בוסיגא אונ זײַנ כאװרײַע. דער אלטער טאלאש שװײַגט. זײַנ גאנצער צאָרנ טראָגט זיך איבער אפנ װויט אונ זײַנע כאװײרימ.

— זע נאָר, סארא ספּריטנע זיי זײַנענ!—גיט ענדלעך א זאָג דער אלטער טאלאש.

— נו, גוט.

אינ אָט דעמ דאָזיקנ... „נו, גוט" פילט זיך א דראָונג. דער אלטער טאלאש װײס נאָך אלײנ ניט, אפ װאָס פאר אנ אויפנ װעט ער זיך אָפּרעכענענ מיטנ װויט, אָבער ער װעט דאָס אזוי ניט לאָזנ.

דער אלטער טאלאש האָט שטארק געטראכט װעגנ אלצ, װאָס ער האָט זיך דאָ דערװוסט, אונ דערנאָך געזאָגט אנטשײדנ אונ פּעסט:

— איז אָט װאָס, מײַנע טײַערינקע, הערט נאָר, װאָס איך װעל אײַך זאָגנ.

ס'האָט זיך גלײַך דערפילט, אז דער אלטער קלײַבט זיך זאָגנ עפּעס זײער א װיכטיקע זאך.

— איר אלע דארפט אװעקגײנ פונ שטוב,—האָט קאטעגאָריש געמאָלדנ דער אלטער טאלאש,—יע, איר דארפט אװעקגײנ.

דעמ אלטנס מעלדונג איז געװענ אזא אומגעריכטע, אז קײנער האָט זיך ניט געכאפּט װאָס צו ענטפערנ. אונ דער אלטער האָט מיטנ זעלבנ טאָנ פאָרגעזעצט.

— אָפּזאָגן זיך פון דער באַלעבאַטישקײַט—זי איז בא אונדז ניט זייער קיין גרויסע. פארקלאפּן די שטוב, ווײַל אויב איר וועט דאָ זײַן, וועלן די פּאָליאקן סײַ־ווי־סײַ אונטערצינדן זי און איר וועט האָבן דעם עמעסן פעקל צאָרעס און שרעק.

— איז ווּ זשע וועלן מיר זיך אהינטאָן, וואָס רעדסטו, אַל־טער?—האָט מיט שרעק א פרעג געטאָן די אַלטע נאסטע.

— דו, אַלטע, קלײַב זיך אריבער אין מאקושי צו טעקליען,—האָט פעסט געענטפערט דער אַלטער טאַלאש—אַליעניע וועט זײַן בא אירע עלטערן און דו, מאקסים, האָסט ניט וואָס צו פילנעווען די ווײַב. אויב סאווקע איז אוועק פאר א פארטיזאן, דארפסטו אויך גיין אהין, אָבער ניט אזוי, ווי סאווקע טוט. קאָלזמאן איר וועט דאָ זײַן און יעדן טאָג טרייסלען זיך פאר שרעק, וועט מיך און פּאַ־נאסן אויך ציִען אהיים און אז מע וועט אונדז דאָ ווען עס אין פאקן, וועט שוין אונדז קיין צאָרעס ניט אָפּגיין.

די עמעסע שטיקל ארבעט האָט ער זיי אופגעגעבן, דער אַל־טער טאַלאש. האָט מען געטראכט און געטראכט און קיין אנ־דער אויסוועג פון דער לאגע האָט מען ניט געפונען. מע האָט געמוזט אײַנגיין. די שטוב, אז מע וועט זי לאָזן, וועט זי גאנץ זײַן... און טאקע דער אַלטער רעדט צו דער זאך.

אוועקגייענדיק פארטאָג פון שטוב, האָט דער אַלטער פריילעך געזאָגט:

— און מיקויעך סאווקען בין איך זייער צופרידן פון דער נײַס. מיר וועלן מיט אים אביסל א שמועס טאָן. זוכט אים ער־געץ אויס און זאָגט אים: זאָל ער גיין אין קארנאטשי און פרעגן זיך דאָרטן טימאָך בודזיקן. דאָס איז אן אונדזעריקער זיכערער מענטש. טימאָך וועט אים באווײַזן דעם וועג צו אונדז.

ביז די זון האָט אָנגעהויבן אופגיין, איז דער אַלטער טאַלאש דורכגעגאנגען א קילאָמעטער פינף. אין וואַלד איז געווען פײַער־לעך שטיל. דער פראָסט האָט נאָך הילכיק געטרעשטשעט אין די צווײַגן פון די אַלטע ביימער און עס האָט הילכיק געסקריפּעט

דער טרוקענער שניי אונטער דעם אַלטנס פיס. די סאַמע געפּער־
לעכסטע ערטער, ווי עס האָט געדוכט דעם אַלטן, איז ער שוין
דורכגעגאַנגען, און ער איז זיך געגאַנגען פּאַוואָליע און רויִק,
אָפּגעבנדיק זיך איינגאַנצן זײַנע געדאַנקען. געטראַכט האָט ער
וועגן סאַוועקע מילהון, וועגן וואַסיל בוסיגאַ. דערנאָך האָט ער
געטראַכט וועגן זײַן שטוב, וועלכע וועט אין עטלעכע טעג אַרום
בלײַבן אַ פּוסטע אָן באַלעבאַטים. וואָס וועלן דאָס לײַט זאָגן,
ווי וועלן זיי דאָס אויפנעמען די ייִדיִע וועגן דעם, אַז טאַלאַש
און זײַן געזינד האָבן געוואָרפן די שטוב? דעם אַלטן האָט זיך
געדוכט, אַז די דאָזיקע ייִדיִע וועט אויפרודערן אַלעמען און ער
איז נאָך זיכערער געוואָרן אין דער ריכטיקײַט פון זײַן טאַט. און עס
וועט טאַקע רויִקער זײַן אים און פאַנאַסן און זיי אַלעמען. מ ט
אַזעלכע ראַיינעס איז דער אַלטער טאַלאַש צוגעגאַנגען צו ו־
כאָפּאָליע, ווו ער האָט, וואַרטנדיק אויף פאַנאַסן, באַגעגנט זיך מיט
מאַרטין רילן. אָט איז אויך דער שײַנער אַלטער פעסטער דע״ב.
ער שטייט זיך מיטן זעלבן שטיק שניי־קויל פאַרקוועטשט צווישן
די צווײַגן פונקט אַזאַ פעסטער און פאַרצווײַגטער, ווי פריִער,
בלויז דער פראָסט, באַפּוצנדיק אים מיט פראָסט־ווײַס, האָט אים
נאָך פײַנער געמאַכט.

דער אַלטער טאַלאַש האָט זיך פאַרקוקט אויפן דעמב און פלוצ־
לונג זײַנען ווי פון דער ערד אַרויסגעשפּרונגען דרײַ לעגי־
אָנערן.

אָנגעשטעלט אויפן אַלטן די ביקסן, האָבן זיי גרויזאַם אַ גע־
שריי געטאָן:

— שטיי!

דער אַלטער טאַלאַש איז פאַרטרייסלט געוואָרן, עס האָט אים
אָנגעהויבן וואַרפן אין היץ און אין קעלט.

„ביסט אַ פאַרפאַלענער, ברודערקע טאַלאַש״! — האָט בײַזיך
אַ טראַכט געטאָן דער אַלטער און האָט זיך אָפּגעשטעלט. אָבער
גלײַך האָט ער זיך אַ נעם געטאָן אין די הענט. — טפו, טפו!

שפּו!—האָט זיך דער אַלטער טאַלאַש דרײַ מאָל אויסגעשפּײַט און דערבײַ געזאָגט: אָט האָט איר דאָס מיך אַביסל אָנגעשראָקן!

דער אַלטער האָט זיך געסטאַרעט אָנעמען דעם סאַמע קאָמישן אויסזען פון אַן איבערגעשראָקענעם מענטשן. אַזאַ איבערגע־שראָקנקײַט און פאַלאַרנקײַט פונעם אַלטן האָט אַביסל אופגע־לײגט די לעגיאָנערן צום אַלטן:

— פון וואַנען ביסטו און וווּהין גײסטו?—האָט אַ פרעג געטאָן דער עלטסטער לעגיאָנער.

— אַ היגער, פּאַניע! איך גײ אָפּ די בלאָטעס—כ'האָב דאָרטן בוטשעס צעשטעלט. גײ איך אַ קוק טאָן, צי איז דאָרטן ניט אַרײַן אַ וויון.

— גײ נאָך אונדז!—האָט באַפוילן דער זעלבער סאָלדאַט.

— וווּהין און נאָך וואָס?—דעם אַלטנס פּאָנעם האָט אויסגע־דריקט גרויס פאַרוווּנדערונג.

— גײ שוין, גײ, אַלטער טערעך דו!—דער סאָלדאַט האָט לײַכט אַ שטויס געגעבן דעם אַלטן.

דער אַלטער האָט אַ קראַץ געטאָן די פּאַטיליצע.

— איך האָב דאָך טאַקע קײן צײַט אויך ניט...

דעם אַלטן האָט מען נאָך שטאַרקער אַ שטויס געטאָן.

— אַ, זאָלט איר שוין אָפּ אײַערע פיס ניט אומגײן!—האָט אַ זאָג געטאָן דער אַלטער און איז אַוועק נאָך די סאָלדאַטן.

„אַ סאָף צו דײַנע יאָרן"—טראַכט באַ זיך דער אַלטער טאַלאַש און אַ טויט־אומעט האָט פאַרפילט דעם אַלטנס נעשאָמע. לענגויס דעם וועג שטײט אַ וואַלד, וועלכער איז גראָ געוואָרן פון פראָסט־ווײַס, פונקט ווי דער אַלטער טאַלאַש פון אַלטקײַט. דער אַלטער קוקט זיך צו צום וואַלד. ניט שוין־זשע זעט ער דאָס אַ לעצטן מאָל דעם דאָזיקן וואַלד? און ס'ווילט זיך אַזוי ניט שטאַרבן. ער דערמאָנט זיך אָפּ זײַן שטוב. צי האָט ער גוט געטאָן, וואָס ער האָט געהײסן די הײמישע אַוועקגײן פון שטוב? זײַן לעצטער טאַט שטײט אויף פאַר אים אײן אַן אַנדער שײַן. דער אַלטער טאַלאַש

פילט אנ אומעט און א גרויסע עלנטקײט און פולשטענדיקע אָפּ־
געריסנקײט פונ דער וועלט, פונ מענטשן. אָבער אָט דאָס דאָזיקע
מינוטיקע אראָפּפאלנ בא זיך און שוואכקײט גײענ דורך. ווי
א בליץ לויפנ זײַנע געדאנקען. מיט אנ אומגעווײנלעכער שנעל־
קײט און א זעלטענער דײַטלעכקײט גײענ דורך פאר אים די אי־
בערגעלעבטע געשעענישן און זײַנ איצטיקע לאגע. ער האָט זיך
דערמאָנט אפ זײַנע שלאכט־כאווײרים מארטינ ריל, מיט וועלכנ
ער האָט זיך אזוי פעסט אײַנגעלעבט און ועמענ ער האָט ליב באַ־
קומענ ווי אנ אײגענעם זונ פאר דער צײַט, וואָס זײ האָבנ צו־
זאמענ געטוליעט זיך אינ די וועלדער און געמאכט געמײנזאמע
מארשן; נופרײענ, קופּרזאנטשיקן, טימאָכ בודיקנ און די גאנצע
כעוורע פונ זײַנע וואָיאקעס. וואָס־זשע ועט איצטער זײַנ מיט
זײ? וואָס־זשע ועט ווערנ מיט יענער אלגעמײנער זאך, וועלכע
זײ אלע האָבנ אויסגעטראָגנ בא זיך אינ הארצנ, פאר וועלכער
זײ האָבנ אזויפיל געליטנ און אָפּגעקומענ? לעבנ, לעבנ, לעבנ,
אײנמאָל פאר אלעמאָל!

מיט א זעלטענער קלאָרקײַט שווימט ארויס פאר אים מארטינ
ריל, זײַנ דערצײלונג וועגנ דעם, ווי אזוי ער האָט זיך באפרײַט
פונעם פוילישנ קאָנוואָי. ער כאפּט גלײַך א קוק אפ זײַנ קאָנוואָי.
די לעגיאָנערנ קאָרטשענ זיך פונ פראָסט, האָבנ אָנגעשטעלט די
קאָלנערס פונ די שינעלנ. צווײענ גײענ פאָרויס. נאָך זײ גײט
דער אלטער טאלאש, און דער דריטער, דער עלטסטער, גײט פונ
הינטנ און אביסל אָנאזײַט. דער אלטער טאלאש מעסט מיטנ אויג
זײערע פיגורנ, שאצט זײער פיזישע קראפט. זײ ווײַזנ זיך אים
אויס, ווי ער האָט אלײנ געזאָגט, פאר „מאָגערינקע". פלוצלינג
האָט ווי עפּעס פונ אינגײניק א שטויס געגעבנ דעם אלטנ טאַ־
לאשנ. אינ אײנ אויגנבליק כאפּט ער ארויס דעם קאראבינ בא
דעם עלטסטנ לעגיאָנער פונ די הענט, בא דעם זעלבנ לעגיאָנער,
וואָס איז געגאנגענ אָנאזײַט פונ הינטנ, און גיט אים א האק מיטנ
פריקלאד אזוי שטארק איבערנ קאָפּ, אז דער פריקלאד פונ קאַ־

ראבינ ברעכט זיכ אזש. ווי א דונער וואָלט אים דערשלאָגנ, פאלט דאָ אפּנ אָרט דער לעגיאָנער. בלויז איינ געשריי א פאר־שטיקטער אונ נימ קיינ אויסדריקלעכער האָט זיכ ארויסגעריסנ פונ זיינ ברוסט.

— אהער גייט! צו מיר קומט, כעווערע! — שרייט ווילד דער אלטער טאלאש אונ ווארפט זיכ מיט דער מעטאלענער טייל פונעמ ביקס, וואָס איז געבליבנ בא אימ אינ די הענט אפּ די איבערי־קע סאָלדאטנ. פונ אומגעריכטקייט אונ שרעק האָבנ די סאָלדאטנ צעוואָרפנ זייערע ביקסנ אונ געמאכט די פלייטע אינ וואלד.

דער אלטער האָט אונטערגעקליבנ זייערע ביקסנ אונ געלאָזט זיכ לויפנ.

ווענ ער איז אביסל געקומענ צו זיכ אונ האָט זיכ בארויִקט, איז דאָס ערשטע, וואָס ער האָט דערפילט אונ וואָס דערנאָכ האָט ער לאנג נימ געקאָנט פארגעסנ, איז געווענ דאָס כרושטשענ פונעמ צעקלאפּטנ שארבנ פונעמ אומבאקאנטנ מענטשנ. דאָס דאָ־זיקע כרושטשענ איז אימ עטלעכע טעג נאָכאנאנד געשטאנענ אינ די אויערנ.

## XXVI

וואסיל בוסיגא אונ זיינע גוטע ברידער האָבנ מיט אומגעדולד געווארט, אז זייער „פארטיזאנ" סאווקע מילהונ זאָל זיי עפּעס ברענגענ נייס. אָבער עס זיינענ דורכגעגאנגענ טעג אונ סאווקע האָט זיכ נימ געוויזנ אונ נימ געשיקט קיינ שום ידיִעס וועגנ זיכ. דאָס האָט אָנגעהויבנ באומרויִקנ דעמ ווימ אונ ארופּירנ אימ אפּ פארשיידענע געדאנקענ. כאָטש נימ אינ אזא מאָס, אָבער די דאָ־זיקע אומרויִקייט האָבנ געפילט אויכ דעמ וויטס גוטע ברידער. אָפּטמאָל, באגעגענענדיק זיכ, פלעגנ זיי אזוי צי אנדערש פארפירנ א שמועס וועגנ סאווקענ.

— מע הערט עפּעס נימ וועגנ אונדזער סאווקענ, — זאָגט דער ווימ אונ קוקט אופּמערקזאמ ברויענ אינ די אויגנ.

ברוי זעט, אז דער וויט האָט ניט קיין געדולד.

— מע הערט ניט,—באשטעטיקט דער געלאסענער ברוי.

— מע הערט גאָרניט פון דער פאדלע,—כאווערט איבער בירקע.

— וואָס זאָל דאָס באדײַטן?—דער וויט וויל פונדעסטוועגן דערגיין די סיבע פון דעם.

— פארשטייסט מיך, ס'איז אן איידעלע זאך—הייבט אָן מיט א סייכל דער געלאסענער ברוי:—פרוּוום שטעלן זיך אפ זײַן אָרט—עס טוט זיך ניט אזוי גיך. דאָס איז דיר ניט גענומען א צעפּ און גיי דרעשן.

— און גענומען דעם צעפּ, וועסטו נאָך אויך גלײַך ניט דרעשן,—שטעלט ארײַן א ווערטל בירקע.

— נאָך מײַן סייכל נאָך, טוט סאווקע גוט, וואָס ער אײַלט זיך ניט,—זאָגט ווײַטער ברוי: דאָ, ברידערלעך, דארף מען פּאָרזיכטיק צוגיין, בעסער אָפּציִען אביסל אָבער מאכן עס גלאט און אקוראטנע. שווערער פאר אלץ איז מאכן די ערשטע טריט... לאָמיר אויסווארטן אביסל.

דער וויט הויבט אָן מאסקים זײַן מיט ברויס בקירעס און בארוּיִקט זיך אפ א געוויסער צײַט, אָבער דאָך איז בא אים ערגעץ־ווּ אין הארצן פארבאָרגן א שאָטן פון אומרו.

כאָטש דער וויט האָט געהאט גוטע ברידער—ברויען און בירקען—און די אונטערשטיצונג מיצאד דעם פּאַן קרוליעווסקי, דאָך האָט ער אָפּט געפילט זײַן איינזאמקײַט און אָפּגעריסנקײַט פון דער געזעלשאפט. דער געפיל פון איינזאמקײַט האָט זיך פארטיפערט אין אים נאָך אויך צוליב דעם, וואָס זינט ער איז געווארן א וויט, איז צווישן אים און אוהיניען פאָרגעקומען א גאנצע ריי מיספארשטייענישן. דער פרילינג אָבער און די שטימונגען, וועלכע האָבן זיך געטראָגן אין לופטן, די אלע שמועסן, וועלכע זײַנען פארבונדן מיט ניט דײַטלעכע און גרויזאמע געשעענישן, וואָס שטייען פאָר, און אָט די אָנגעצויגענע פאָרזיכטיקײַט, וואָס עס האָט געהערשט אומעטום, וווּהין דער וויט זאָל זיך ניט

א שטעק טאָג,—דאָס אלץ פלעגט אים ארויספירן פון גלייַכגע־
וויכט, האָט געדריקט אפ אים. אונטער דער ווירקונג פון די דאָ־
זיקע שטימונגען האָט וואסיל שוין געוואָלט איבערקוקן זייַנע
באַציִונגען צו אוהיניען פאר דער לעצטער צייַט און מאכן מיט
איר שאָלעם. ער האָט נאָר געזוכט א פאסיקע מינוט, ער זאָל דאָס
דורכמאכן דיפּלאָמאטיש, ניט פארמינערן דערבייַ זייַן ווירדע
אלס וויט, אלס מאן און ביכלאל אלס מאנספּארשוין. אָבער עס
האָט עפּעס געשען אזוינס, וואָס האָט נאָך פארטיפערט דעם אָפּ־
גרונט צווישן זיי און האָט געשטעלט אוהיניען אפ דער קעגנ־
איבערדיקער זייַט פון וואסילן.

איינמאָל אָוונט־צייַט איז וואסיל געגאנגען איבערן גאס. פון
דעמלט אָן, זינט דער אלטער טאלאש איז אנטלאָפן פון דער
היים, האָט דעם אלטנס שטוב באקומען עפּעס א געוויסע מאכט
איבערן וויט און ער האָט רויִק קיינמאָל ניט געקאָנט דורכגיין
פארבייַ איר. דעם אלטנס שטוב האָט ווי אָפּגעלאכט פון דעם
וויט און פון זייַן אומזיסטן סטארען זיך פּאקן דעם געפערלעכן
אופשטענדלער. אלע שמועסן און קלאַגען, וואָס האָבן זיך גע־
וויקלט ארום דער פערזאָן פון דעם אלטן טאלאשן, האָבן געזייט
אומרויִקייַט אין דעם וויטס הארצן. אכוץ אלעמען איז וואסילן
פּאָשעט געווען ניט אָנגענעם, וואָס ער, דער וויט, ניט געקוקט
אפ אלע באפעלן צו פּאקן דעם אלטן טאלאשן, איז געבליבן, ווי
מען זאָגט עס, מיט א נאָז. עמעס, איצט איז געווען א האָפענונג
אפ סאוועקע מילהונען, אָבער וואָס טוט זיך מיט סאוועקען, ווייס
מען ביז איצט ניט.

וואסיל האָט זיך אָפּגעשטעלט אין א באהאלטענעם ווינקל, האָט
געקוקט אפ טאלאשס שטוב און געטראכט זיך. דאָ איז אים אפּגן
זינען געקומען א געדאנק—צי איז עפּשער ניט גלייַ־
כער פּאָשעט אוועקשטעלן א באהאלטענע וואכטע אפילע פון
פּוילישע סאָלדאטן? עפּשער דורכשמועסן זיך וועגן דעם
מיטן פּאן קרוליעווסקי? ניין, מע דארף נאָך צוווארטן:

עפּשער וועט נאָך קומען סאַיוקע מיט גוטע נײַס. און וואָסיל דערזעט, ווי פֿון טאַלאַשס שטוב גייט אַרויס אַ פֿרויען־פֿיגור. די פֿרוי האָט זיך פֿאַרזיכטיק אַרומגעקוקט אויף אַלע זײַטן און האָט זיך גיך געלאָזן גיין צום דאָרף צו, אָבער זי איז ניט געגאַנגען מיטן גאַס, נאָר האָט זיך אָפּגעקערט און גיין מיט די שײַערס, מיט די הינטער־הויפֿן. אויפֿן הויף איז שוין פֿינצטער געוואָרן און עס איז שווער געווען דערקענען די פֿרוי. וואָסיל האָט זיך פֿאַרינטערע־סירט און האָט זיך אַפֿילו לײַכט אָנגעהויבן אויפֿרעגן און איז אַרויס פֿונעם אָרט, וווּ ער איז געזעסן, ניט אַראָפּלאָזנדיק די אויגן פֿון דער פֿרוי. טוליענדיק זיך צו די געבײַדעס, איז ער פֿאַרזיכטיק אַוועק אַהין, וווּהין עס איז אויך געגאַנגען די פֿרוי. אין מיטן דאָרף האָט ער זי פֿאַרלאָרן. ווי אַ יעגער־הונט, וועל־כער שלאָגט זיך אַראָפּ פֿון די שפּורן פֿון האָז, האָט זיך וואָסיל אַ קער געטאָן אַהין און אַהער און איז אַרויסגעלאָפֿן אויפֿן גאַס: די זעלבע פֿרויען־פֿיגור האָט זיך אַ לאָז געטאָן איבערן גאַס און איז אַרײַן שנעל אין פֿאָרטקע פֿון דעם ווויטס הויף. און בלויז איצט האָט ער דערקאָנט, אַז דאָס איז אוהיניע, זײַן פֿרוי! אַ פֿאַרוווּנדערטער און נאָכמער אויפֿגערעגטער איז דער וויט גע־בליבן שטיין ווי אַ געליימטער. וואָס איז זי געגאַנגען אַהין? וואָס האָט זי דאָרטן צו טאָן? אָן אַ שיר געדאַנקען און געפֿילן האָבן זיך אויפֿגעוועקט אין וואָסילס האַרצן. אַ שרעקלעכער געדאַנק איז אים פּלוצלונג אײַנגעפֿאַלן. צי איז זי ניט געגאַנגען זען זיך מיט מאַרטין רילן? עס איז אים אויך הייס געוואָרן. ווי זשע זאָל מען דערגיין דעם עמעס? וואָס איז זי אַהין געגאַנגען? און צו וועמען איז זי געגאַנגען? צו זײַן פֿאַרביסענעם סוינע.

דער וויט האָט זיך אײַנגאַנצן פֿאַרלאָרן. אַ ווילדער צאָרן האָט אים אָנגענומען. ער האָט זיך מיטאַמאָל אַ לאָז געטאָן צו זיך אויפֿן הויף. אַ בייזער, אַ צעיושעטער מיט צונויפֿגעדריקטע ציין און אַראָפּגערוקטע ברעמען איז ער אַריבערגעטראָטן דעם שוועל פֿון זײַן שטוב. אוהיניעס אויגן—זײַנען שאַרפֿע אויגן; זי האָט

באמערקט וואסילן, ווען ער האָט נאָכגעשפּירט נאָך איר און האָט גלייַך דערפילט, אז זי האָט זיך געפּאַקט. אויסדריייען זיך פון דעם איז שווער. פאַרענטפערן זיך—אָבער אין וואָס? זי איז דאָך פּאַשעט געגאַנגען צו דער אַלטער נאַסטען. צי דען האָט זי ניט קיין רעכט צו גיין וווּהין זי וויל. וואָס האָט עס פאַר א שייַכעס צו איר, וואָס ער איז טאָלאָשט א פאַרביסענער סוינע? אָבער דאָך האָט איר עפּעס א שטים פון אינווייניק ווידערגעשפּראָכן—ווי־באַלד, אז ער איז דייַן מאַן, דאַרף מען מיטן מאַן זייַן איינס. אָבער די דאָזיקע שטים איז געווען זייער א שוואַכע און עס האָט זיך איר ניט געוואָלט פאָלגן דער דאָזיקער שטים. און אוהיניע האָט רויִק, ווי א מענטש, וועלכער איז זיכער, אז די צאָרע איז ניט אויסצומייַדן, האָט נאָך געטראַכט אַלץ וועגן דעם, פון וועל־כער זייַט און ווי שטאַרק וועט אָפּ איר די דאָזיקע צאָרע אַרופאַלן.

— ווּ ביסטו געווען?—האָט געפרעגט וואסיל, און די גרינלעכע פּולע מיט כשאַד אויגן האָבן געקוקט אָפּ אוהיניען.

אוהיניע האָט זיך געסטאַרעט ניט קוקן אָפּ וואסילן. און ערשט, ווען זי האָט דערהערט דעם גרויזאַמען טאָן אין זייַן שטי־מע, האָט זי א קוק געטאָן אָפּ אים מיט קאַלטע, פרעמדע אויגן.

— וואָס האָט עס צו דיר, ווּ איך בין געווען? און וואָס קוקסטו עפּעס אזוי ווי א כייַע?.. איך האָב פאַר דיר קיין מוירע ניט.

די לעצטע ווערטער האָט זי א זאָג געטאָן אופהויבנדיק ד' שטים.

— זאָג, ווּ ביסטו געווען, דו שלאַנג, דו שליוכע איינע!— האָט וואסיל אָנגעהויבן דונערן איבערן גאַנצן שטוב, צונויפשטשע־מענדיק די ציינער און איז האַרט צוגעגאַנגען צו אוהיניען. זייַן שטים האָט זיך אָפּגעקלאַפּט אָן יעטווידער ווינקל פון שטוב און האָט מיט א שאַרפן ווייטעק אָפּגעקלונגען אין די הערצער פון די קינדער. אַלעסיע האָט זיך פאַרטרייסלט, ווי אַן אסינע. מיט א טעמפּן געשריי, א ווייַסע ווי א טוך האָט זי זיך א לאָז געטאָן

צו דער מאַמען, האָט זי שטאַרק אַרומגענומען מיט די הענט, קעדיי צו פאַרשטעלן זי מיט איר איידעלן קינדערשן קערפּער פון דעם טאַטנס קאַעס, פּעטראָ און גרישקע זײַנען אַנטשטומט געוואָרן פאַר שרעק, האָבן זיך פאַרטײַעט אַרום אויוון און האָבן געקוקט אַפּ די עלטערן מיט איבערגעשראָקענע בליקן. אפילע דער אַל־טער קופּריאַן האָט זיך צוגעזעצט אַפּן באַנק און האָט אויפגע־הויבן אַפּ וואַסילן זײַנע מוטנע אַלטע אויגן.

— וואָס טראָגן זיי דאָרט שיידים?—האָט ער שטיל געזאָגט ביכער פאַר אַלץ פאַר זיך איידער צו וואַסילן און אוהיניען. ער האָט נאָך געוואָלט אַן אײַצע געבן וואַסילן, ער זאָל נעמען די לייצעס און געבן איר גוט מיט די לייצעס אַ מאָל צוויי, אויב זי איז שולדיק, אָבער ער האָט עס ניט געזאָגט און האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

— קיין ערגערע שלאַנג פון דיר איז ניטאָ. וואָס האָסטו זיך צעווילדעוועט ווי אַ כײַע? האָסט דאָך די קינדער אַפּ טויט אי־בערגעשראָקן. וואָס זײַנען זיי שולדיק?—האָט רויִק אָבער פעסט אָפּגערופן זיך אוהיניע. זי האָט זיך אינגאַנצן געטרייסלט, אָבער זי האָט ניט פאַרלאָרן דעם גלײַכגעוויכט.

— זײַ זיך מוידע, נאָך וואָס ביסטו געגאַנגען צום אַלטן באַנדיט?

אָנשטאָט אַן ענטפער, האָט אוהיניע געכאַפּט אַ קנויל פאָדעם אַ שפּאַר געטאָן וואַסילן אין דער שוואַרצער באָרד.

— אָט נאָך וואָס איך בין געגאַנגען. נא, עס!

דער קנויל פאָדעם, וואָס אוהיניע האָט אַ וואָרף געטאָן דעם ווויט אין פּאָנעם, איז געוועגן פונקט ווי אַ קאַלטער דוש. אַ צע־טומלטער האָט וואַסיל אָנגעהויבן קוקן דאָס אַפּן קנויל פאָדעם, דאָס אַפּ אוהיניען. אין אָט דעם דאָזיקן טומל מיט אוהיניען האָט ער זיך געריכט דערגײַן עפּעס מער און שרעקלעכער ווי וועגן אָט דעם קנויל פאָדעם. די היץ איז בא אים אָפּגעפאַלן.

— איז צוליב וואָס טראָגסטו דאָס אהינצו די שפּין־פלאַקס?

— איז וואָס ווערסטו עפּשער מיר פאַרבאָטן? — האָט האָזעדיק א פרעג געטאָן אוהיניע.

— וועל איך טאַקע פאַרבאָטן! — האָט א טופּע געטאָן מיטן פוס דער וויט.

— מאַמינקע, שוויַיג. קריג זיך ניט מיטן טאַטן! — האָט אָנגע־הויבן שריַיען אַלעסיע, דריקנדיק אָפּ דער מאַמען מיט איר קינ־דערשן קערפּער, קעדיי אָפּצוּהיטן זי וואָס וויַיטער פון גרוויזאַמען און שרעקלעכן וויט.

— איך בין ניט דיַינע קיין ליַיבייגענע און ניט דיַינע קיין קנעכט, אַז דו זאָלסט מיר פאַרבאָטן וואָס טאָן.

דער וויט האָט ברייט צעשטעלט זיַינע אויגן.

— ווּ האָסטו דאָס זיך אָנגענומען מיט אַזאַ פריַיהיַיט? — א ביי־זער געלעכטער האָט זיך דערפילט אינעם וויטס פראַגע: — עפּשער קליַיבסטו זיך אויך גיין אין וואַלד?

— איז שוין בעסער אין וואַלד גיין, איידער זיַין א וויט ווי דו.

א ניַיע כוואַליע פון צאָרן, פון קאַעס האָט אַרומגעכאַפּט דעם וויט. אָבער ער ווערט שוין איצט ניט אָפּטרעטן — ער האָט שוין א פעסטע ליניע און ער ווייס, ווי צו פירן דעם איניען און ווייס מיט וואָס צו ענדיקן דעם דאָזיקן צוזאַמענשטויס מיט אוהיניען.

— דאָס האָסטו בא די טאַלאַשעס אָנגענומען זיך סייכל? אָדער עפּ־שער האָט דיך דאָס אָנגעלערנט מאַרטינ?

אָנרופנדיק מאַרטינען, האָט וואַסיל גליַיך דערפילט דעם גאַנצן האַס צו אים און צו אוהיניען. אוהיניע האָט אויך ניט געקאָנט רויִק הערן דעם דאָזיקן נאָמען.

— ווער עס זאָל מיך ניט לערנען, אַבי אויסגעלערנט. אָבער דיך ווערט קיינער אפילו ניט קאָנען אויסלערנען. און ליַיט קוקן אָפּ דיר ווי אָפּ א וואָלף. דו גראָבסט זיך אליין א גרוב...

— דו גראָבסט מיר א גרוב! — האָט וואַסיל איבערגעשלאָגן או־היניען: ווי דערוועגסטו זיך דאָס גאָר גיין צו די טאַלאַשעס און

פראווען קאָמפּאַניע מיט זיי? דאָס זײַנען מענטשן, וואָס? באַנדיטן האָלעדראַנצעס, פאַרברעכער. עס האָט דיר עפּשער דערעסן שוין מײַן באַלעבאַטישער ברויט? עפּשער האָסטו שוין ניט וואָס אָנ־צוטאָן, וואָס דו ביסט מיט זיי געוואָרן פּאַני בראַט? ווער ביסטו סאָפּקאָלסאָפּ?

— וואָס וואַרפסטו מיר אויף דײַן ברויט?—אוהיניעס צוציִונ־דיקע אויגן זײַנען געוואָרן בייזע און קאַלטע.—איך האָב דען ניט געאַרבעט? איך האָב דען ניט פאַרדינט זיך אויף ברויט, אויף א בעגעד?

זי האָט זיך צעוויינט און, ענדערנדיק די שטים, האָט זי גע־זאָגט:

— איז זאָל ער ברענען, דער ברויט דײַנער און דײַן קליי־דונג. האַלוואַי וואָלט איך בעסער א באַטראַטשקע געבליבן.

— א! האָסט זיך שוין אָנגעפּרעכן! א באַטראַטשקע האָט זיך דיר שוין פאַרוואָלט ווערן?—וואַסילס ליפּן האָבן זיך מאָדנע פאַר־קרימט, די שוואַרצע באָרד האָט זיך צעשאָקלט:

— איז נעם צו דײַן מאַמזער און מאַרש פון מײַן שטוב; וואָן, אַז דער רייעך דײַנער אפילע זאָל דאָ ניט זײַן! איך דאַרף ניט האָבן בא זיך אין שטוב א פאַרעטערן און א סוינע! וואָן!

ער האָט א כאַפּ געטאָן אוהיניען פאַרן פּלייצע און מיט קויעך א שטויס געטאָן זי אין טיר. אַלעסיע, וואָס איז געווען צוגע־טוליעט צו דער מאַמען, האָט זיך א שאָקל געטאָן צוזאַמען מיט איר און א קלאַפּ געטאָן מיטן קאָפּ אָנעם אושניאַק. זי האָט זיך א כאַפּ געטאָן מיטן האַנט פאַרן קאָפּ, אָבער זי האָט ניט גע־וויינט, ניט געשריִען, זי האָט זיך בלויז געטרייסלט ווי אין א קאַדאָכעס. פּעטראָ און גרישקע האָבן זיך מיט געוויין א וואָרף געטאָן צו דער מאַמען און האָבן זיך אויך אָנגעטשעפּעט מיט די הענטלעך אָן איר קלייד.

מיט שרעק האָט אוהיניע א קוק געטאָן אפן צעיושעטן ווייט, דערנאָך האָט זי צוגעטוליעט צו זיך אַלעסיען.

— טאָכטערל מײַנע! דעם קאָפּ האָט ער דיר צעקלאַפּט אָט די כּיַע.

— מאַמינקע, צוליב וואָס האָסטו זיך געקריגט מיטן טאַטן? — האָט שטילינקערהייט מיט אַ פאָרוואָרף געפרעגט אַלעסיע דער מאַמען.

און וואַסיל האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צום שטאַנג, האָט אָנגעהויבן אַראָפּרײַסן אוהיניעס און אַלעסיעס קליידער און וואַרפן זיי אונטער די פיס.

— נעמט צו אײַערע טראַנטעס און מאַזאָליעט מיר ניט די אויגן! האַדיע!

דערנאָך האָט ער אַ וואָרף געטאָן אָנאַזײַט דעם קאַסטן. איז אַרויפגעשפּרונגען אויף אים מיט די שטיוול און אָנגעהויבן טאָפּטשען און קלאַפּן מיט די אַבסאַצן.

אוהיניע האָט שטילינקערהײַט אָנגעטאָן איר קורצן פּעלצל, האָט אַרויפגעוואָרפן אויפן קאָפּ די וואַרעמע פאַטשײלע, האָט אָנגעטאָן אַלעסיען.

— לאָמיר גיין, טאָכטערל: דאָ איז פאַר אונדז קיין אָרט ניטאָ, — פּעטראָק און הרישקע האָבן אויפגעהויבן אַ געשריי.

— גיי ניט, מאַמע!

— מיר וועלן אויך גיין מיט דיר!

— מאַרש אויפן אויוון! האָט אַ טופּע געטאָן אויף זיי דער פאָטער.

די יאַטלעך האָבן האַכנאָעדיק אַרויסגעלאָזן פון די הענט דער מאַמעס פּעלצל און מיט אַראָפּגעלאָזענע קעפּ זײַנען זיי אַרויפגעקראָכן צום אַלטן קופּריאַן און האָבן דאָרט הויך צעוויינט זיך.

— וויינט ניט, קינדערלעך! — האָט זיי געזאָגט די מוטער. איך וועל זיך אומקערן און וועל אײַך נעמען.

— אַ געשוויר וועסטו נעמען! — האָט געשריגן וואַסיל: — ס'וועט דיר סטײַען דײַן מאַמזער אַליין!

— נו, דאָס וועלן מיר נאָך זען, — און אין אוהיניעס שטים האָט זיך געפילט אַ דראָונג.

וואסיל האָט פאַנאַנדערגעפּנט די טירן. ניט וואַרטנדיק, ער זאָל זי נאָכאַמאָל א שטויס טאָן, האָט אוהיניע געגומען פארן האַנט אַלעקסיען און איז אַרויס אף יענער זײַט שוועל אין דער פינצטערניש פון דעם ווינטערדיקן אָוונט.

אף מאָרגן האָט מען אין דאָרף פּרימאַקי—אַזוי האָט זיך גע־רופן דאָס דאָרף, וווּ עס האָט געוווינט דער אַלטער מאַלאַש,— ניט אופגעהערט ריידן וועגן אוהיניען און וועגן דעם, וויאַזוי זי האָט זיך צעקריגט מיטן ווײַט וואַסיל בוסיגאַ. אין דעמזעלבן טאָג פאַרנאַכטלעך האָט א צווייטע נײַס ניט ווייניקער פאַרכי־דעשט דאָס דאָרף פּרימאַקי: מאַלאַשס שטוב און אַלע זײַנע גע־בײַדעס זײַנען געבליבן פּוסטע, אָן באַלעבאַטים.

## XXVII

בא סאַווקע מילהונען האָט זיך שוין אויסגעאַרבעט אַן אייגע־נער קוק אף זאַכן: גלײַכער פאַרשפּעטיקן איידער צו אײַלן זיך. אָט פאַרוואָס, צעזעגענענדיק זיך מיט מאַקסימען, האָט ער זיך פּאַוואָליע, ניט געאײַלט זיך געדרוקט אין דער זײַט צו וועפּרי. און ביכלאַל, וואָס איז דאָ פאַראַן וואָס צו אײַלן זיך. סײַ ווי, אײַל זיך ניט, אײַל זיך יאָ, וואָס באַשערט, איז באַוווּרט. אין וועפּרי האָט זיך סאַווקע פאַרהאַלטן אף א קליינער צײַט: עס זײַנען גע־ווען אַלע באַדינגונגען פאַר דעם, אז מע זאָל דאָרטן זײַן לענ־גער. ערשטנס, איז דאָרטן בעווען אַסאַך אוילעם, וועלכער איז שטאַרק באַאוולט געווען פון די פּאָליאַקן: אין וועפּרי האָבן די פּאָליאַקן דערהאַרגעט קאָנדראַט בוסן, חאָבן אונטערגעצונדן מאַר־טינס שטוב. ביכלאַל האָבן זיי וועפּרי באַרויבט, ניט איבערגע־לאָזן גאָרנישט. צווייטנס, זײַנען אין וועפּרי געווען סאַווקעס גוטע ברידער, די אַמאָליקע שוטפים אין פערד גאַנווענען. עמעס, דאָס זײַנען ניט זייער קיין פײַנע איניאַנים, צוליב וועלכע מע זאָל זיך דאָ לענגער פאַרהאַלטן, אָבער דערמאָנענ וועגן זיי אין

א גוטער קאָמפּאַניע בא א גלעזל סאַמאַהאָנקע האָט מען יאָ געקאָנט, באַזונדערס, אויב מע זאָל נעמען אין אַכט, אַז דאָס האָט מען אַלץ געטאָן נאָך פאַרן קייסער. און בא סאָווקען איז נאָך פּונקט געווען דער אַוואַנס, וועלכן עס האָבן אים אַרויסגעגעבן דער וואַיט און זײַנע גוטע ברידער. אַפּ אַזאַ אויפן האָט סאָווקע פאַר־בראַכט אין ווערפּי א טאָג דרײַ צי פיר. און מען דאַרף זאָגן, אַז ער האָט דאָ אויך די צײַט אומזיסט ניט געפאַטערט: אויך דאָ האָט ער—עמעס, אַלפּי סאָד, גערעדט דאָס, וואָס ער האָט דערציילט מאַקסימען וועגן דעם, אַז ער וויל ווערן א פּאַרטיזאַן. אין דער זאַך האָט ער שוין, ווי מע זאָגט, געקראָגן געניטקייט. ער האָט זיך אַזוי פאַרכאַפּט מיט דער פּאַרטיזאַנערײַ, אַז ער אַליין האָט שוין אָנגעהויבן אין דעם גלויבן. אָבער פאַר דער צײַט זײַנען פאָרגעקומען אייניקע געשעענישן, צוליב וועלכע עס איז אַהער, אין ווערפּי, געקומען טאַלאַשעס שנור און האָט אויך אַלפּי סאָד דערציילט מאַרטינס ווײַב וועגן דער ראַליע, וואָס דער וואַיט און זײַנע כעווריע־לײַט האָבן געגעבן סאָווקען. די אײַנוווינער פון ווערפּי, דערהערנדיק וועגן דעם, זײַנען גע־ווען זייער אויפגערעגט און ווער ווייס, וואָס עס וואָלט געוואָרן מיט סאָווקען, ווען אַהער וואָלט ניט געקומען טאַלאַשעס זון מאַק־סים און וואָלט ניט איבערגעגעבן זײַן טאַטנס באַפעל, אַז מען זאָל סאָווקען שיקן אין קאַרנאַטשי צו טימאָך בודזיקן.

פון ווערפּי האָט זיך סאָווקע געלאָזן גיין קיין קאַרנאַטשי.

טימאָך בודזיק האָט לאַנג און אויפמערקזאַם אײַנגעקוקט זיך אין סאָווקע מילהונען. סאָווקען איז געווען אפילע אביסל ניט באַקוועם אונטער אַזאַ שטעכנדיקן קוק פון טימאָכס אויגן. אָבער ער האָט העלדיש אויסגעהאַלטן דעם דאָזיקן אויספאָרשנדיקן קוק און האָט אויך פון זײַן זײַט, ניט א מאָל געבנדיק מיטן אויג, געקוקט אַפּ טימאָכן.

— ביסטו דאָס, הייסט עס, טאַקע אָט דערזעלבער סאָווקע מילהון?—האָט זיך געפרעגט בודזיק.

„צו וואָס איז דאָ „טאקע אָט דערזועלבער"?—האָט בײַזיך אומ־
רויִק א טראכט געטאָן מילהויז.

— וואָס הייסט „אָט דערזועלבער"... ניט שוין זשע איז פאַ־
ראַן ניט דערזועלבער סאווקע מילהויז. און דו קענסט אזא טאקע?—
האָט זיך אינטערעסירט סאוּוקע.

— עפּשער איז פאראַן, עפשער קאָן איך,—האָט פילדיַיטיק
א שמייכל געטאָן טימאָכ און דער שמייכל האָט ניט אינגאנצן
געפאסט צו זײַן גרויזאמן פּאָנעם.

— דאכט זיך, איך האָב דיך ערגעץ געזען,—טימאָכ האָט ווי־
דער א קוק געטאָן אף סאווקען.

— עפשער האָב איך דיך אויך ערגעץ־ווּ געזען,—און סאווקע
האָט אויך אָנגעהויבן אײַנקוקן זיך אין טימאָכס פּאָנעם, אונטער־
שטרײַכנדיק דאָס וואָרט „ערגעץ".

— איז ווּ־זשע איז געווען אָט דאָס דאָזיקע „ערגעץ"?—האָט
א פרעג געטאָן טימאָכ.

סאווקע האָט כיטרע א קוק געטאָן אף בורדיקן.

— אויב איך האָב קיין טאָעס ניט, האָבן מיר אין מאָזיר גע־
געסן דעם קייסערס קעזלעך.

סאווקע האָט דאָ געגעבן אָנצוהערענישן אף מאָזירער אסט־
ראָג. ער איז דאָרט אָפּגעזעסן א גאנצן יאָר, א פארמישפּעטער
פאר א פּאָליטישן איניען, פאר פארשפרייטן פּראָקלאמאציעס. די
זאך איז באַשטאנען אָט אין וואָס: סאווקע האָט געוווּסט, אז די,
וואָס זײַנען פארמישפעט פאר „פּאָליטיק", ווערן זייער געאכטעט
פון די ברייטע מאסן פון דער געזעלשאפט. אף דעם האָט ער
געבויט זײַן טאקטיק. און אין דער לעצטער צײַט, אז ער איז
געגאנגען גאנווענען פערד, האָט ער מיט זיך גענומען פּראָקלא־
מאציעס אויך. מע האָט אים געכאפּט ווי א פערד־גאנעוו, אָבער
בא אים זײַנען געווען פּראָקלאמאציעס, האָט מען אים געמיש־
פּעט ניט ווי א פערד־גאנעוו, נאָר ווי א „סאָציאַל־דעמאָקראט".

איצט באַרימט זיך סאווקע מיט ענטוזיאזם, אז אויך ער האָט

געקעמפט קעגן דעם צארישן „פריזשים". טימאָכ בודזיק, ווי עס איז שוין באוווסט, האָט אָפּגעדינט צוויי יאָר ארעסטאנטסקע ראָטעס פאר אונטערצינדן א פריצישע סטאדאָלע, ער איז גע־זעסן ווי א קרימינעלער פארברעכער.

— המ! אזוי, אזוי! איך געדענק,—האָט רעזומירט די זיכרוי־נעס וועגן דער פארגאנגענהייט טימאָכ:—און איצטער, הייסט עס, דארף מען מילכאָמע האלטן מיט די פאנעס.

— מילכאָמע האלטן, ברודערקע, ביזן סאָף מילכאָמע האלטן!—האָט א זאָג געטאָן סאווקע און האָט אנטשיידן א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

— נו, איז גוט. איך וועל דיך פארפירן צו אונדזערע, איך וועל דיך באקאנען מיט אונדזער אטאמאן.

דער אלטער טאלאש, וועלכער האָט אזוי געלונגען ארויסגע־ריסן זיך פון זיין געפאנגענשאפט, האָט זיך פארנומען מיט סאווקע מילהונען: וואָס טוט מען מיט אים? ווי זאָל מען זיך באגיין מיט אים? בא דעם אלטן טאלאשן זיינען געווען אסאך פארשיידענע פראָיעקטן, אָבער אף וויפל דער דאָזיקער איני'ען האָט געהאט א געזעלשאפטלעכן כאראקטער, האָט דער אלטער טאלאש געהאלטן פאר ריכטיקער איבערגעבן דעם דאָזיקן איניען אף דערלייזן דער פארטיזאנישער געזעלשאפטלעכקייט. פונקט אָט די טעג האָט זיך דער פארטיזאנישער אָטריאד באדייטנדיק פארגרעסערט. די פארטיזאנישע באוועגונג איז מיטן דערנענ־טערן זיך צום פרילינג געוואָקסן און געברייטערט זיך. ס'איז אהער געקומען מארקע באלוק פון אונטער צערנישטש. ער איז אהער געקומען איינער אליין. אָבער בא אים איז געווען זיינע א קאָמפאניע דרייסטע מענטשן און ער האָט זיך געדארפט פאר־בינדן מיטן אלטן טאלאשס פארטיזאנער און אויסארבעטן א פלאן פון געמיינזאמער ארבעט.

מארקע באלוקס אווטאָריטעט איז געווען גרויס בא די אָרטיקע פארטיזאנער. געבראכט האָט אים מארטין ריל און באגעגנט האָט

מען אים מיט פרייד. דער אלטער טאלאש האָט שטארק און לאנג געדריקט אים די האנט, געקוקט אים אין די אויגן.

— לאָז־ושע, טײַערינקער, א קוק טאָן אפ דיר. כ׳האָב גע־הערט, כ׳האָב געהערט וועגן מארקע באלוקן! איך האָב דיך גע־זוכט, זונינקע, עהע: כ׳האָב דײַן ווײַב צופעליק באגעגנט, גע־שמועסט וועגן דיר.

מארקע באלוקס קומען, די דערנעענטערונג פונעם פרילינג און די פארברייטערונג פון דער פארטיזאנישער באוועגונג—דאָס אלץ האָט ארויסגערוקט א גאנצע ריי נײַע פראגן, וועגן וועלכע מע האָט געדארפט א רעד טאָן. מע האָט דורכגעפירט א באראטונג אין וואלד. אפ דער בארעטונג זײַנען געווען מארקע באלוק, מארטין ריל, טימאָך בודזיק, נופריי, דער אלטער טאלאש און עטלעכע פאָשעטע פארטיזאנער. מען האָט גערעדט וועגן די פאָרמען פון פארבינדונג צווישן די פארטיזאנער, מע האָט בא־האנדלט די באדינגלעכע צייכנס, קעדיי דערקאָנען די אייגענע, מע האָט גערעדט וועגן ווערבירן מענטשן אין פארטיזאנער, וועגן פאַאנדערטיילן די ראיאָנען פון די שלאכט־אָפעראציעס. נאָך דעם, ווי מע האָט אָט די אלע פראגן באטראכט, איז ארויס־געטראָטן דער אלטער טאלאש און דערציילט וועגן סאווקע מיל־הונען.

— און איצט, כעווריע, וועל איך אײַך דערציילן עפעס א זאך,—האָט אָנגעהויבן דער אלטער טאלאש:—איר געדענקט, וואָס אײַך האָט געזאָגט דער כ׳ נופריי? ער האָט געזאָגט, אז צו אינדז וועלן צושטיין אויך אונדזערע סאָנים... ווי האָט ער זיי דאָרטן אָנגערופן, איך האָב שוין פארגעסן.

— פראָוואָקאטערן,—האָט מען אונטערגעזאָגט דעם אלטן.

— אָט, אָט, אָט די טאקע אטאמארן. האָט ער טאקע קיין טאָעס ניט געהאט. איך האָב געניטע יעדיעס וועגן דעם, אז וואַ־סיל בוסיגא פון אונדזער דאָרף און זײַנע גוטע ברידער, די רײַכע תאָבן בעדונגען דעם גאנעוו סאווקע מילהון, אז ער זאָל

קלוימערשט מאכן זיך פאר אונדזערן א מענטשן און זאָל קומען צו אונדז ווי א פארטיזאן. דורך אָט דעם דאָזיקן גאנעוו ווילן זיי דערגיין אַלע אונדזערע סוידעס און פארקויפן אונדז די פריצים. איר הערט, וואָס עס טוט זיך? צו וואָס עס האָבן זיך דערטראכט אָט די דאָזיקע נידערטרעכטיקע! און סאווקע וועט צו אונדז קומען. איך האָב אפילע געזאָגט, אז מע זאָל אים זאָגן, וויאזוי קאָן מען צו אונדז דערקלייַבן זיך. איך האָב געזאָגט, אז ער זאָל קומען צו טימאָך בודזיקן, און דו, טימאָך, וועסט אים שוין ברענגען צו אונדז, נאָר זאָלסט ניט דערציילן, אז מיר ווייסן וועגן אים. איז וואָס זאָלן מיר מיט אים טאָן? לאָמיר צו־זאמען באטראכטן.

ס׳האָבן זיך אופגעהויבן בייזע שטימען פון אופרעגונג. אפ סאווקע מילהון האָט זיך א שאָט געטאָן א גאנצער האָגל שארפע ווערטער און שרעקלעכע זידלערייַ. ענדלעך האָבן זיך אַלע צע־שריִען אין איין קאָל:

— שיסן אים, אָט די ברוע!

— אופהענגען דעם פארעטער!

— מיר וועלן אים שוין ניט שאנעווען,—האָט געזאָגט דער אַלטער טאלאש:—אָבער אהינטער טאהקעס פלייצע שטייען אונ־דזערע נאָך גרעסערע סאָנים. דער וויט בוסיגא אליין, בירקע און ברוי, איז וואָס זייַנען זיי עס פארא הייליקע נעשאָמעס? זיי זאָל מען שענקען?

— זיי דארף מען אויך געבן דעם זעלבן וועג וואָס סאוו־קען!—האָבן זיך געהערט שטרענגע אויסגעשרייען.

מארטין איז געשטאנען אן אומעטיקער. ער האָט געטראכט וועגן דעם, אין וואָס פארא שלעכטער סוויווע עס לעבט אוהי־ניע. ניט שוין זשע וויים זי ניט, וועגן וואָס האָבן זיך צונויפ־גערעדט איר מאן און זייַנע גוטע־ברידער? עס האָט זיך אויך ניט ארויסגעזאָגט מארקע באַלוק.

— און ווי מיינסטו, זונינקע? — האָט באַ אים אַ פרעג געטאָן דער אַלטער טאַלאַש.

באַלוק האָט אַ שמייכל געטאָן.

— און איך, טאַטינקע, מיין אָט וואָס: אויב צו אונדז וועט קומען סאַווקע און וועט פאַנאַנדערגראָבן אַלץ, וואָס ער דאַרף, דאַרף מען אים לאָזן.

— ווי זאָל מען עס לאָזן אַזאַ פּאַסקודניאַק? — האָט אַ פרעג געטאָן טימאָך בודזיק.

— איז אָט הערט אויס.

און מאַרקען האָט מען אויסגעהערט מיט אָנגעשטרענגטער אויפמערקזאַמקייט.

— סאַווקע וועט גיין און וועט דערציילן דעם, וואָס האָט אים געשיקט. און זיי וועלן גיין און מעלדן וועגן דעם דער פּאָליציי. און סאַווקע וועט ברענגען אַהער פּאָליציי אָדער סאָלדאַטן. אָט דאָ טאַקע וועט מען דאַרפן אונטערהיטן און באַגעגענען זיי אַזוי, אַז קיינער זאָל זיך ניט אומקערן פון וואַלד.

— זאָגסט ריכטיק, זונעלע. עהע! אַ גאָלדענער קאָפּ אויף דיר. ניט קיין ערגערע ווי באַ בוקריייען.

אַלעמען איז געפעלן געוואָרן באַלוקס אייַנפאַל און זיי האָבן אָנגעהויבן צוזאַמען פאַנאַנדעראַרבעטן דעם גאַנצן פּלאַן.

אין עטלעכע טעג אַרום נאָך דעם האָט טימאָך געבראַכט אַהער סאַווקען. אין וועג האָט ער אים דערציילט, אַז דער פּאַרטיזאַנישער אַטאַמאַן דער אַלטער טאַלאַש מיטן קלענערן זון פּאַנאַס און מיט מאַרטין רילן באַהאַלטן זיך אין וואַלד, נעכטיקן איןביידל. דאָס דאָזיקע ביידל האָט מען טאַקע געמאַכט ספּעציעל צוליב כאַפּן סאַווקען, ריכטנדיק זיך, אַז סאַווקע וועט וועגן דעם אַלץ דערציילן דעם ווויט, און דער ווויט וועט שוין טאָן אַלץ, אַז אַהער זאָלן קומען די פּאָליאַקן און סאַווקע וועט זיי געוויס ברענגען אַהער.

דער אַלטער טאַלאַש איז געזעסן אין ביידל אויף אַ דעמבענעם

קלאָץ מיט א וואזשנער און שטאָלצער מינע פון א פארטיזאנישן אטאמאן, האָט געפיפקעט, ארויסלאָזנדיק שטראָמען בלאָען רויך. פאר אים האָט זיך געדרייכערט א קליינ פײַערל. אינ בײַדל איז געלעגן שטרוי און הארטע היי. די עטלעכע דעריגעס, וואָס האָבן זיך געוואלגערט אבי־ווי, האָבן איידעס געזאָגט וועגן דעם, אז דאָ נעכטיקן מענטשן.

— אָט, באטינקע, האָב איך אים געבראכט אהער! ער וויל זײַן א פארטיזאן, — האָט טימאָך אָפגערעקאָמענדירט סאווקע מילהונעג.

— גוט, זונינקע, גוט!.. נו, גוטמאָרגן, סאווקע!

דער אלטער טאלאש האָט דערלאנגט סאווקען די האנט.

— וואָס־זשע האָט דיך געטריבן אפ אזא זאך?

— איך קען ניט רויִק זײַן — אזוינע אוולעס טוט מען אָפּ.

— און וואָסערע אוולעס האָסטו?

— דעם עמ/ס זאָגנדיק, האָבן זיי מיך ניט באאוולט. אָבער איך קאָן ניט צוזען רויִק, וויִאזוי מען באאוולט אנדערע. איר ווייסט דאָך. און וועגן אײַך רעדט מען אזויפיל, אז מיר האָט זיך פאָשעט פארוואָלט זײַן מיט אײַך, שלאָגן זיך איינגעם מיט אײַך ביז נויט. אפּ וואָסערע קלאָגן דארפ איך זיי?

— נו, גוט. מיר נעמען דיך צו. אָבער געדענק — דו דארפסט פאָלגן. בא אונדז איז, ווי אין דער ארמיי — שטרענג! וועלן מיר דיר געבן א באפעל, מוזטו אים אויספילן.

— אלץ וועל איך טאָן, וואָס איר וועט הייסן! — האָט היציק געמאָלדן סאווקע.

דער אלטער האָט אפ אים א קוק געטאָן. סאווקע האָט אפילע מיט אן אויג ניט א פינטל געטאָן.

— זייער גוט, איז אָט־וואָס. די ערשטע צײַט דארפסטו צוקוקן זיך צו די פאָליאקן, דערגיין, ווו איז זייער מיליטער, וווהין טרײַבט מען זיי. אָבער זע, זונינקע, האלט דעם צונג הינטער די ציינער. וואָס דו ווייסט וועגן אונדז, זאָלסטו קיינעם ניט דערציילן. ני־הו־הו.

— אוואדע. וואָס דען, איך ווייס דען ניט?—האָט אונטערגע-כאַפּט סאַווקע.

— דאָס איז אַלץ דערוואַילע. סטאַרע זיך, זונינקע.

ווי אַ גאַנעוו, האָט סאַווקע ארומגעקוקט דאָס בײַדל און דעם וואַלד.

— און איר, באַטינקע, ווילנט עס דאָ איינער אַליין?—האָט זיך פאַרינטערעסירט סאַווקע.

— ווי סע מאַכט זיך: אי אַליין, אי עס טרעפט, אז עמעצער קומט אין שכײַנעס. דו אָבער קום אהער ניט שפּעטער ווי אין דרײַ טעג ארום, וועסטו אונדז דערציילן, וואָס דו וועסט זיך דערוויסן פאַר דער צײַט. וועסט זיך פאַרשפּעטיקן, קאָן טרעפן אז דו וועסט מיך ניט דערוויסן דאָ.

אַף דעם האָט דער אַלטער טאַלאַש פאַרענדיקט זײַן אַ אודיִענץ. אין וואַלד דאָרטן, ווו עס קרייצן זיך איבער די וועגן, האָט זיך סאַווקע צעזעגנט מיט טימאָכן. אײַנגעהויקערט איז ער גע-גאַנגען דורכן וואַלד. ס'האָט אים עפּעס אָנגעהויבן ווערן אומ-היימלעך און ער האָט זיך אָנגעהויבן שרעקן פאַר דער ראָל, וואָס עס האָבן אים אָנגעבונדן דער ווויט און זײַנע גוטע ברידער. ס'האָבן זיך אָנגעהויבן באַוועגן אין אים די רעשטלעך פון גע-וויסן. פאַר זײַנע אויגן איז די גאַנצע צײַט געשטאַנען דער אַלטער טאַלאַש. אים האָט פאַריינס געקלונגען אפילע זײַן שטים. וווהינ־זשע גייט ער סאַווקע? מיט וואָס גייט ער? וואָס וועט ער זאָגן? ער וועט דערציילן, ווו עס געפינט זיך דער אַלטער טאַלאַש מיט זײַן זון און מיט מאַרטין ריזן. ער וועט פּאָשעט פאַרקויפן זיי, ווי ער פלעגט אמאָל פאַרקויפן גענאַנ-וועטע פערד. אָבער איין זאַך איז פערד, און דאָס זײַנען דאָך לעבעדיקע מענטשן, מענטשן, וואָס זײַנען פאַרטריבן געוואָרן אין לעכער ווי ווילדע חײַעס, מענטשן, וועלכע ווילן לעבן, וועלכע האָבן נאָך קיינמאָל קיין גוטס ניט געזען. עס זײַנען גע-ווען מאָמענטן, ווען סאַווקע האָט געוואָלט זיך שוין אומקערן

צוריק און דערציילן טימאָכן דעם גאנצן עמעס. אָבער סאווקע איז נאָך ניט אזוי ווייט פארגאנגען אין זיין פארברעכן. דער לעצטער און אנטשיידנדיקער מאָמענט פון זיין פארברעכן וועט זיין דעמלט, ווען ער וועט דערציילן דעם ווויט וועגן דעם אלטן טאלאשן. סאווקע האָט אלץ ניט געקאָנט באשליסן.

עס איז שוין געווען טיפע נאכט, ווען ער איז געקומען אין פרימאקי, אָבער אין די הייזער האָט נאָך ווו ניט ווו געפינקלט א פייערל. בא וואסילן אין שטוב איז קיין פייער ניט געווען. סאווקע האָט זיך אָפּגעשטעלט, איז אביסל געשטאנען, געוואָלט האָט ער א קלאפּ טאָן אין פענצטער, נאָר דערנאָך האָט ער א מאך געטאָן מיט דער האנט און איז אוועקגעגאנגען ווייטער. דאָך האָט זיך אים געוואָלט זען דעם ווויט און דעם וויטס גוטע־ברידער. מען האָט געדארפט ווי עס איז ארויספלאָנטערן זיך פון דעם מיעסן צושטאנד, אין וועלכן עס האָט זיך אריינגעפאקט סאווקע. און דאָס פייערל אין די פענצטער בא בירקען האָט אים א צי געטאָן, ווי עס ציט א נאכט־באבעלע. אכוץ אלעמען, איז סאווקע געווען א הונגעריקער.

דער באלעבאָס האָט אים געעפנט די טיר, סאווקע איז אריבערגעטראָטן דעם שוועל און האָט זיך אָפּגעשטעלט. דער טיש איז געווען צוגעדעקט מיט א טישטעך. אפן טיש איז געשטאנען א פלעשל סאמאהאָן אף א העלפט שוין אן אויסגעטרונקענע און צובייסן: גריבענעס און זויערע קרויט. דער ווויט איז געזעסן באם טיש פארכמורעט און שווארצ ווי די נאכט. ווי ער האָט דערזען סאווקען, איז ער אביסל לעבעדיקער געוואָרן, דער געלאסענער ברוי, איז מיט א ראש ארויס פון טיש.

— נו, אָט האָב איך אייך אויך סאווקען געבראכט,—האָט פייערלעך געמאָלדן בירקע.

— נו, זעצ זיך מיט אונדז!

סאווקע האָט אופגעהאנגען אף א טשוועק זיין היטל. דעם פעלצל האָט ער ניט אראָפּגענומען. ער האָט אים נאָר פאנאנ־

דערגעשפּילעט: אין שטוב איז געווען וואַרעם. און דערצו איז עס געווען ניט דער אָרט צום אויסטאָן זיך. אויסטאָן זיך איז גוט אין אַ קאָמפּאַניע פון גלײַכע מענטשן. צי קאָן אָבער סאַוקע גלײַכן זיך צו זיי, די רײַכע באַלעגופים? ווער איז אַזוינס סאַווקע? אַ גאַנעוו, אַ פערד־גאַנעוו, אַ מענטש, וועלכן מע קאָן אָפּקויפן און אויסנוצן אַף פּינצטערע געשעפטן. און אויב מע האָט אים אַרײַנגעלאָזן אין שטוב און אַוועקגעזעצט לעבן זיך באַם טיש, איז עס נאָר דערפאַר, וואָס זיי האָבן זיך געניייטיקט אין אים. דאָס אַלץ האָט עפּעס ווי באַליידיקט סאַווקען.

צוטרעטן גלײַך צום איניען, פּאַנאַנדערפּרעגן, מיט וואָס סאַווקע איז געקומען—האָט זיך קיינער ניט דערוועגט צו טאָן דער ערשטער. מע האָט זיך דורכגעוואָרפן מיט ווייניק באַדײַטנדיקע ווערטער און פראַזן, וועלכע האָבן קיין שײַכעס ניט געהאַט צו סאַווקעס מיסיע.

— טרינק, סאַווקע, און בײַס עפּעס צו, דו ביסט דאָך מיסטאָמע הונגעריק פון וועג.

ברוי האָט אים אָנגעגאָסן אַ גלאָז סאַמאָהאָן. מיט אומרויִקע און דורשטיקע אויגן האָט סאַווקע געכאַפּט אַ קוק אַפן טיש און אַפן צובײַסן. ניט אָפּרײַסנדיק זיך פון גלאָז, האָט ער אויסגעזשעליאָקעט דעם סאַמאָהאָן און ענערגיש אַוועקגעשטעלט די גלאָז אַפן טיש. דער סאַמאָהאָן האָט זיך שנעל צעגאָסן איבער זײַנע גלידער. עס האָט אים אַ זעץ געטאָן אין קאָפּ. ווי אַ וואָלף האָט ער געשלונגען די גריבענעס און האָט אָנגעשטאָפּט אַ פולן מויל מיט זויערע קרויט. די קרויט האָט געסקריפּעט און געטרעשטשעט אין זײַנע ציין און די קינבאַקן האָבן זיך באַוועגט, ווי מיל־שטיינער.

די גוטע ברירער האָבן געקוקט און אָנגעשטויסן זיך, אַז סאַווקע איז געקומען ניט מיט קיין ליידיקע הענט. סאַווקע האָט אַלץ געוואַרט, מע זאָל אים אַ פרעג טאָן וועגן אייסעק און ער האָט געפילט, אַז עס איז שוין צײַט אָנהויבן דעם שמועס. אָבער ער

האָט ניט געהאַט קיין ציגענרייטן פּלאַן וועגן דעם. ער האָט ביכלאַל ניט געהאַלטן פון פּלענער. ער פלעגט פּאָשעט טאָן אונ־טער דער ווירקונג פון מינוט.

— און מיר האָבן, סאַווקע, געוואַרט אַף דיר, געטראַכט וועגן דיר, באַומרויִקט זיך וועגן דיר—האָט דער ערשטער אָנגעהויבן זאַכלעך ריידן דער וואָיט!—נו, איז ווי ביסטו פאַרגאַנגען אַהין? וואָס האָסטו געהערט? דערציילן עפּעס.

סאַווקע האָט אָפּגעווישט די ליפּן. האָט זיך איינגעבויגן אונ־טערן טיש, האָט געבראַכט אין אָרדענונג די נאָז.

— איר האָט געוואַרט אַף מיר? איר האָט געטראַכט וועגן מיר? איר האָט זיך באַומרויִקט וועגן מיר? עך, סאַווקע! דו הערסט, וואָס סאַראַ קאָוועד מ'גיט דיר אָפּ... נישקאָשע. איך בין אַרומ־בעגאַנגען מיט די פיס, האָב געקוקט מיט די אויגן, געהערט מיט די אויערן—האָט סאַווקע אָנגעהויבן ריידן מיט אַ ביטערער איראָניע.

דער וואָיט און זײַנע גוטע ברידער האָבן אַראָפּגעלאָזן די נע־זער און אײַנגעבויגן די קעפּ. ס'איז פאָרגעקומען אַ קליינע, ניט אָנ־גענעם פּאַוזע, אַ קליינע צעטומלונג.

— דאָס אַלץ איז ריכטיק. אָבער מיר אַליין ווייסן, אַז גע־גאַנגען ביסטו ניט מיטן קאָפּ—האָט אויך אין אַ שפּאַס, סאַווקען אין טאָן אַרײַן אַ זאָג געטאָן ברוי.

— אַף וואָס דאַרף סאַווקע אַ קאָפּ?—האָט מיטן זעלבן טאָן אַ פרעג געטאָן סאַווקע. אַף וואָס דאַרף ער אים? פאַר סאַווקען וועלן קליגערע קעפּ צוטראַכטן. סאַווקעס זאַך איז—דוקן זיך מיט די פיס.

— דו ביסט עפּעס, סאַווקע, ניט מיט אַלעמען. ביסט עפּעס ניט אויפגעלייגט. טרינק אויס נאָך אַביסל.

דער באַלעבאָס האָט אים אָנגעגאָסן סאַמאָהאָן, סאַווקע האָט אָפּגעקערט צאָנאַזײַט בירקעס האַנט מיטן גלאָז.

— איך וויל ניט!—האָט ער קאַטעגאָריש געמאָלדן.

זײַן אופירונג האָט אַלעמען פאַרווּנדערט.

— וואָס בונטעווסטו, סאַווקע? — האָט זיך צו אים שטרענג געווענדעט דער ווייס. רייד צו דער זאַך, ווען מענטשן פאַר־ברענגען מיט דיר.

— מענטשן? וואָסערע מענטשן? ווער, איר זײַט מענטשן? מענוואָלים זײַט איר, ניט קיין מענטשן. איך בין אַ הולטײַ און אַ גאַנעוו, אַ פערד־גאַנעוו, אַ פאַרפאַלענער מענטש. איך בין גאָר קיין מענטש ניט. אָבער איר זײַט מײַן פּיאַטע ניט ווערט. איך האָב געגאַנוועט און געהאַנדלט מיט פערד, און איר האַנדלט מיט מענטשן און מיט אײַער געוויסן. איר זײַט מיִעסניקעס, גאָרנישטן. אַפּ אײַך איז נאָר אַ שפּײַ טאָן און צוטרעטן עס.

— סאַווקע, האָסט פאַנאַנדערגעלאָזן דעם צונג. אי, זע נאָר! — האָט אים אַ דראָע געטאָן דער ווייס.

מיט סאַווקען האָט זיך עפּעס געטראָפן. זײַן אופירונג האָט שטאַרק אָנגעהויבן באַאומרויִקן דעם ווייס און זײַן כאַווראיע, זיי האָבן נאָך ניט פאַרלאָרן די האָפענונג צו דערגרייכן די סיבע, פאַרוואָס סאַווקע פירט זיך אויף אַזוי מאָדנע. אָבער סאַווקע האָט זיך אײַנגעשפּאַרט ווי אַ שטיין. ער האָט זיך נאָר געזידלט, האָט באַליידיקט די אָנגעשיקערטע קאָמפּאַניע און האָט איר בע־ריבן אַ מאָרדע, ווי נאָר ער האָט געקאָנט.

דער ווייס האָט ענדלעך פאַרלאָרן דעם געדולד.

— גענוג צו פאַרײַסן זיך, סאַווקע, גענוג צו פּראַווען שטיק! איך וועל געפינען אַ מיטל ווי צו צווינגען דיך, דו זאָלסט דערציילן אַלץ, וואָס מע דאַרף.

— דו ווערסט מיך צווינגען ריידן וועגן דעם, וואָס איר דאַרפט? דערציילן אײַך וועגן דעם אַלטן טאַלאַשן, וועגן מאַרטין רילן, ווו און וויִאַזוי צו כאַפּן זיי? אַ פײַג, גייט אײַך אַליין און זוכט זיי אויף. איך בין אײַך שוין מער קיין קנעכט ניט!

סאַווקע האָט זיך געשטעלט אַפּ די פיס און האָט מיט די פויסטן אונטערגעשפּאַרט די זײַטן זײַנע, האָט אַ וואָרף געטאָן אַפּן טיש

די גלאָז און די פלעשל מיט דער ניט דערטרונקענעם ביזנ סאָפ סאמאָהאָנ. סאווקעס צעפודלטער קאָפ מיט א גאנצער קוטשמע שווארצע האָר האָט זיכ פאוואָליע געשאָקלט. דעמ וויט איז גאָר ניט געפעלנ געוואָרנ סאווקע מילהונס האָפערדיקײַט. עס האָבנ אפ אימ בײַז א קוק געטאָנ אויכ דעמ וויטס גוטע ברידער.

דער וויט האָט זיכ מיטנ גאנצנ קערפער מיטאמאָל א קער געטאָנ צו סאווקענ.

— וואָס מאכסטו פארא שטיק?—האָט ער א געשריי געטאָנ אפ סאווקענ:—זעצ זיכ! און אינ דעמ זעלבנ מאָמענט האָט ער אימ א כאפ געטאָנ פאר די פלייצעס און שטארק א קוועטש געטאָנ, קעדיי אוועקזעצנ סאווקענ אפנ באנק. סאווקע האָט א הייב געטאָנ אינדערהויכ זײַנע בויגעוודיקע עלנבויגנס און מיט איינ עלנבויגנ האָט ער שטארק א קלאפ געטאָנ דעמ וויט איבערנ נאָז.

— וואָנ, פריצישער אונטערלעקער!

דער וויט האָט זיכ פארמאָסטנ און א טראסק געגעבנ סאווקענ אינ די ציינער. האָט זיכ אופגעהויבנ א טומל, א געשריי, זיי האָבנ זיכ אײַנגעטשעפעט און מיטנ גאנצנ קויעכ געשטורכעט און געלופעט איינער דעמ צווייטנ. בירקע און ברוי האָבנ זיכ א וואָרפ געטאָנ העלפנ דעמ וויט. טאווקע האָט א כאפ געטאָנ פונ טיש א מעסער מיט א שארפנ שפיצ און האָט אימ א רוק געטאָנ דעמ וויט אינ זײַט ארײַנ. דער וויט האָט זיכ א וואקל געטאָנ, איז בלייכ געוואָרנ און האָט זיכ צוגעזעצט, האלטנדיק זיכ פארנ זײַט. און סאווקע האָט מיטנ גאנצנ קויעכ א שטויס געטאָנ דעמ טיש. דער טיש האָט מיט א בראזג א פאל געטאָנ אפנ דיל. סאווקע איז ווי א טיגער איבערגעשפרונגענ איבער אימ, האָט א כאפ געטאָנ פונעמ טשוועק דאָס היטל און זיכ געלאָזט צום טיר. נאָכ אימ האָבנ זיכ א לאָז געטאָנ בירקע און ברוי.

— האלט אימ! קאראול—האָבנ זיי געשריִענ און געלאָזנ זיכ יאָגנ

נאָך סאַווקען. און אָט דער דאָזיקער געשריי, ווי א גוואַלד פון פאַרצווייפלונג, איז געבליבן שוועבן אין דער געדיכטער פינצ־טערניש פון דער פּאָלעסיער נאַכט, האָט געוועקט און באַ־אומרויִקט די איינגעשלאָפענע הינט.

## XXVIII

סאַווקע וואָלט געוויס אַנטלאָפן, ווען נאָך אים וואָלטן זיך ניט אַ לאָז געטאָן נאָכיאָגן ניט נאָר די באַלעבאַטים, נאָר די הינט אויך. מע האָט אים אָנגעיאָגט און אַהלושעט מיט אַ שטעקן, אַ וואָרף געטאָן פון די פיס, געקלאַפּט און געטויטשעט און דערנאָך האָט מען אים קוים אַ לעבעדיקן געבראַכט צושלעפּן אין שטוב, ווו מע האָט אין דערזעלבער צײַט אַרומגעוואַשן און פאַרבונדן די וווּנד דעם וויט. די וווּנד איז געווען, ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, ניט קיין טיפע און ניט זייער קיין שרעקלעכע, כאָטש דער מעסער האָט אים פאַרטשעפּעט דעם לעבער און דער וויט האָט געפונען אין זיך קרעפטן אָפּ אָפּגעבן אַ פאַראָרדע־נונג אָפּשיקן סאַווקען וווּהין מע דאַרף און איבערגעבן דאָרט, אַז סאַווקע האָט געהאַט געשעפטן מיט די אופשטענדלער. מע זאָל אים דאָרטן ווי געהעריק אויספרעגן: סאַווקע ווייס, ווו עס באַהאַלטן זיך די אופשטענדלער.

פאַר דער פוילישער קאָנטר־ראַזוועדקע איז סאַווקע מילהונג געווען זייער אַן אינטערעסאַנטע און זייער אַ נויטיקע מעציִע. אָט פאַרוואָס, אַז מע האָט זיך דאָרט דערוווּסט, ווער עס איז אַזוינס סאַווקע, וווּהין און נאָך וואָס ער איז געגאַנגען און וואָס פאַרא ראָל ער האָט געדאַרפט שפּילן, האָבן די אָנפירער פון דער קאָנטר־ראַזוועדקע געמאַכט אַן עקסטרע באַראַטונג און האָבן באַ־שטימט גלײַך אויספרעגן סאַווקען, אויסנוצנדיק צו דעם אַלע מיטלען, אַז מען זאָל זיך קאָנען דערשלאָגן פון אים די נויטי־קע ידיִעס. סאַווקען האָט מען אָנגעטאָן קייטן אויף די הענט,

מע האָט אים ארומגערינגלט מיט א שטארקן קאָנוואָי און גע־בראכט אינעם צימער, ווו מען פרעגט אויס.

סאווקע איז אפ זײַן לעבן דורכגעגאנגען ניט איין פארהער־קאמערע, דער צימער איז געווען זייער א געראמער. אין מיטן צימער איז געשטאנען א שווערער טיש. ארום טיש זײַנען גע־זעסן דרײַ נעפאשעס. איינער פון זיי, א געלער מאנספארשוין מיט א גראָבער מאָרדע, האָט זיך באזונדערס געוואָרפן אין די אויגן מיט זײַן ווילדן פארצעפ און טעמפער קאלטקייט. דער צווייטער איז געווען א קורצינקער און א זשוואווער, מיט א קרומלעכן נאָז און א גלאט־געגאָלטער. אפ זײַנע ליפן האָט אום־געפויזעט א זיסינקער שמייכל. דער דריטער א לאנגער, א דא־רער און א פארומעטער מיט א פאָנעם פון ערד־קאָליר איז גע־זעסן איבער עפעס א פאפיר, פארטיפט אין לייענען און געמאכט ווו־ניט־ווו באמערקונגען אפ אים. פון דער זײַט אין ווינקל האָט זיך געזען נאָך איין טיר, א שמאָלע און נידעריקע, וועלכע האָט אַנגעוואָרפן אן איימע און האָט ארופגעפירט אפ ניט קיין פריי־לעכע געדאנקען.

עטלעכע מינוט האָט מען אפ סאווקען ניט געלייגט קיין שום אכט. די דרײַ, וואָס זײַנען געזעסן באם טיש, האָבן זיך דורכגע־וואָרפן צווישן זיך מיט קורצע פראזן און האָבן צוגעשאָקלט מיטן קאָפ, דאָס הייסט, אז זיי זײַנען מאסקים. אָט די גאנצע אומגעבונג און דאָס שטילע דורכריידן זיך האָט געדריקט סאוו־קען און אָנגעוואָרפן אפ אים א שרעק. ער איז געשטאנען אום־באוועגלעך, האָט געקוקט אין איין פונקט, קעדיי באווײַזן, אז ער איז א לאָיאלער מענטש און האָט געווארט מיט שרעק, פון וועלכן זײַט און מיט וואָס פארא קראפט מען וועט אפ אים אופהייבן דעם פלאָקן. זײַנע געדאנקען, וועלכע האָבן זיך ארויס־געשלאָגן פון זייער געווײַנלעכן גאנג דורך דער דאָזיקער אום־דערווארטער געשעעניש, זײַנען איבערגעפלויגן פון איין זאך אפ דער צווייטער.

ענדלעך האָט דער געלער, ווײַזט אויס, זייער עלטערער, אופ־געהויבן דעם קאָפּ און אײַנגעגעסן זיך אין סאָווקען מיט זײַנע דורכדרינגענדיקע אויגן. האָט געקוקט בא א מינוט, פונקט ווי ער וואָלט אים פארקישעפט.

— קום אהער! — האָט ער שטיל, אָבער מיט א שטים פון א באפעל א רופ געטאָן סאָווקען.

א צעהארגעטער, א צעמאַזיקטער, אין בלאָע בלוט־שטורצן און אין קייטן אפ די הענט האָט סאָווקע א טראָט געטאָן צום טיש און האָט זיך אָפּגעשטעלט.

דער זשוואַווער כעוורעמאַן האָט זיך אײַנגעקוקט אין סאָווקען מיט זײַנע מײַזישע אויגלעך. דער זיסינקער שמייכל האָט נאָך מער פארקרימט אים דעם נאָז.

— ווי האָט מען דאָס דיך אזוי צעבײַלט? — האָט ער מיטפילנדיק א פרעג געטאָן סאָווקען. פון אופרעגונג און פון אלץ, וואָס ער האָט איבערגעלעבט פאר דער לעצטער צײַט, איז בא סאָווקען טרוקן געוואָרן אין מויל און זײַן שטים איז הייזעריק געוואָרן.

— מען האָט אויסגעטרונקען און צעשלאָגן זיך, — האָט קורץ געענטפערט סאָווקע און האָט פאר זיך א טראַכט געטאָן, אז עס איז ניט קעדײַ ריידן אפולע, קעדיי ניט פארפלאָנטערן זיך נאָך ערגער, מען דארף בלויז ענטפערן אפ דעם, וואָס מען פרעגט.

— אויסגעטרונקען און צעשלאָגן זיך, — האָט איבערגעכאַזערט דער זשוואַווער און האָט זייער כיטרע און פילדײַטיק א שמייכל געטאָן. און דער דאָזיקער שמייכל האָט באטײַט: „ברײַע, ברײַע א קאָפּ! מיר ווייסן עפּעס אנדערש און אסאך ערגערע זאַכן".

דערנאָך האָט דער געלער אָנגעהויבן אויספרעגן.

— ווי רופט מען דיך?

— ווי אַלט ביסטו?

— מיט וואָס האָסטו זיך באשעפטיקט?

— צי האָסטו זיך ווען געמישפּעט?

— פארוואָס געמישפּעט זיך?

אָט די אַלע פראגן, ווי נאָך אנדערע אזוינע פראגן זיינען שוין פאר סאוּוקען געווען ניט קיין נייס און ער האָט אפּ זיי שוין ניט איינמאָל געענטפערט. אָבער אויך אפּ די פראגן האָט ער געענטפערט מיטאקיוון אביסל געפלאָנטערט, קעדיי צו באַוויַזן זייַן טאמעוואטקייַט. סאוּוקע האָט געוווּסט, אז אסאך שווערערע פראגן דערוואַרטן אים נאָך שפּעטער. און אזעלכע פראגן האָט אים גלייַך טאקע אוועקגעשטעלט דער געלער.

— דו אנערקענסט די „פּוילישע מאכט"?

סאוּוקע האָט א טראכט געטאָן און געזאָגט:

— כ'אנערקען.

אין אזוינע באדינגונגען איז שווער געווען ניט צו אנערקענען די „פּוילישע מאכט".

— דו ווייסט,—האָט ווייַטער געזאָגט דער געלער,—אז א וויט איז א „פּוילישער פאָרשטייער פון דער מאכט". וואָס זשע האָט דיך געצווּנגען פּרוּוון זיך דערהארגענען דעם וויט?

— פּרוּוון זיך דערהארגענען דעם וויט?—האָט זיך פארוווּנדערט סאוּקע:—קיין שום פּרוּוו אפּ הארגענען האָב איך ניט געמאכט און אפילע אין זינען ניט געהאַט.

— אָבער א מעסער אין זייַט האָסט אים אריַינגערוקט?

סאוּוקע האָט זיך נאָך מער פארכידעשט. זייַן פּאָנעם האָט אויסגעדריקט א שרעק—ווי קאָן דאָס גאָר זייַן, אז ער זאָל אריַינזעצן דעם וויט א מעסער אין זייַט?

— איז ווער זשע האָט אים אריַינגערוקט א מעסער אין זייַט?

— איך געדענק דאָס ניט.

— אָבער דו געדענקסט, אז „מע האָט אויסגעטרונקען און צעשלאָגן זיך"?—האָט דער זשוואַווער מיט א זיסינקן געלעכטער דערמאָנט סאוּוקען זייַנע ווערטער.

— אז מע האָט אויסגעטרונקען און צעשלאָגן זיך—דאָס גע־

דענק איך, אָבער ווי האָט מען זיך געשלאָגן, צי איך האָב זיך געוואָרפן אפן וויט מיט א מעסער—געדענק איך ניט.

— צוליב וואָס האָט זיך דאָס בא אײַך אָנגעהויבן דער געשלעג?

די דאָזיקע פראגע איז פאר סאווקען געווען א געפערלעכע. קעדיי ענטפערן אפ דער פראגע, האָט מען געדארפט אסאך דערציילן. סאווקע האָט אָבער ניט בעוווּסט, אין וואָס פארא מאָס זײַנען אינפאָרמירט זײַנע אויספאָרשער. בעסער זײַן פאָרזיכטיקער, און ווײַטער וועט מען זען.

— אז מען טרינקט אויס, שלאָגט מען זיך שטענדיק. איך בין געווען שיקער און איך געדענק גאָרנישט,—האָט זיך סאווקע אָנגעכאפט אָן דעם, ווי אָן דער בעסטער דערקלערונג.

— נו, איז וועל איך דיר דערמאָנען,—האָט געזאָגט דער גע־לער. און ער האָט דערציילט וועגן סאווקעס שמועס מיטן וויט און מיטן וויטס גוטע ברידער. סאווקע האָט פארשטאנען, אז די אויספאָרשער ווייסן שוין וועגן דער ראָל, אפ וועלכער עס האָט אים געדונגען דער וויט און זײַן כאַווריײַע. האָט ער זיך געלאָזן אפ כיטריקעס: ער וועט אליין דערציילן וועגן דעם אלעם, ער וועט נאָר ניט דערציילן וועגן דער באַגעגעניש מיט טימאָך בודזיקן און מיטן אלטן טאלאשן, קעדיי פארסטראכירן זיך אפ יעדן פאל פון זיי אויך. האָט ער טאקע אזוי געטאָן און האָט אָנגעהויבן זײַן דערציילונג פון דעם, וואָס ער האָט צוגעזאָגט דערציילן דעם עמעס און וועט זיך מוידע זײַן.

זיי האָבן געהערט סאווקען אופמערקזאַם. ווען סאווקע האָט געענדיקט, האָט מען אים אפילע געגלייבט, וואָס ער האָט זיך גענומען פאר א גוטער זאך, פאר אופדעקן די פארברעכער און די סאָנים פון דער פוילישער „מאכט", וועלכע ברענגט דעם פאָ"ק „פרײַהײַט" און באפרײַונג פון די באָלשעוויקעס. אָבער זיי האָבן דערהאַרט, אז סאווקע זאָל דערציילן וועגן דאָס סאמע וויכ־טיקסטע פאר זיי און זײַנען ניט געווען צופרידן מיט אזא מינ מוידע זײַן זיך. אָבער סאווקע האָט געענדיקט.

אנ׳ערעכ א מינוט האָט מען געשוויגן. קוקנדיק שטילערהייט אפ סאַווקען, האָט דער געלער געפּויקט מיט די פינגער איבערן טיש. באַ דעם זשוואַוון איז געווען אַזאַ אויסזען, פּונקט ווי ער וואָלט אָקאָרשט געקליבן זיך הערן ווענן דאָס סאַמע אינטערע־סאַנטסטע און סאַװקע האָט אַזוי ניט צו דער צײַט אָפּגעהאַקט זײַן דערציילונג. אפילע דער לאַנגער האָט אָנגעשפּיצט זײַנע אויערן. ניט דערוואַרטנדיק זיך, אַז סאַווקע זאָל ענדיקן דערציילן, האָט דער זשוואַווער אונטערגעפירט אַ סאַכאַקל פון דעם, וואָס די אויספאָרשונג האָט פעסטגעשטעלט.

— מיר האָלטן פאַר פעסטגעשטעלט, אַז דו האָסט געמאַכט אַ פרוּוו צו דערמאָרדן אַ „רעגירונג“־פּערזאָן... און פאַרשרײַבט טאַקע אַזוי,—האָט ער אַ קער געטאָן זײַן קרומען נאָז צום לאַנגן און פאַרכמורעטן מענטשן, וואָס האָט געהאַט אַ פּאָנעם פון ערד־קאָליר.

— יע, הייסט עס, אַז דער פרוּוו צו דערמאָרדן איז אַ פעסט־געשטעלטער פאַקט,—האָט ווידער איבערגעכאַזערט דער זשוואַ־ווער, ווענדנדיק זיך צו סאַווקען:—דאָס אליין איז גענוג, אַז מען זאָל דיך לויטן געזעץ פון מיליטערישן געריכט אופּהענגען. יע, אופּ־הענגען. ווײַטער. פון דײַנע באַווײַזן קומט אויס קלאָר און לאָגיש, אַז דו האָסט געהאַט אַ שײַכעס צו די אופשטענדלער קעגן דער פּויליי־שער „מאַכט“ און דו האָסט דאָס פאַרלייקנט. און דערפון דרינגט אַרויס, אַז דו פּילסט מיט די פאַרברעכער און באַהאַלטסט זיי. אַנדערש גערעדט—דו אַליין ביסט פּונקט אַזאַ פאַרברעכער און ווידער אַמאָל פאַרדינסטו, אַז מ׳זאָל דיך אופהייבן אפ דער טליִע, יע, יע. אָבער דו קענסט זיך נאָך ראַטעווען, אויב דו וועסט אונדז זאָגן, ווו געפינען זיך די פאַרברעכער, מיט וועלכע דו האָסט זיך געזען און געשמועסט, און וועסט אונדז העלפן פאַקן זיי.

סאַווקע האָט זיך אַרײַנגעפּאַקט אין זייער אַ שלעכטער לאַגע. אָבער ער האָט געטראַכט, אַז דאָס נעמט מען אים „אפ זיכער“,

ווי מען רופט עס אפ דער שפראך פון די ארעסטאנטן. ער האָט זיך איינגעשפארט און האָט אקשאָנעסדיק אָפּגעלייקנט, אז ער האָט זיך געזען מיט די אופשטענדלער און אז ער האָט גערעדט מיט זיי א לאנגע צייט. לאנג האָבן זיך די אויספאָרשער געאמפערט מיט אים ארום דעם דאָזיקן פונקט, האָבן געפרווווט אים איינריידן, צוזאָגן אים, דראָען אים, געסטארעט זיך ווירקן אפ אים אפ פארשיידענע אויפאנים, אָבער סאווקע האָט געטייַנעט איינס:

— איך ווייס ניט. כ'האָב ניט געזען.

דאן האָט דער געלער שנעל געענדערט די טאקטיק פון אויס־פאָרשן. ער האָט זיך פליוצלונג א שטעל געטאָן אפ די פיס, זיין פּאָנעם האָט זיך אָנגעגאָסן מיט בלוט. ווי מיט א קלאָץ האָט ער א האק געטאָן מיטן פויסט איבערן טיש און א געשריי געטאָן.

— לייגסט, אויסוווּרף! מיר וועלן דיך אָבער אפ אן אנדער אויפן אויספאָרשן.

ער האָט זיך א ריס געטאָן פון טיש און בייז א לאָז געטאָן זיך צו דער שמאָלער און נידעריקער טיר. ער האָט א פאָר מאָל א שטארקן קלאפ געטאָן אין טיר און א רופ געטאָן:

— אדאָלף!

אין איין אויגנבליק האָט זיך די טיר געעפנט. איינבויגנדיק דעם קאָפ, איז א געזונטע פיגור פון א הראָמילע אריבערגעטראָטן דעם שוועל און איז ארייַן אינעם פארהער־צימער.

— וואָס איז, פאנ?—האָט א דונער געטאָן זייַן שטים.

דער געלער האָט אים א ווונק געטאָן אפ סאווקען.

— דערגיין בא אים דעם עמעס!

סאווקע האָט ניט באוויזן ארומקוקן זיך, ווי עס האָבן אים א כאפ געטאָן א פאָר אייַזערנע הענט און אוועקגעשלעפט אין יענעם שרעקלעכן צימער, וואָס האָט נאָך פון אָנהייב אָן גע־צויגן צו זיך זייַן אופמערקזאמקייַט. אפ א ווייַלע איז ער גע־בליבן אָן זינען. צו זיך איז ער געקומען ערשט דעמלט, ווען זייַן אלדז איז געווען פעסט אייַנגעשטשעמעט אין הילצערנע צוואנ־

גען. ער האָט דערפילט, אַז עפּעס אַ מאָדנע קראַפט רײַסט אים אָפּ פון דער ערד. אַ שרעקלעכער ווייטעק האָט אים ווי מיט אַ נעפּל פאַרצויגן די אויגן. זײַנע אָדערן און ביינער האָבן זיך פאַ־נאַנדערגעצויגן און זײַנע גרייט געווען יעדע ווײַלע פּלאַצן. ער האָט זיך צעשריִען מיט אַ שרעקלעכן ווילדן געשריי און האָט געכאַלעשט. ווען ער איז געקומען צו זיך, האָט ער באַמערקט, אַז ער ליגט אויפן דיל און אַרום אים שטייט דער שרעקלעכער אַדאָלף, דער געלער און דער זשוואַווער.

סאָווקע האָט טעמפּ אַ קוק געטאָן דעם געלן אין די אויגן.

— וועסט זאָגן דעם עמעס? ווּ זײַנען די אופשטענדלער?

— איך ווייס ניט,— האָט געענטפערט סאָווקע.

ער האָט געמיינט, אַז איצט וועט מען אים גלויבן, אָבער דער געלער האָט ווידער אַרויפגעטאָן:

— אַדאָלף!

סאָווקע האָט דערפילט, אַז מער קיין קויעך וועט ניט סטײַען, ער וועט ניט אויסהאַלטן, און ער האָט זיך אונטערגעגעבן.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . .

דרײַ פורן מיט גוטע פערד, אײַנגעשפּאַנט אין ברייטע גראַמע שליטנס, טראָגן זיך שנעל דורך די וואַלד־וועגן און הרעבליעס צווישן בלאָטעס. אין די שליטנס זיצן ניט קיין באַקאַנטע מענ־טשן, קאָנטיק פונדערווײַטן געקומענע. אויף דרײַ פורן זיצן זיי 13 מאַן. און אַלצ אַזעלכע פעסטע, יונגע, געזונטע, איינע אין איינע.

אויפן אויסזען זײַנען זיי פּאָלוואַרניקעס, מיטעלע באַלעבעסלעך און האַלטן האַלטן זיי זיך ווי שליאַכטיטשעס, אָנשטענדיק. וווּהין פאָרן זיי? צי פאָרן זיי ניט צו גאַסט אין אַ וועלכן ניט איז כוטער?

עס איז נאָר אינטערעסאַנט, וואָס עס פאָרן איינע מאַנספּאַר־שוינען. אָבער די נאַכט באַהאַלט זיי מיט איר פינצטערניש פון

די, וועלכע אינטערעסירן זיך א קוק טאָן אַפ זיי. סיידן נאָר
א זעלטענער פּוסגייער, וואָס האָט זיך פּאַרשפּעטיקט אינ וועג,
באַגלייט זיי מיט טשיקאַווע אויגן, טרעט אָפּ אַנאַזייט און פרעגט
בא זיך אַליין: „וואָס זיינען דאָס פאַר א מענטשן?“ און ער קען
זיך בעשום־אויפן ניט אָנשטויסן, אַז די דאָזיקע מענטשן זיינען
איבערגעטאָנענע אַגענטן פון דער פּוילישער קאָנטר־ראַזוועדקע,
אַז אַפּ דער פאָדערשטער פור זיצט סאַווקע מילהון און באַ־
ווייזט דעם וועג אינ יענעם וואַלד, ווו עס האָט זיך געטוליעט
און אויסבאַהאַלטן טאַלאַש, וועלכן מע האָט אַרויסגעטריבן פון
שטוב, און עס שטויסט זיך אויך ניט אָן סאַווקע, אַז דאָרטן
אינ וואַלד וואַרט מען שוין אַפּ אים און אַפּ זיינע „געסט“.

סאַווקע פילט זיך ניט זייער גוט און ניט דערפאַר, וואָס עס
האָט אים גוט צעמאַזיקט דעם וויטס כעוורע און האָבן אים אי־
בערגעגעבן אינ די הענט פון די דאָזיקע הענקער, ניט דערפאַר,
וואָס זיי האָבן זיך אײַזדעקעוועט איבער אים, האָבן אים אַרויס־
געצויגן די אָדערן פון די ביינער, נאָר דערפאַר, וואָס זיי האָבן
זיין ווילן, זיין איינגעשפּאַרטקייט איינגעבראָכן און געצוווּנגען
אים טאָן אַזוי, ווי זיי האָבן דאָס געדאַרפט. סאַווקע האָט גע־
וואָלט אָפּרעכענען זיך מיטן וויטס און מיט זיין כאַוורייע, צע־
רייסן מיט זיי דעם קאָנטראַקט און אָפּטשעפּען זיך פון דער שמו־
ציקער ראָל, אַפּ וועלכער מע האָט אים געשטויסן. ער וואָלט
זיך ווי עס איז איבערגעוואָרפן, וואָלט דורכגעלעבט זיך אָן
זייער לאַסקע אויך. אָבער עס איז געשען ניט אַזוי־
מיעס, גאָר מיעס האָט זיך עס אַלץ א דריי געטאָן און סאַווקען
נעמט אָן א מוירע פאַרן וואַלד, פאַרן ביידל, ווו ער האָט געשמו־
עסט מיטן אַלטן. און דער אַלטער טאַלאַש אַליין שטייט אים
פאַר זיינע אויגן און אינ די אויערן קלינגען זיינע ווערטער:
„האַלט דעם צונג הינטער די ציין!“ און סאַווקע האָט געוואָלט
האַלטן דעם צונג הינטער די ציין, גיט דערפאַר, ווייל אַזוי האָט
געזאָגט דער אַלטער טאַלאַש, ניין—ער האָט פּאָשעט אַליין גע־

שראָקן זיך פאַר דער ווילדקייט פון דער זאַך, פאַר וועלכער ער האָט זיך גענומען אזוי לײַכטזיניק. און עפשער וועט דאָרטן קיי־נער ניט זײַן? אָט וואָלט געווען גוט, ווען דאָרט וואָלט געווען א פוסטע בײַדל! דער געלער וועט גאָרנישט ניט מאכן מיט אים, אויב זיי וועלן דאָס בײַדל געפינען א פוסטע: סאוו קע האָט דאָ ניט געקאָנט צובינדן דעם אלטן טאלאש, אָבער די שפורן זײַנע וועט מען געפינען.

סאוו קע טראכט ניט, וואָס עס וועט זײַן ווײַטער, ווען זיי וועלן זיך אומקערן פון וואלד. ער טראכט אפילע אויך ניט וועגן דעם, וואָס ער געפינט זיך ארעסטירט, וואָס בא אים פון די הענט האָט מען ניט אראָפּגענומען די קייטן: מע וועט זיי אראָפּ־נעמען דעמלט, ווען סאוו קע וועט באוויַזן דאָס בײַדל, ווו עס האָבן זיך באהאלטן די געפערלעכע פירער פון די אופשטענדלער — אזוי האָט מען אים צוגעזאָגט. סאוו קע גלויבט זיי שוין ניט.

אָבער איצטער שפּירן וואכזאם נאָך סאוו קעס יעטווידער בא־וועגונג צוויי פּאָר אויגן. צוויי הענט האלטן גרייט די רעוואָל־ווערן. זאָל נאָר סאוו קע א דריי טאָן זיך א האָר שטארקער ווי מע דארף, אָדער זאָל ער נאָר עמעצן א געשריי טאָן, אז ער איז ארעסטירט — וועט מען אים גלײַך שיסן ווי א הונט, און עפשער פּאָרט א פּרווו טאָן זיך מאכן די פּלייטע אין וואלד? ס'איז נאכט, וואלד, פינצטער...

סאוו קע פילט זיך שלעכט און גראָד דערפאר, וואָס ער דער־טראכט ניט ביז ן סאָף זײַנע געדאנקען, טוט אלץ אין דער וועלט אריַין, פארלאָזט זיך ראק אפ ניסים, אפ א גליקלעכן צופאל. סאוו קע האָט מוירע פאר יענעם וואלד. ניין, ניט פארן וואלד; שרעקלעכער פאר אלץ איז דער מענטשלעכער געריכט. און אָט דער דאָזיקער וואלד איז שוין נאָענט. באלד וועט זיך דער וועג ענדיקן — מען וועט דארפן גיין צופוס.

די פאָדערשטע פור שטעלט זיך אָפּ. די אנדערע צוויי פורן פאָרן אויך אונטער און שטעלן זיך אויך אָפּ. עס איז אינגאנצן דרײַ

קילאָמעטער פון יענעם אָרט, ווו עס שטייט דאָס ביידל, דאָס אָרט, ווו עס באהאלט זיך דער אלטער אטאמאן, זיין זון און זיין געהילף מארטין ריל. די קאָמאנדע פירט דער געלער.

— צום געווער!—קאָמאנדעוועט ער שטיל.

די שפיקעס און אגענטן ווארפן אראָפּ דעם מאסקאראד, נעמען זיך פאר די ביקסן, רעוואָלווערן, לייגן אריין קוילן און קריכן ארויס פון די שליטנס. זיי גיבן זיך א ריר פון אָרט, גייען אין א פאנאנדערגעצויגענער קייט איינער נאָכן צווייטן דורך א שמאָלן וואלד־וועגעלע. פאָרויס גייט סאווקע און זיינע צוויי קאָנוואָירן. מע לאָזט אים ניט אָפּ פון אויג, מע לאָזט ניט ארויס פון האנט. מע גייט ווי וויים מעגלעך שטיל, מע רעדט פאָרזיכטיק, קעדיי ניט אָנמאכן קיין טומל. און דער וואלד, איינגעוויקלט אין פינצטערניש, כאפט פילבאר אופ יעטווידער ניט פאָרזיכטיקן קלאנג, יעטווידער גערויש. דער וואלד שווייגט טעמפּ, איינגעביסן, פארשטומט. עס דוכט זיך אויס—עס איז פוסט אין אים, ניטאָ קיין מענטשן, ס'איז טויט. אָבער דאָס דוכט זיך נאָר אזוי, אז עס איז שטיל און טויט. אין אָט דער דאָזיקער טויבער אָנגעשטרענגטקייט פון דער נאכט־פינצטערניש באוועגן זיך אין וואלד ווי שאָטנס מענטשן פארבאָרגענע, וואָס דרינגען דורך די פינצטערניש מיט די אויגן. זיי ווייסן שוין—דער סוינע איז אין וואלד, זייער בלוטיקער סוינע, פון וועלכן זיי האָבן ניט ווו אהינצוטאָן זיך. זיי רעכענען אונטער זייערע קראפט, שפּטשענדיק גיבן זיי איבער איבער דעם געדיכטן קרייז פון די מענטשן די ידיעס, וואָס זיי האָבן באקומען וועגן דעם סוינע, און ציִען ענגער צונויף דעם קרייז.

און דער סוינע דערנעענטערט זיך. סאווקעס אויגן קוקן זיך איין אומרויִק אין דער פינצטערניש פון וואלד, אין יענער זייט, ווו עס שטייט דאָס ביידל. זיי גאנווענען זיך שוין בא א שאָצייט. דאָס ביידל דארף שוין זיין דאָ נאָענט. און פּלוצלונג—אין וועלדל האָט א פינקל געטאָן א פייערל. דאָס פייערל שימערירט

ווי א וועלפישע אויג אין דער נאכט־פינצטערניש. עך, אלטער, אלטער! דו העלפסט אליין דעם סוינע, דו פארלייכטערסט אים די אויפגאבע. סאווקענ טרייסלט, ווי אין א קאדאָכעס, זיינע הענט ציטערן.

— דאָ! — שעפטשעט ער די קאָנוואָירן און ער ווייזט אף א קליינינקן רויטן פלעק.

מע שטעלט זיך אָפּ.

סאווקע און זיינע צוויי קאָנוואָירן בלייבן פון הינטן. סאווקעס מיסיע, די פאסקודנע פארעטערישע מיסיע איז געענדיקט. און צען מאן אונטער דעם געלנס קאמאנדע גייען ווייטער, זיי גייען זיך פאנאנדער אין א רונג, כאפן ארום פונדערווייטנס מיטן דאָזיקן רונג דאָס ביידל און דעם שטילן פרידלעכן פייערל ארום אים. לאנגזאם ביז ווייטעק אָנגעשטרענגט ציען זיך מינוטן, פארמא־טערנדיקע. וואָס ענגער עס וועדט ארום ביידל דער רונג, אלץ ווייטער רוקן זיך אויך די קאָנוואָירן, שטויסן אונטער סאווקען — סאווקען ווילן שוין די פיס ניט דינען, זאָגן זיך אָפּ צו גיין. דאָס ביידל איז שוין גאָר נאָענט.

עס גייט דורך א מאָמענט, איינער און א צווייטער, עס גייען דורך מינוטן פון געפרעסטער שטילקייט. עס האָט א פינקל גע־טאָן א ווייסע שיין: די שפיקעס האָבן מיט לאמטערנעס בא־לויכטן דאָס ביידל. אין ביידל איז פוסט, עס איז בלויז געבליבן הארטע היי און א פאָר אלטע שמאטעס. דער געלער און זיין קאָמאנדע גייען זיך צענויפ, דרייען זיך ארום פייערל, עס הערן זיך זייערע שטימען. זיי זיינען אנטוישט, צעטומלט: דער פאר־שאָלטענער אופשטענדלער איז נעלעם געוואָרן ווי א טייוול! און ער איז דאָ געווען, ניט לאנג געווען!

דער געלער מערקירט אלץ, באטראכט דעם פלאן, וואָס מע דארפ גלייך טאָן. ער איז שוין גרייט אָפּגעבן א נייעם באפעל, און פלוצלונג האָט ווי פולווער אופגעפלאקערט א פייער פון דער זייט, ווו עס געפינט זיך דאָס ביידל, און דער פלאקער האָט זיך

גלייך אופגעהויבן ב״ן האלב וואלד, האָט ארומגעכאפּט זײַנע צווײַגן. און א צווייטער פײַער פונקט אזא פלוצלונגדיקער, באַלײַכט דעם וואלד פון דער צווייטער זײַט.

דאָס האָט טימאָכ בודזיק, דער ספּעצ אפּ אונטערצינדן, אײַנגעאָרדנט אזא אילומינאציע.

— לייג אוועק דאָס געווער!—האָט ווי א דונער דערהערט זיכ עמעצנס א שרעקלעכע שטימ.

— לייג אוועק דאָס געווער!—האָט ווי אנ עכאָ אונטערגעכאפּט א שטראָמ מענטשישע שטימען. פונ אלע זײַטן, פונ דער פינצטערניש, וועלכע איז באהעלט געוואָרנ דורכ די פײַערן, האָבנ זיכ א לאָז געטאָנ די פּארטיזאנער, האלטנדיק די ביקסן, ווערליק צו א שפּיזנ־שלאכט און האָבנ ארומגערינגלט, ווי א געדיכטע וואנט, דעמ געלנ און זײַנ קאָמאנדע. שטילערהייט און אונטערטעניק האָבנ זיי א וואָרפ געטאָנ זייער געווער.

— און מיר ווארטן טאקע דאָ אפּ אײַכ שוינ לאנג!—האָט געזאָגט דער אלטער אטאמאנ. און א בייזער שמייכל האָט זיכ צעגאָסנ איבער זײַנע ליפּנ און האָט באלויכטנ דעמ גרויזאמענ פּאָנעמ.

פונ די פּארטיזאנער האָט זיכ דורכגערוקט פּאנאס. ער האָט זיכ פּארטרייסלט, ווענ ער האָט א קוק געטאָנ אפּנ געלנ.

— אָט דאָס איז טאקע דערזעלבער, וועלכער האָט מיכ ארעסטירט!

סאווקע איז געפאלנ אינ שביי. די איבערגעשראָקענע קאָנוואָירנ זײַנען אויכ צעפאלנ. פונ הינטנ זײַנען אָנגעפאלנ די פּארטיזאנער. מע האָט בא זיי אָפּגענומענ דאָס געווער און אלעמענ דרײַען האָט מען אוועקגעפירט אינ בײַדל.

דאָ טאקע איז פּאָרגעקומענ א קורצער געריכט. מע האָט געמישפּעט אלע אײנײנעמ.

עטלעכע זאלפּנ זײַנען געווען דער ענטפער אפּנ אורטייל פונ געריכט.

סאווקען האָט מען געמישפּעט באזונדער, מע האָט געמישפּעט

אופמערקזאם און לאנג. איך וואלט האָט מען געוווּסט, אַז סאַווקע האָט אַרײַנגעזעצט אַ מעסער דעם ווויט אין זײַט אַרײַן, אַז סאוּוקען האָט מען איבערגעגעבן אין די הענט פון דער פּאָליצײַ־שער מאכט. בײַ סאוּוקען אויף די הענט זײַנען געווען קייטן, אויפן פּאָנעם בלאָע צייכנס און אויפן האַנט שפּורן פון זדיעקערײַ. אָבער די ריכטער זײַנען ניט געקומען צו אַן אויסגלײַך. אייניקע זײַנען געווען פאַר דעם, אַז מע זאָל סאוּוקען שענקען, די צווייטע — מע זאָל סאוּוקען שיסן. ענדלעך האָבן זיי באַשטימט: זאָל דעם איניען דערלייזן דער אַלטער טאַלאַש און מאַרטין ריל, אויף וויפל סאוּוקעס פאַרברעכן איז אין דער ערשטער ריי געווען געווענדעט קעגן זיי.

דער אַלטער טאַלאַש האָט אַ קוק געטאָן אויף סאוּוקען, האָט אַ קוק געטאָן לאַנג, מיט אַ פאַרוואורף און האָט דערנאָך געזאָגט:

— גיי אַוועק פון דאַנען, אַז מײַנע אויגן זאָלן דיך מער ניט זעען!.. לעב זיך!

און מאַרטינען האָט ער געפרעגט:

— דו ביסט מאַסקים?

מאַרטין האָט שטילערהייט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

XXIX

דער אומגעריכטער פראָסט נאָך עטלעכע שטילע און ווייכע טעג פון סאָף ווינטער האָט זיך ניט לאַנג געהאַלטן. דער וועטער איז וואַרעמער און לינדער. און איבער די ווײַטן פון די בלאָטעס און פעלדער איז אַראָפּגעהאַנגען אַ בלאָער נעפּל — אַ סימען פון וואַרעמקײַט און אָטליע. עס האָט זיך אָפּגעזעצט דער טיפער שניי אין די וועלדער און בלאָטעס. צערטלעך האָט אַ דאָרעם־ווינט געוויגט די פאַרקילטע צווײַגן, האָט אָפּגעטרייסלט פון זיי די ווײַסע שניי־צודעקן, איז זיך מיט אַ לידל אין אַ פרילינג־גוסט דורכגעגאַנגען איבער די דערפראָרענע קוסטעס־וועלדלעך און האָט מיט אַ בסורע וועגן פרילינג אַ לאָז געטאָן זיך איבער די

שטרויענע סטרעכעס פון די דאָרפישע כאטעס. ס'האָבן פריילע־
כער ארויסגעקוקט אפ דער וועלט די פון קעלט באפרייטע בוי־
מער, האָבן פריידיק אָפגערופן זיך מיט א געדיכטן גערויש אפן
ווייען פון ווארעמען ווינט. עס האָט צעוויינט זיך דער ווינטער
מיט מיליאָנען טרערן. דער שניי, א צעקראָכענער, א דורכגע־
זאפטער מיט וואסער איז הורבעסוויַיז געקראָכן פון די שטרוי־
ענע סטרעכעס, שטערנדיק מיט זייַן אומרויִקן שעפטשען די
שטילקייַט. און אין די גאסן און אפ די וועגן האָבן אָנגעהויבן
ארויסטרעטן געלבלעך־מוטנע בלאָטקעס, עס האָבן זיך א לאָז
געטאָן אין זייער וועג די ערשטע פרילינגדיקע ריטשקעלעך. ווי
א הימן דעם פרילינג האָבן אָנגעהויבן קלינגען די הילכיקע לי־
דער פון די לארכן.

פרילינג—דאָס איז דער יונגער שטורמישער ווירבל פון לעבן,
די שטרעבנדיקע אומרויִקע באוועגונג אין די ענדלאָזע ראכ־
וועסן, וואָס זייַנען ברייט, ווי די פרייַהייַט אליין און ניט קלאָרע,
ווי זייערע פארנעפלטע ווייַטן; א באוועגונג, וועלכער עס ווארפן
זיך אונטער אי מענטשן, אי די לעבעדיקע נאטור. דעם פרילינג
אָבער אפ פאָליעסיע האָט מען דערווארט מיט שרעק און אומרו...
„וואָס טראָגט ער מיט זיך דער פרילינג"? „וואָס וועט דער פרי־
לינג ווייַזן?"—האָבן מענטשן, פאָרויס פילנדיק די וויכטיקע גע־
שעענישן, געפרעגט זיך און שטילערהייט געגרייט זיך צו זיי.

לעבעדיקער האָבן זייער ארבעט אָנגעהויבן פירן די מיליטערישע
שטאבן, פארשטארקנדיק ; אין איין אָרט די פאָזיציעס, איבער־
גרופירנדיק אין א צווייטן אָרט די לעבעדיקע קראפט, האָבן און־
טערגעפירט הארמאטן און פאנצער־מאשינעס, האָבן אָנגעטאפט
די אמערסטן שוואכע און וויטעקדיקע ערטער פון זייער סוינע,
האָבן קאָמבינירט, געבויט פלענער, קעדיי ארייַנברענגען דעם
סוינע אין א טאָעס און בא דער ערשטער בעסטער געלעגנהייַט
א קלאפ טאָן איבער אים דאָרט, ווו ער ריכט זיך אפ דעם ווייי־
ניקער פון אלץ. אין דער צייַט, ווען די פוילישע גענעראל־

שטאבן האָבן געפּעסטיקט מיט מענטשן און מיט מיליטערישע־טעכניק זייערע פּאָזיציעס, איז דעם שטאב פון דער רויטער אַר־מיי אין צוזאַמענהאַנג מיט דער מילכאָמע אַפּן דאָרעם־פראָנט, ווי עס האָט שטאַרק געקוועטשט ווראַנגעל, אויסגעקומען אַראָפּ־נעמען פון דאָרטן גאַנצע מיליטערישע טיילן און אַריבערוואַרפן זיי אַפּ דאָרעם. אָבער די צוגרייטונג צו א מילכאָמע האָט זיך געפירט אויך לויט אַנדערע ליניעס און אַפּ דידאָזיקע ליניעס האָט א באַזונדער טעטיקייַט אַרויסגעוויזן דער פּוילישער צאַד: עס האָט זיך געפירט אַן אידעאָלאָגישע צוגרייטונג. אין די ערשטע רייען פון די אַקטיווע טוער אין געביט פון אידעאָלאָגישער צוגרייטונג צו א מילכאַמע מיט די סאָוועטן זיינען געגאַנגען די קסיאָנדזן.

דער האָראָדישטשער קאָסטיאָל טראָגט דעם נאָמען פון דעם הייליקן קאַזימער. דעם הייליקן קאַזימער אַכטן שטאַרק די קאַ־טאָליקעס און זיין פייַער־טאָג פּאַלט אויס ערעוו פּרילינג. „מיט קאַזימערן איז דער ווינטער געשטאָרבן", זאָגט א קאַטוילישער גלייכווערטל. פון באַגינען אָן איז לעבן קאָסטיאָל אַן אומגע־וויינלעכע באַוועגונג און אויפלעבונג. דער פּלאַץ, די נאָענטסטע הויפן און הינטער־הויפלעך זיינען פאַרשטעלט מיט פערד און פורן. פון די נאָענטע און ווייַטע ערטער, פאָלוואַרקן, מאַיאָנט־קעס, כוטערס זיינען זיך צונויפגעפאָרן פּריצים, פּריצימלעך און פּאַשעטע שלאַכטעס. איז דאָס דען ניט קיין וווּנדער פון דער גאָטס מוטער, וואָס דער „הייליקער" קאָסטיאָל, וועלכער איז אַנט־שטומט געוואָרן אַפּ א לאַנגער צייַט, האָט זיך צערעדט אַזוי הויך איבערן גאַנצן קאַנט מיט זיינע אומעטיק־ברומענדיקע גלאָקן? הייַנט איז אין קאָסטיאָל די ערשטע גאָטעס־דינסט און עס פּראַ־וועט זי דער קסיאָנדז פּאַצייקאָווסקי. ער איז געקומען אַהער צופאָרן פאַרפרי, געקומען צופאָרן מיט א גאַנצן שטאַט מעשאָר־סים. ער איז געקומען צופאָרן, קעדיי ווי געהעריק צוגרייטן דעם קאָסטיאָל צו דער גאָטעס־דינסט. מע האָט אים אָפּגעגעבן און ווי געהעריק אָפּגעראַמט א גאַנצע הויז, א ראַכוועסדיקע און

שיינע. אָבער דער קסיאָנדז פּאצייקאָווסקי איז א מאָנאך און א דינער פונעם פּאַן באָך. ער איז אַן אָנגעצויגענער, א פּאַשעטער און שטרענגער אין לעבן. עס איז אָנגעצויגן און פּאַשעט אַלץ וואָס ארום אים, עס איז ניטאָ קיין שום שפּור פון לוקסוס, בלויז די איינע קיפּאַריסן־בילד פון יעזוסן און עטלעכע בילדער פון די גאָטס־מוטערס און פון דעם הייליקן קאַזימער באַפּוצן די ווענט פון זײַן קאבינעט, אָבער אין עס־צימער טוליעט זיך א גרויסער און אין א שיינעם סטיל געמאכטער בופעט מיט אָן א שיר פלעשלעך, טײַערע און זעלטענע ווײַנען און פארשיידענע געטראנקען. דער קסיאָנדז פּאצייקאָווסקי איז ניט נאָר א דינער פונעם פּאַן באָך, נאָר אויך א ספּריטנער און טאַלאַנטפולער אַר־טיסט פון דעם קאטויליִשן קלויסטער. ער איז א גוואַלדיקער מײַ־סטער אף שאַפן א געהעריקע שטימונג בײַ זײַן געמיינדע, קעדיי נאָך דעם קאָנען שפּילן אף אירע סטרונעס די מעלאָדיעס, וועל־כע ער דאַרף. די גאַנצע שפּיל זײַנע איז געווענדעט אף אונטער־צוואַרפן דעם קאָלעקטיוון ווילן פון זײַן פאַראַפיע די אינטע־רעסן פון דעם קאָסטיאָל, פון אָט דעם דאָזיקן אַגיטפּראָפּ פון דער אַלטער עקספּלואַטאַטאָרישער וועלט. עטלעכע אָוונטן האָט דער קסיאָנדז פּאצייקאָווסקי אָפּגעגעבן אף צונויפשטעלן א דראָ־שע צו דער ערשטער גאָטעס־דינסט און איצטער זיצט ער איבער איר, קוקט איבער די טעזיסן, די טעמע און דעם אינהאַלט פון דער דראָשע, מאכט אויסבעסערונגען, צוגאָבן, שלייפט יעטווידער זאַץ, יעטווידער וואָרט. און אויב עס גיט זיך אים איין א וועל־כער ניט איז זייער טרעפלעכער זאַץ, א וואָרט-בילדונג, כאַזערט ער עס איבער אַפּן קאָל, און דעמלט איז ער אויוועך אַפּן מאָ־נאַכישן קאטעכיזיס און טרינקט אויס א קעלעשיק פראנצוי־זישן ווײַן.

דערווײַל איז אָנגעקומען אויך דער טאָג פון דער גאָטעס־דינסט. א פאַרומערטער, אַן אָפּגעלאָזענער קוקט דער קאָסטיאָל האַרב מיט זײַנע שווערע טורעמס און שוואַרץ־געוואָרענע ווענט.

אפילע די טויזנטער ליכט, וועלכע מע האָט אָנגעצונדן איבער די איקאָנעס, קענען ניט פאַנאַנדערטרײַבן זײַן פאַרומערטקײַט און ברויזאַמקײַט.

„Dominus wobiskum"—טראָגט זיך פאַנאַנדער אין גרויליקע טרעלן די שטים פונעם קסיאָנדז פּאַצייקאָווסקי, מיט א חייכן מוזיקאַלישן ברומען רופן זיך אָפּ די אָרגאַנען. עס קלינגען די פרומע קאַטאָליקער, בלעטערן נאָכאַנאַנד אין די געבעט־ביכער. עס הויבט זיך אָן דאָס אַלגעמיינע געזאַנג פון די קאַסטיאַל־טפילעס. אפּ דער קאַטעדרע גייט אַרויף דער קסיאָנדז פּאַצייקאָווסקי. די פּראָגראַם פון דער גאָטעס־דינסט, וועלכע ער האָט צונויפגעשטעלט לויטן סטאַטוס פונעם קאַסטיאַל־ריטואַל, פלעגט ער דורך מיט הייליקע ווערטער. ער רעדט וועגן דער מענטשיקײַט, צאָרן, גערעכטיקײַט און בארעמהערציקײַט פונעם „אַלמעכטיקן" פאַן באָך. גאָטס צאָרן און גוטסקייט ווערט דערוויזן מיט א מאָשל וועגן דעם, וואָס איז געווען און וואָס עס איז געוואָרן מיטן קאַסטיאַל פונעם „הייליקן קאַזימער". דער הייליקער קאַסטיאַל, וואָס איז פאַרלאָרן געוואָרן צוליב אונדזערע זינד, האָט זיך מיט גאָטס גנאָד אומגעקערט צו אונדז. אָבער דער קאַסטיאַל איז אָפּגעלאָזן און דער הייליקער קאַזימער קוקט ווייטעקדיק פון זײַן רו אַרויס אפּ זײַן פאַרלאָזענער הויז. מען דאַרף האָבן רײַכע נעדאָוועס אפּ אופריכטן דעם קאַסטיאַל.

די דראָשע זײַנע פאַרענדיקט דער קסיאָנדז פּאַצייקאָווסקי מיט א רוף צו געבן נעדאָוועס.

נאָך דער דראָשע הויבט זיך אָן ווידער א טפילע מיט א דונער אָרגאַנען און אַלגעמיינע געזאַנגען, און די קאַסטיאַל־דינער אין ספּעציעלע בגאָדים גייען אַרום איבערן קאַסטיאַל מיט זילבערנע טעלער, דערבײַ קלאַפּט איינער פון זיי מיט דער הייליקער בולאַווע צו דערמאָנען די דאַוונער זייער כויוו פאַרן פּאַן באָך און פאַרן הייליקן קאַזימער. אין א ווײַלע אַרום פאַרנעמט ווידער די קאַטעדרע דער קסיאָנדז פּאַצייקאָווסקי. איצט האַלט

ער א דראָשע אַפ דער טעמע וועגן רעליגיע. די צווייטע דראָשע איז א העמשעך פון דער ערשטער.

זײַנע פּאָרלויפיקע דראָשעס זײַנען בלויז אַן אריײַנטריט, א צו־גרייטונג צו דער דריטער, צו דער סאַמע גרונטלעכער און פּאַ־טעטישער, ווו ער שטעלט זיך אָפּ און מיט דער גאַנצער קראַפט פון זײַן פײַנעם לאָשן וואַרפט ער זיך אַרופ אַפ די באָלשעווי־קעס, די טרעגער פון אַטעיִזם.

נאָך דעם דאַוונען פאַרגייט די מעיוכעסדיקע שליאַכטע, די פּאַ־נעס קאָלאָניסטן און די מיליטערישע אַריסטאָקראַטיע צום קסיאָנדז פּאַצייקאָווסקי אַפ „א גלעזל טיי". מע באַגריסט דעם קסיאָנדז: זײַן זאָגן איז א שעדעוור פון פײַן־שפּרעכן. עס דריקן אים די האַנט אי דער פּאַן דלוגאַשיץ, אי דער פּאָלקאָווניק פּאַן דעמביצקי. דער פּאָלקאָווניק דעמביצקי פאַרזיכערט דעם קסיאָנדז, אַז דאָס פּוילישע געווער איז פּונקט אַזוי שאַרפ און טרעפלעך, ווי שאַרפ און טרעפלעך עס איז די רעדע פונעם פּאָטער־קסיאָנדז און אײנײנעם געבונדן זײַנען זיי אומבאַזיגבאַר. דער קסיאַנדז פּאַצייקאָווסקי צעגייט פון נאַכעס. אָבער ער, ווי אויך הונדערטער אַנדערע דינער פונעם פּאַן באָג, פּירט אין קאָסטיאָל בלויז די טעאָרעטישע צוגרייטונג־אַרבעט. ער באַווײַזט די געסט צײַטונגען, זשורנאַלן, ווו עס זײַנען אָפּגעדרוקט זײַנע אַרטיק־לען, וועלכע ריידן פּאַר א מילכאָמע קעגן די באָלשעוויקעס, ער באַווײַזט די אויפרופן, טיילט זיך וועגן דער דורכגעמאַכטער אַר־בעט אין געביט פון די פּראַקטישע מיטלען, וועלכע זײַנען געווענ־דעט קעגן די סאָוועטן: דורכפירן שפּיִאָנאַזש, אָרגאַניזירן באַנ־דעס און אַן אייגענע אַגענטור אַפ דער סאָוועטישער טעריטאָריע. פּעסט און גרינטלעך גרייט זיך די פּריצישע פּוילן צו דער פּרי־לינגדיקער מיליטערישער קאַמפּאַניע קעגן דער רויטער אַרמיי און געוואַרט האָט זי נאָר אַפ א וועטער, ווען עס וועלן אויס־טריקענען די וועגן, קעדיי לאָזן איר מיליטער אין מאַרש.

דער פרילינג, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן פלוצלונג, האָט אין

מעשער פון עטלעכע טעג געענדערט דעם אויסזען פון פּאָלעסיע. די בלאָטעס זײַנען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דורכווייקע וואַסער־ווּיסטעס, ווּ עס האָבן נאָך אומעטיק אַרויסגעשטאַרטשעט געל־גע־וואָרענע הורבעס מיט טרוקענעם פּאַראַיאָריקן גראָז, הוילע לאָזע־קוסטעס ביז האַלב־פֿאַרגאָסענע מיט וואַסער און הויכע אָליכע־ביימער. בלויז די פינצטערע וועלדלעך האָבן אײַנגעהיט זייער געווײנלעכע גרויזאַמקײַט און כמורנעקײַט. באַהאַלטנדיק אין זייער ־ געדיכטעניש כײַישע נאָרעס, ניט דורכגאַנגבאַרע זומפּיקע בלאָטעס, טײַכלעך, אָזערעס, זאַמדיקע קופּעס, אינדזלען, שמאָלע אומבאַקאָנטע דורכגאַנגען, וועגן מיט קליינע טײַכלעך אָן א צאָל און ברייטע טײַכלעך פון שניי־וואַסער, וואָס האָט ווי א באַוועג־לעכע, כאָטש פּאַמעלעכע לאווינע איבערגעגאָסן זיך פון איין בלאָטע אין דער אַנדערער, איבער פינצטערע נידעריקע ערטער, האַלטנדיק די ריכטונג צום פּריפּעט־צו. אָבער ווי פרײלעך און מילד זײַנען איצט די ראַנדן פון די דאָזיקע וועלדלעך, ווּ יע־דער שטיקל ערד, וואָס איז אָנגעוואַרעמט פון פרילינגדיקער זון, לעבט מיט א פרײלעכן אויפגעוואַכטן לעבן, אַרויסלאָזנדיק די ערשטע קנאָספּן פונעם יונגן גרינס. עס האָבן זיך אָנגעהויבן האָווען די מוראַשקעס, פאַרשײדענע זשוקעס, אווינע קלײנינקע, אַז מע דאַרף גוט צוקוקן זיך, קעדיי באַמערקן זייער פּאַרהאַ־וועטע באַוועגונג אַף יעדער שטיקעלע ערד, וואָס איז אָנגעוואַ־רעמט פון דער זון, אַף די טרוקענע גרעזעלעך, אַף די קאָרע פון א לאַנג־אומגעקומענעם בוים. און דער וועטער קלינגט מיט פויגל־געפּלוידער, מיט געשרייען, מיט כאַסענע־צונויפלײַען און זאָרגן וועגן אײגענער הויז, וועגן אַן אָרט, ווּ מע זאָל קאָנען אָפּשטעלן זיך און אָנהויבן לעבן א פאַמיליע־לעבן. עס באַנײַט זיך די ערד, עס לעבט אוף די נאַטור און א פרײלעכער גערויש פון לעבן גייט איבער די צווײַגן פון די קוסטעס און אַלטן וואַלד. עס הוליעט דאָס פרילינגדיקע וואַסער, אָפּשפּיגלענדיק אין זיך דעם ריינעם הימל און די העלע זון. ווי קליינע אינדזלעך זײַנען

דאָ און דאָרטן פאַנאַנדערגעוואָרפן די מענטשלעכע יישובֿים. און שטיל איז אין זיי, מען זעט ניט קיין מענטשן. עס האָט זיך פאַרטײַעט דער פּאָלעסיער דאָרף. אָבער עס דוכט זיך נאָר, אַז עס איז שטיל און רויִק. עס טראָגט די וואַסער־וויסטע אַף אירע שטראָמען, שנעלע שאַרף־נאָזיקע שיפֿלעך און לײַכטע פֿישער־שיפֿלעך. און אין די דאָזיקע שיפֿלעך, אין די דאָזיקע פֿישער שיפֿלעך, וואַנדערעווען אַרום פֿון דאָרף צו דאָרף גרויזאַמע, אין זיך פֿאַרשלאָסענע זין פֿון פּאָלעסיע, אויפֿגערודערטע, אַראָפּגעשלאָגענע פֿון די וועגן פֿון לעבן דורך דעם, וואָס עס האָבן זיך אַרײַנגעריסן די העסלעכע אָקופּאַנטן. פּאַרטיזאַנטיק קוקן זיי זיך אַרום אין די ווײַטן פֿון די פֿאַרגאָסענע בלאָטעס און פֿאַרשווינדן שנעל צווישן די קוסטעס, טוליען זיך בא די הויכע טרוקענע טשאַראָטן. אַף אָט די דאָזיקע וואַסער־ראָכוועסן, אונטערן פֿינצטערן געוועלב פֿון די פֿאַרומערטע וועלדער באַהאַלטן זיך די גרויזאַמע פּלענער פֿונעם אויפֿגעשטאַנענעם פֿויערטום. אַ געהיימע פֿאַרשווערונג פֿאַרטײַעט זיך אונטער די סטרעכעס פֿון די אײַנגעבויגענע כאַטעס, פֿילבאַר כאַפּט אויף די קלאַנגען דער וואַכזאַמער אויער און עס קוקט זיך שטאַרק אײַן אין דער ווײַט דאָס שאַרפֿע אויג...

עס קומט אָן דער פֿרילינג. וואָס טראָגט ער מיט זיך?

## XXX

אומרויִק האָט זיך אַ וואַקל געטאָן פּאָלעסיע.

איין בלאָטע דער צווייטער, איין וואַלד דעם צווייטן האָבן איבערגעוואָרפֿן דעם גרויזאַמען אָפּקלאַנג פֿונעם אומקלאָרן געדודער. שרעקעוודיק האָבן זיך געוויגט אינעם שטילן וועטער די יונגע, נאָך גאָר צאַרטע בלעטער אַף די בויגעוודיקע צווײַגן פֿון די באַנײַטע בוימער. די אויפֿגעלעבטע בעריאָזע־ביימער, וואָס האָבן אַרומגערינגלט דעם הויכן וואַלד אין אַ לעבעדיקן קראַנץ

פון פרישן, שמעקעדיקן גרינס, זײַנען געשטאַנען פאַרטראַכט, צוהערנדיק זיך צום דאָזיקן ניט געוויינלעכן ווײַטן גערודער, פון וועלכן ס'האָט זיך געוויגט דער שטילער, פון דער זון אָנגעוואַ־רעמטער וועטער און האָט אונטערגעטרייסלט די ערד, איבערגעגעבן די דאָזיקע טרייסלונג די ביימער און די יונגע בלעטער, וואָס אויף זיי. פונקט אַזאַ פאַרלעגנהייט האָט מיט זײַן גאַנצן אויסזען אַנגעדריקט אויך דער אַלטער וואַלד אַליין, וועלכער האָט אופגע־הויבן אינדערהויך זײַנע פּרעכטיקע שפּיצן און געוואַרעמט זיי אין דער פריילינגדיקער זון אין די כוואַליעס פונעם ריינעם ווע־טער. און ווען עס פלעגט איבערן וואַלד דורכטראָגן זיך דער ווילדער אָטעם פון ווינט, פלעגן די צווײַגן און די בלעטער, וואָס אויף זיי, לײַכט שאָקלענדיק זיך און שעפּטשענדיק, פרעגן: „וואָס? וואָס? וואָס?". אַפילו די אַלטע בושלעס האָבן אײַנגעהאַלטן זייער שפּאַציר איבער די ברעגן פון די בלאָטעס און האָבן זיך אומ־רויִק אײַנגעהערט צום מאָדנעם גערודער. און דער דאָזיקער גע־רודער איז זיך צעגאַנגען איבער די טיפענישן פון די בלאָטעס און וועלדער, און האָט באַאומרויִקט די כײַעס און פויגלעך. די אַלטע ווילדע כאַזיירים האָבן אָנגעשטעלט די אויערן, צוגעהערט זיך, גאָרנישט ניט פאַרשטאַנען, אָבער דערשראָקן האָבן זיי אויף יעדן פאַל אַ לאָז געטאָן זיך טיפער אין די וואַלד־געדיכטענישן און געפירט נאָך זיך זייער יינגסטן דאָר.

אַ דונער און אַ שווער בוכען, ווי די ערד וואָלט געקרעכצט פון עפּעס אַ ווייטעק, האָט אָנגעוואָרפן אַן איימע און אומרו. מענטשן אַלס צוהערער און צוגלײַך מיט דעם אויך אָנטיילנע־מער און אַקטיאָרן אין דער גרויסער סאָציאַלער דראַמע, ווו עס ווערט דערלייזט דער גורל פון מיליאָנען, זײַנען אַרויס אויפן הויף, געשטעלט זיך אין אַ שטילינקן אָרט, אויפגעכאַפּט מיטן אויער די ווײַטע, טויבע איבערופן פון די האַרמאַטן, מיט שרעק געשאָקלט מיטן קאָפּ און געזאָגט:

— ס'האָט זיך שוין אָנגעהויבן.

און זייערע צעטומלטע געדאנקען האָבן געמאָלט פאר זיי שרעק־לעכע בילדער פון מילכאָמע.

די פויערישע זאָרג וועגן מאָרגנדיקן טאָג האָט גלײַך געשטעלט אפן טאָג-אָרדענונג א גאנצע ריי שווערע פראגן. און מענטשן האָבן אין דער שטיל פון זייערע פינצטערע וואלד־ווינקעלעך געטראכט, ווי באהאלט מען כאָטש א קליינעם זאפאס ברויט פון דער פרעסנדיקער האלדז פון דער מילכאָמע, ווי היט מען איין די כודאָבע, דעם פערד און דאָס איבעריקע ביסל גוטס פון דער פרײַצישער זשעדנעקײַט און ווי סאָפקאָלסאָפ מאכט מען, אז מע זאָל אליין ניט אונטערפאלן אונטער דער בלוטיקער ראָד פון מילכאָמע.

— עס גייען די פּאָליאקן! — האָט מען איבערגעגעבן פון הויף צו הויף, פון דאָרף צו דאָרף די שרעקלעכע ידיעס וועגן מילכאָמע.

מענטשן האָבן זיך געכאפט פאר דער ארבעט, קעדיי אויסניצן, קאָלזמאן ס'איז ניט שפעט, יעטווידער טאָג, יעטווידע שאָ. מע האָט זיך געײַלט זייען, געײַלט באהאלטן, געײַלט זיך לאָזן די כודאָבע אף קנאפ באקאנטע אינדזלען, אף ניט־צוטריטלעכע ערטער.

כאָטש אלע האָבן געוווסט און האָבן זיך געריכט, אז גלײַך מיטן פרילינג וועט זיך די מילכאָמע אָנהייבן מיט א נײַער קראפט, איז פונדעסטוועגן, אז דער פרילינג איז געקומען און האָט געבראכט די ידיעס וועגן מילכאָמע, האָבן די דאָזיקע ידיעס באַומרויִקט און אופגערעגט דאָס פאָלק. „וואָס זשע וועט עס זײַן, מיט וואָס וועט עס זיך ענדיקן די מילכאָמע"?

און די מילכאָמע האָט ערשט גענומען פאנאנדערוויקלען זיך.

די ערשטע האָבן אָנגעהויבן די ווײַספּאָליאקן. דער מאָמענט דערצו איז געווען פאר זיי א געלונגענער. גאנצע טיילן פון דער רויטער ארמיי האָט מען אראָפּגענומען פונעם דאָזיקן פראָנט און איבערגעוואָרפן אפ דאָרעם. האָבן די פּאָליאקן אונטער־געצויגן

דאָס מיליטער, אונטערגעפירט הארמאטן, פאנצער־מאשינעס, גע־ווער. מער ווי א צענדליק דיוויזיעס האָבן זיך צונויפגעקליבן אפ רעכטס פון פאָלעסיע און האָבן זיך א לאָז געטאָן אפ קיִעוו. גיך האָט זיך גערוקט פאָרויס די ווײַספּאָליאקישע ארמיי, זיי האָבן געפירט אן אָנגריף אפן ברייטן פראָנט. עס האָבן אָנגעהויבן שאָרכען, ווי בלעטער אין שפעטיקן הארבסט, פוילישע פלוג־בלעט־לעך און צײַטונגען. מיט גרויסע אויסיִעס האָבן זיי געמאָלדן וועגן די זיגן פונעם פוילישן געווער, וועגן דעם, אז זיי האָבן פארכאפט דערפער, שטעט און גאנצע ראיאָנען. אָן אופהער האָבן די קסיאָנדזן געמאָליעט זיך אין די קאסטיאָלן, געלייענט אינ־פאָרמאטיווע מיטיילונגען פון די פראָנטן וועגן די זיגן פון די פאָליאקן און האָבן גערופן דאָס פאָלק אפ קאָרבאָנעס, א העראָישע מײַסים, אפ מילכאָמע פארן הייליקן קאטוילישן גויבן קעגן די אפיקאָרסים־באָלשעוויקעס.

די פריצישע פרייד און פריצישער האָנער האָט גאָר קיין גרע־נעצ ניט געוווסט. די פאטריאָטישע היספּײַלעס האָט ווי א פריל נג־געוויסער פארטרונקען דאָס פריצישע פוילן און איבער דעם ווירבל פון פאטריאָטישן ענטוזיאזם האָבן די פאנעס ניט געזען אָדער זיי האָבן ניט געוואָלט זען, אז ניט אלץ איז געווען אזוי רויק אין די טיפע און נאָענטע הינטער־פונקטן פונעם מיליטערישן פראָנט.

א וואָכן צוויי האָט זיך וואסיל בוסיגא אָפגעוואלגערט אין בעט נאָכן צוזאמענשטויס מיט סאוועק מילהון. א טאָג פינף איז ער אָפגעלעגן אין שפיטאָל. פאר וואסיל בוסיגען האָט זיך אָנגעהויבן א צײַט פון דורכפאלן. פונעם סאמע אָנהייב, זינט ער איז גע־וואָרן א וויט, האָט זיך בא אים אין שטוב ניט געלאדיעט. און דאָס האָט זיך, ענדלעך, אויסגעגאָסן אין א שטורמישן קאָנפליקט מיט אוהיניען און דער קאָנפליקט האָט זיך געענדיקט מיט דעם, וואָס ער האָט זי ארויסגעטריבן פון שטוב. מארטין ריל איז אנטלאָפן פון אונטערן קאָנוואָי. דעם אלטן טאלאשן גיט זיך אלץ

ניט אײַנ כאָפּנ. סאווקע מילהונ, וועלכנ ער האָט צוזאמענ מיט זײַנע גוטע ברידער אוועקגעשטעלט אכטונג געבנ אפ די אופשטענדלער, האָט אומדערווארטעט געביטנ זײַנ אופירונג אונ האָט געענדיקט מיט א סקאנדאל אונ האָט אימ, דעמ וויט, נאָכ מיט א מעסער געגעבנ אינ זײַט. ווי א שווארצער פלעק האָט זיכ איצט סאווקע געלייגט אפנ וויט, א שווארצער דערפאר, וואָס דער וויס האָט ניט געוווסט, ווו איז נעלעמ געוואָרנ סאווקע. דער וויט ווייס, אז סאווקע האָט אוועקגעפירט די פוילישע קאָנטער־ראזוועדקע אינ וואלד צו כאפּנ די געפערלעכע אופשטענדלער, אָבער די פוילישע קאָנטער-ראזוועדקע האָט זיכ פונ וואלד ניט אומגעקערט. מע האָט איר דאָרט צעשאָסנ ביז איינעמ אונ סאווקע איז אנטלאָפנ. דאָס אלצ האָט געצוווּנגענ טראכטנ, אז די פּאָליאקנ האָט מענ אינ וואלד ארײַנגעפּאקט, אָבער וויאזוי איז דאָס געשענ? וואָס פארא ראָל האָט דאָ געשפּילט סאווקע?

אָט די דאָזיקע פראגנ האָבנ געפּײַניקט אונ באומרויִקט דעמ וויט, האָבנ פארשטעלט אלע איבעריקע פראגנ.

וואסיל בוסיגא גייט ארומ א פארומערטער. ער איז שווארצ געוואָרנ אונ איז אראָפּ פונ פּאָנעמ. אינ שטוב בא אימ איז פּוסט אונ שטיל. דאָ איז נאָר ער אונ דער אלטער טאטע זײַנער קופּריאנ. ווי עס ווײַזט אויס, איז דער אלטער ניט מאסקימ מיט וואסילנ אינ זײַנ פאנאנדערגיינ זיכ מיט אוהיניענ אונ אלעסיענ. דער אלטער קופּריאנ האלט זיכ בא זײַנס: מע האָט געדארפט אביסל אָנלערנענ דאָס ווײַב מיט די לייצעס, אז זי זאָל ניט טאָנ קיינ נארישקײַט אונ דערמיט פארענדיקנ. אָבער ווער וועט עס פאָלגנ דעמ אלטנ. צו קלוג איז געוואָרנ דער יונגער אוילעמ, מע פאָלגט ניט קיינ עלטערע. דערפונ טאקע נעמענ זיכ אלע צאָרעס אפ דער וועלט. עס איז אימ א ראכמאָנעס אפ וואסילנ, אָבער אפ אימ, אפ דעמ אלטנ, ווער וועט ראכמאָנעס האָבנ, ווער וועט זיכ צוהערנ צו דעמ, וואָס ער זאָגט? עכ, דו, עלטער! עלטער! ווער דארפ דיכ? דער אלטער קופּריאנ טראכט אלצ וועגנ די

אומאָרדענונגענע אין שטוב. אוהיניע, איז אהער פארגאנגען, וועג וואסיל איז געלעגן אין שפּיטאָל.

— נו, אָט טאקע גוט, וואָס דו ביסט געקומען,—אזוי האָט זי באגעגנט דער אַלטער קופּריאַן.

דער אַלטער קופּריאַן מיינט, אז אוהיניעס ברוגעז איז שוין דורכגעגאנגען. זי דארף זיך אומקערן און שאָלעם מאכן מיט וואסילן, נאָכמער דערפאר, וואָס אים האָט געטראָפן אזא צאָרע.

— ער האָט מיך ניט גערופן און איך וועל ניט קומען,—האָט געענטפערט אוהיניע און א שארפע באליידיקונג האָט זיך געפילט אין איר שטים. און זי גיט צו פעסט און אנטשיידן:

— ווען ער וועט אפילע בעטן און וועט זיך אפילע בא מיר אויס־ציִען בעטנדיק, איך זאָל זיך אומקערן, וועט סײַווי ניט העלפן. איך וועל סײַווי מיט אים ניט לעבן.

דער אַלטער שאָקלט מיטן קאָפּ.

— מע דארף ניט אזוי אײַנשפּארן זיך, אוהיניע! נו, מאלע וואָס עס מאכט זיך צווישן מאן מיט ווײַב?

— ער ווארפט מיר אויף דעם ברויט, די בגאָדים, פונקט ווי איך וואָלט ניט געהאָרעוועט. איז בין איך אים מוחל דעם ברויט זײַנעם און די בגאָדים און זײַן גאנצע רײַכקײַט. גענוג פון מײַנט־וועגן, וואָס איך האָב זיך געיאָגט נאָך זײַן רײַכקײַט, ניט גע־דאכט זאָל עס ווערן.

— איז וואָס־זשע ביסטו געקומען?—פרעגט אין פארלעגנהײַט דער אַלטער קופּריאַן.

— איך בין געקומען צונעמען דאָס, וואָס איך האָב געבראכט מיט זיך פון דער היים, און נעמען ברויט פאר די קינדער. מען דארף דאָך זיי קאָרמענען. דער אַלטער קופּריאַן שווײַגט. ער ווייס, אז קינדער דארפן עסן. אָבער ער ווייס אויך, אז אויב אוהיניע וועט נעמען ברויט און ער וועט עס איר דערלויבן, וועט ער ווערן, קלוימערשט, מיט איר איינס האנט

קעגן וואסילן. דער אלטער פראָטעסטירט. ער באשטייט אפ דעם, אז מע דארף נעמען די קינדער און אומקערן זיך אהיים. אָבער אוהיניעג קען מען בעשומויפן ניט איינריידן. זי האָט זיך איינגעשפארט—און ניט פון אָרט. דער אלטער שאָקלט הילפלאָז מיטן קאָפּ, מאכט מיט די הענט. נו, וואָס זאָל ער איר זאָגן? און די קינדער, דעם עמעס זאָגנדיק, דארף מען דאָך קאָרמענען... זאָלן זיי טאָן ווי זיי ווילן.

אוהיניע נעמט צו איר קאסטן, א זאק גרויפּן און 2 זעק מעל און לייגט עס אפּן שליטן. דער אלטער קופּריאַן גיט א זאָג:

— נעם שוין פלייש אויך.

וועגן דאָס אלץ האָט ער דערנאָך דערציילט וואסילן.

וואָס וואסיל האָט געטראכט בעשאס מייסע, ווייס מען ניט אָבער ער האָט קיין איין וואָרט ניט געזאָגט.

קורץ גערעדט, דער וויט האָט זיך ארייַנגעפּאקט אין א שטראָם פון אומאנגענעמלעכקייַט, אומגליק. און ערגער פאר אלץ איז אָט דער סאווקע, דער אלטער טאלאש און מארטין ריל. זיי האָבן דאָס פון אים פארשטעלט די ליכטיקע שייַן און ביזוואנען ער וועט דאָ ניט מאכן קיין טאָלק, וועט ער קיין רו ניט האָבן.

און ניט נאָר דעם וויט אליין האָט סאווקע באומרויִקט. וועגן אים האָבן אויך געטראכט דעם וויטס גוטע ברידער. ניט טראכטן וועגן אים האָט מען ניט געקענט: א צו נאָענטע שייַכעס האָט סאווקע געהאט אויך צו זיי. נאדיר גאָר סאווקע, דער „פּארטיזאנ“ זייערער. ער האָט אזוי פארדרייט, אז בעסער וואָלט מען אים גאָר ניט געקענט. א געלעכטער צו זאָגן: 12 פּאָליאקן האָט מען דאָס אוועקגעלייגט אין וואלד, אָנשטאָט דעם, מען זאָל די פּארטיזאנער כאפּן. ווייַזט אויס, אז בא זיי איז א היפּשע קראפט פאראן. און וואָס איז, אויב סאווקע האָט ארויסגעגעבן זייערע סוידעס? סאווקע איז געבליבן פאר זיי א צייכן פון אומקלאָרקייַט און שרעק.

דעם וויטס שטוב איז א ראכוועסדיקע. איצטער אפילע מאכט זי אַן איינדרוק פון א פוסטקע, ניט געקוקט אף דעם, וואָס זי האָט אין זיך ניט ווייניק גוטס. עס פעלן לעבעדיקע מענטשן, מען זעט ניט די באלעבאָסטע, מען זעט ניט די זשוואווע, באַוועגלעכע קינדערשע פיגורלעך, מען הערט ניט זייער פישכשען. שטיל איז בא דעם וויט אין שטוב, און אָט די דאָזיקע שטילקייט גיט אָפּ מיט שטילקייט פון א קייווער. און עפשער, דוכט זיך דאָס נאָר אזוי, ווייל מען איז ניט געווינט צו דעם? דער אלטער קופּריאַן ליגט אף די פּאלאטקעס לעם אויוון. דאָס איז זיין אמאָליקער ערטל נאָך. עס קילט דאָס אלטע בלוט, עס דארף וואַרעמקייט. דער וויט אליין וואנדערט ארום איבערן שטוב, טראכט. דער אויסזען איז בא אים א פארומערטער.

ער ווערט אביסל פריילעכער, ווען די טיר פון שטוב גיט זיך אַן עפן און אפן שוועל באוויַיזט זיך בירקע און ברוי.

— גו, וואָס מאכסטו, וואסיל?

בירקע און דערנאָך אויך ברוי דריקן די האנט דעם וויט. אָט דאָס דאָזיקע „גו, וואָס מאכסטו, וואסיל" קלינגט הײַנט ניט אזוי, ווי אלעמאָל: איצט רופט עס ארויס א גאנצן קאָמפּלעקס דערשיַינונגען פון דער לעצטער צייט און אין דער ערשטער ריי רופט עס ארויס יענעם אָוונט, ווען סאווקע האָט זיך צוריקגעקערט פונעם „מארש".

פון אָנהייב האָט זיך דער שמועס ניט געקלעפּט און ערשט נאָך דעם, אז ברוי האָט אפן טיש אוועקגעשטעלט א פלעשל, איז דער שמועס לעבעדיקער געוואָרן.

— זאָג אָבער, ווי האָט זיך דאָס אהינגעטאָן סאווקע.

גיט ווייניקער ווי דעם וויט און ברויען אינטערעסירט די דאָזיקע פראגע אויך בירקען. ברוי שוויַיגט: זיי מיט בירקען האָבן שוין געטראכט וועגן דעם. אינטערעסאנט, ווי קוקט אף דעם וואסיל.

— א קרענק וויים אים,—מאכט מיט די פּלייצעס דער וויט.

— ווי מיינט איר? עפשער האָט ער זיך צוגעשארט צו די אופשטענדלער? — פרעגט אלץ דערזעלבער בירקע.

— אפּ סאווקען קאָן מען אלץ גלויבן, — באמערקט דער געלאַ־סענער ברוי: — ווּ מע וועט אים מער געבן, אהינצו וועט ער גיין.

— ס'איז נאָר א שאָד, וואָס וועגן דעם האָט מען פריִער ניט א טראכט געטאָן, — האָט מיט א טאָן פון א פאָרוואורף אָפּגערופן זיך דער ווייט און צוגעגעבן: — דאָ, ווייסט איר, איז אָט וואָס אינטערעסאנט: פארוואָס האָט ער ניט געוואָלט זאָגן, אז ער איז געווען בא זיי, האָט זיך געזען מיט זיי און אז ער ווייס, ווּ זיי זײַנען? און מוידע געווען האָט ער זיך ערשט דעמלט, ווען מע האָט אים גוט צוגעקוועטשט דעם עק און א פרעג געטאָן ווי עס באדארף צו זײַן.

— איז דאָס טאקע פארשטענדלעך פארוואָס, — האָט געזאָגט ברוי: — ווייבאלד אז ער איז שוין מיט זיי פאר איינס, האָט ער זיי ניט געוואָלט ארויסגעבן. און עפשער האָט ער מוירע געהאט פאר זיי.

די לעצטע בקירע, אז סאווקע האָט זיך דערשראָקן פאר די אופשטענדלער, האָט געצוווּנגען דעם ווייט פארטראכטן זיך.

— דאָס קאָן זײַן, — האָט ער מאסקים געווען, — אָבער די זאך באווײַזט עפּעס אנדערש. ווי זשע האָט עס געקענט טרעפן, אז 12 מאן, דער 13־טער סאווקע זײַנען אוועקגעפאָרן אהין און קיינער האָט זיך צוריק ניט געקערט? הייסט עס, אז מע האָט זיי דאָרטן ניט פארכאפּט אומגעריכטערהייט: הייסט עס, זיי האָבן זיך געריכט, אז מע וועט קומען נעמען זיי און האָבן זיך גוט צוגע־גרייט אין געווען זײַנען זיי, ווײַזט אויס, ניט ווייניק... אָט דערציילט מיר, ווי וועט איר דאָס דערקלערן?

ברוי און בירקע שווײַגן.

— דער שעד ווייס עס, ווי עס איז דאָרטן פאָרגעקומען, — מאכט מיט די הענט ברוי.

— אָט דאָס איז דאָך טאקע דער גאנצער אומגליק, אז דער דאָזיקער איניען איז א פינצטערער. לאָמיר זיך פאַרשטעלן, — בקירעט ווײַטער דער וויט, — אז סאווקע האָט ארויסגעגעבן אונ־דזערע סוידעס. איז וואָס זשע האָבן זיי געדארפט טאָן? אויב זיי האָבן קיין קראפט ניט געהאט, וואָלטן זיי פּאָשעט אריבער־געגאנגען אפ אן אנדער אָרט, און אויב קראפט האָבן זיי יאָ געהאט, וואָלטן זיי דעמלט געזאָגט סאווקען: „גיי און דערצייל זיי, ד. ה., אונדז, ווו מיר געפינען זיך. זיי וועלן איבערדערציילן וווהין מע דארף און מע וועט אונדז קומען כאפּן, און דו, סאוו־קע, פיר זיי אליין אהער". אָט וואָס זיי וואָלטן אים געזאָגט. און פאר סאווקען האָט ניט געהאט קיין שום זין צו שווײַגן דעמלט. אָבער סאווקע האָט מיסטאָמע גאָרנישט געזאָגט.
ווײַזט אויס, אז דער וויט האָט געניט אָנגעמאזאָליעט דעם מארך, טראכטנדיק וועגן אָט דער גאנצער שרעקלעכער און אומ־קלאָרער געשיכטע. און אָט די אומקלאָרקײַט האָט אפ אים גע־דריקט, ווי זי האָט געדריקט אויך אפ בירקען און ברויען.
— דו מיינסט, אז סאווקע האָט אונדז ניט ארויסגעגעבן? — פרעגט בירקע דעם וויט.
— עס איז שווער צו זאָגן אפ זיכער, אָבער דער איניען אליין באווײַזט, אז ער האָט וועגן דעם ניט גערעדט.
דעם וויטס ענטפער באַרויִקט בירקען, אים ווערט אביסל גרינגער.
אָבער עס נעמט א וואָרט דער געלאָסענער ברוי.
— דו, וואסיל, האָסט זיך אינעם דאָזיקן איניען פאנאנדערגע־קליבן בעסער פאר אונדז און זאָגן וואָס עס איז קעגן דעם קען מען ניט. סאווקע האָט געוויס ניט געזאָגט, אז דאָס האָבן מיר אים צוגעשיקט. אָבער מיט סאווקען האָט זיך עפּעס געטראָפן, אים האָט עפּעס שטארק אופגערודערט. איר געדענקט, א וואָסע־רער ער איז דעמלט געווען? דאָס איז גאָרניט געווען דער סאוו־קע, וואָס אלעמאָל.

ברוי האָט איבערגעכאַפּט דעם אָטעם און, אראָפּלאָזנדיק די שטים, האָט ער געזאָגט:

— איצט איז פאַר מיר איינ זאַך קלאָר. ניט טאָווקע, נאָר עמעצער אַנ אַנדערער האָט איבערגעגעבנ טאַלאַשנ אי וועגנ סאַווקענ, אי וועגנ אונדז.

די דאָזיקע ווערטער האָבנ געמאַכט אַנ אייַנדרוק, ווי אַ דר־נער וואָלט געטראָפנ אינ קוימענ פונ דעם וויטס שטוב. בירקע איז פאַרטרייסלט געוואָרנ און דער וויט איז געוואָרנ נאָך פינצטערער. דער וויט האָט זיך דערמאָנט אָפּ אוהיניענ: ער האָט זיך דערמאָנט יענעמ אָוונט, ווענ זי איז ארויס פונ טאַלאַשס שטוב. ווייַזט אויס, ניט אומזיסט האָט ברוי אָנגערופנ זייַנ נאָ־מענ. און פאַר בירקעס אויגנ האָט אויך דורכגעשווינדלט אוהיי־ניעס געשטאַלט און מיט אזא מינ קלאָרקייַט האָט ער זיך דער־מאָנט אָפּ דער צייַט, ווענ ער איז אריינ אינ אָט דערזעלבער שטוב. ער האָט דערוויסט אוהיניענ באַם אויווּנ און האָט איר געזאָגט: „ס'איז קאַלט, אוהינקע, עפּשער קאָנ מענ זיך אָנוואַרע־מענ ארום דיר?" און נאָך האָט ער זיך דערמאָנט אָפּ זייַנע ווערטער, וואָס ער האָט דעמאָלט געזאָגט: „מילכאָמע האַלטנ וועל איכ ניט גיינ, מיר וועלנ פאַר זיך געפינענ אזא, וואָס וועט גיינ מילכאָמע האַלטנ".

דער וויט שווייַגט אַ פאַרומערטער. עס שווייַגט אויכ בירקע.

## XXXI

דער פרייַקער און פלוצלונגדיקער אָנגריפּ פונ דער פּוילישער אַרמיי האָט פאַרכאַפּט אויכ פּאָלעסיע. אָפּ די פּאָלעסיער אָקו־פּירטע ערדנ האָבנ די פּאָליאַקנ דורכגעפירט אַ מאָביליזאַציע. טויזנטער שווייַגנדיקע און פאַרהאַרטעוועטע זינ פונ פּאָלעסיע האָט מענ קעגנ זייער אייגענעמ ווילנ געצוווּנגענ אונטער אַנ אויפזיכט פונ דער פּוילישער מיליטערשטשינע גיינ אינ די טיפע הינטער־פונקטנ פאָרמירנ נייַע טיילנ, צו דערפילנ דאָס מיליטער

אפנ פראָנט. די פוילישע מיליטער־קאָמאנדירנ, דורכפירנדיק די מאָביליזאציע, האָבנ געהאט אינ זינענ אויכ די פארטיזאנישע באוועגונג אונ האָבנ געמיינט דורכ דער מאָביליזאציע קלענער מאכנ דעמ פארנעמ פונ דער דאָזיקער פארטיזאנישער באוועגונג. אָבער דער דאָזיקער מיטל האָט געבראכט פונקט צו פארקערטע רעזולטאטנ. פריִער פאר אלצ איז א באדייטנדיקער טייל פונ די, וואָס האָבנ געדארפט מאָביליזירט ווערנ, ניט געגאנגענ אפ די מאָביליזיר־פונקטנ, נאָר האָבנ זיכ א לאָז געטאָנ אינ די וועלדער, אונ די איבעריקע, וועלכע מע האָט צוגענומענ מיט גוואלד האָבנ פארבאָרגנ טיפ אינ זיכ א האס צו די אָקופאנטנ אונ זיינענ געלאָפנ פונ די קאזארמעס, זיינענ געלאָפנ פונ די מיליטער־רישע טיילנ, זיינענ געלאָפנ פונ וואנענ מע האָט נאָר געקאָנט לויפנ בא יעדער געלעגנהייט. מע פלעגט זיי כאפנ, אומבערעכ־מאָנעסדיק צערעכענענ זיכ מיט זיי, אָבער אויכ די שרעקלעכסטע שטראָפנ האָבנ ניט אָפגעשטעלט דעמ דעזערטירנ־שטראָמ. דער פרילינג, די ווארעמקייט אונ רייפקייט פונ די וועלדער האָבנ מיטגעווירקט, אז די וואלד־געדיכטענישנ זיינענ געוואָרנ זיכערע ערטער אונ באהעלטענישנ פאר די, וואָס האָבנ זיכ ארויסגעריסנ פונ פוילישער מיליטערשטשינע אונ ניט געוואָלט מילכאָמע האלטנ פאר די פיינטלעכע אינטערעסנ פונעמ פריצישנ פוילנ. די וועל־דער האָבנ איינגעהילט די אומרויִקע מענטשנ, צו וועלכע ס'האָט זיכ אויסגעלאָזנ דער פאנסקער צאָרנ אונ פאָליציייִשע נעקאָמע. אָט די דאָזיקע וועלדער זיינענ געוואָרנ א שול פונ זייער קלאסנ־באוווסטזיניקייט. אהער פלעגנ אָנקומענ גאנצע קאדרענ אונטער־ערדישע טוער אונ ס'פלעגט דורכגעפירט ווערנ צווישנ זיי א ברייטע ארבעט, געפירט א פראָפאגאנדע פאר די סאָוועטנ, האָבנ אופגעקלערט די פראָגראמ פונ די באָלשעוויקעס, זייערע אופ־גאבנ אונ צוועקנ, האָבנ זיי געגעבנ אָרגאניזאציאָנעלע פאָרמענ, האָבנ אופגעדעקט דעמ זינ פונ דער ווייַספאָליאקישער מילכאָמע אונ די ראָל פונ די, וואָס זיינענ געשטאנענ הינטערנ פלייצע

פונעם פריצישן פוילן און האָבן פאַקטיש אָנגעפירט מיט איר. די דאָזיקע וועלדער האָבן אויפגעהאַלטן און געמערט די פּאַרטי־זאַנישע גרופּעס און זייערע פאַרייניקונגען אין די נאָענטע הינ־טער־פונקטן פון פוילישן פראָנט.

אַפּ אַ זאַמדיק בערגל באַם ברעג וואַלד, ווו עס האָבן זיך, ווי שעפּסן אַפּ דער פּאַשע פאַנאַנדערגעוואָרפן יונגע ברייט־צווײַגיקע יאָדלעס, איז שטיל, רויִק און גוט. פון איין זײַט שפּרייט זיך פאַנאַנדער אַ ברייט פעלד, וואָס איז אַרומגערינגלט מיט וואַלד און אַרומגעשטעלט פון די זײַטן מיט אַ קליין וועלדל. אַפּן צווייטן זײַט בערגל שטייט אַ געמישטער וואַלד, אַ געדיכטער און אַ כמורנער. און סײַ דאָס דאָזיקע פעלד און סײַ דער דאָזי־קער וואַלד זײַנען אויך אַרומגערינגלט מיט ניט דורכגאַנגבאַרע בלאָטעס. פון אַלע זײַטן איז דאָס דאָזיקע בערגל זייער אַ גוטע פּאָזיציע: דו שטייסט אַפּ אים, און קיינער זעט דיך ניט, אָבער דו אַליין וועסט דערזען פון דאַנען אי דאָס פעלד, אי דעם וועג, אי אַלע וועגלעך. דו קענסט זיך דאָ וואַרעמען אַפּ דער פרילינג־דיקער זון, אַז מע דאַרף גאָרניט בעסער. און אויב דו האָסט ליב טראַכטן וועגן הויכע זאַכן, אָדער פּאָשעט באָדן זיך אין די כוואַליעס פון אָנגענעמע טרוימען, וועט אויך דיר דאָ קיינער־ניט שטערן. אָט פאַרוואָס דער אַלטער טאַלאַש האָט זיך אויס־געקליבן אָט דעם דאָזיקן בערגל פאַר זײַן צײַטווײַליקן רו־אָרט, אָבער איצט איז דער אַלטער טאַלאַש ניט איינער אַליין. מיט אים געפינט זיך זײַן שטענדיקער פרײַנט און כאַווער מאַרטין ריל און דער אַלטער טאַלאַש מיט מאַרטין רייך זײַנען אהער געקומען ניט נאָר אַפּ פּאָשעט פאַרברענגען די צײַט: אהער דאַרפן זיך צונויפקומען אויך זייערע איבעריקע כאַווײרים: טי־מאָך בודזיק, מיקיטע, סאַמאָק און קוזמאַ לאַריגע פון וועפרי. עס וועט עפּשער אַפילע אויסקומען דורכפירן דאָ אַ ברייטע פאַרזאַמלונג—עס זײַנען פאַראַן זייער וויכטיקע פראַגן, וועגן וועלכע מע דאַרף אַ רעד טאָן. מע דאַרף דאָך ענדלעך אָנהייבן

אויך אמער ערנסטע ארבעט. אהערצו, אפ דעם דאָזיקן בערגל קומען אייגענע מענטשן מיט פארשיידענע נייס און יעדיעס. מיט איין וואָרט, דאָס דאָזיקע בערגל איז דעם אלטן טאלאשס צייט־ווײַליקער שטאב.

און אויך אויסערליך זעט אויס איצט דער אלטער טאלאש ווי א מיליטערישער מאן. אפן קאָפּ טראָגט ער א רויטארמייִשע היטל. אָנשטאָט א פארלאטעטן, א פארשמאָלצענעם און אויסגע־ריבענעם פעלצל, טראָגט ער א מיליטערישן מונדיר. עמעס, פון דעם מונדיר איז בלויז געבליבן דער שניט און די סכוירע, וואָ־רעם אלע סימאָנים פון דעם, אז ער האָט געהערט צו די פוי־לישע מיליטער־לײַט — דעם קאָלנער, די קנעפּלעך מיט די ווײַסע אָדלערס — האָט דער אלטער טאלאש אויסגעריסן און פארביטן זיי מיט אייגענע קוסטארישע, פּאָלעשוקישע. און אפ די פיס בא אים זײַנען ניט קיין לאפטיעס, נאָר עלעגאנטע שטיוול און הויזן פון גוטן געוואנט און לאמפאסן, ווי בא א קאָזאק אָדער בא א גענעראל. ניט שוין זשע טאקע האָט דער אלטער טאלאש, דער פארטיזאנישער אטאמאן ניט פארדינט טראָגן אזא פאָרמע? זי גייט אים זייער צום פּאָנעם און טיילט אים זייער שטארק אויס פונעם פארטיזאנישן אוילעם. און דאָס אימפּאָנירט די פאר־טיזאנער אליין.

אָנגעשפארט אפן עלנבויגן, ליגט מארטין ריל אפ א זײַט אפן אָנגעוואָרעמטן גראָז. זײַנע געדאנקען בלאָנדזשען ארום ערגעץ ווײַט פון דעם דאָזיקן בערגל.

— און ווען זשע וועלן מיר דאָס, א רועך זאָל עס נעמען, אָנהייבן עפּעס טאָן? ס'איז דאָך די רעכטע צײַט פון זייען, — רעדט אפן קאָל מארטין.

— מיר וועלן לעבן, וועלן מיר נאָך, טײַערינקער, די ערד אויסטאָפּטשען. עהע, עהע! און איצטער זאָלן די ווײַבער און די וועלכע זײַנען אינדערהיים, ספראווען זיך מיט דער ארבעט. אונדזער ארבעט, טײַערינקער, הייבט זיך ערשט איצט אָן.

— איצט איז פאראַנ אַסאַך מער ווו צו פאַנאַנדעריאָגנ זיכ,— רעדט אופגעמונטערט מארטינ:—פרילינג־צײַט איז אונדז קיינ טײַוול ניט שרעקלעכ. קענ נאָר גוט דעמ וואַלד אונ ווייס נאָר די געהעריקע שאָ ווענ פונ וואַלד ארויסצוגיינ... אונ זע נאָר— דער פּאָליאַק, דער הונט האָט אָפּגעצויגנ.

— וואַרט א ווײַלינקע, טײַערער: ער וועט זיכ נאָכ אָנרײַסנ,— רופט זיכ אָפּ מיט אווטאָריטעט אונ פילבאַדײַטיק דער אַלטער טאַלאַש. ס'איז אפילע שווער צו אָנשטויסנ זיכ, וואָס מיינט דאָ דער אַלטער טאַלאַש, מענ קאָנ מיינענ, אז ער האָט אינ זינענ ברייטע פּאַרטיזאַנישע אָפּעראַציעס. עס איז טאַקע אזוי, אָבער ניט נאָר אָפּ דאָס אַליינ האָפּט דער אַלטער טאַלאַש. ער האָט ביז דער לעצטער צײַט ניט פאַרלאָרנ די פאַרבינדונג מיט דער רויטער ארמיי. אונ דאָרטנ האָט ער דערהערט פונ די קאָמאַנ־דירנ, אז דאָס, וואָס די פּאָליאַקנ גרײַפנ אָנ, איז ניט שרעקלעכ אונ ניט אומדערוואַרטעט פאַר דער רויטער ארמיי, אז די רויטע ארמיי וועט אָפּ א געוויסער צײַט אָפּטרעטנ אָפּ מיזרעכ: אַסאַכ רויטע מיליטער האָט מענ אראָפּגענומענ פונ דעמ דאָזיקנ פראָנט אונ מע האָט אריבערגעוואָרפנ אָפּ דאָרעמ, קעדיי גיכ אונ אײַנ־גאַנצנ דערשלאָגנ וורענגעלנ, אונ דערנאָכ וועט מענ זיכ נעמענ אויכ צו די ווײַספּאָליאַקנ, אַגעוו, ווי עס האָט זיכ דערוווּסט דער אַלטער טאַלאַש, איז אויכ די ראָטע, ווו בוקריי איז געווענ א וזוואָדנער, אוועקגעפאָרנ אָפּ וורענגעלנ.

— אָנ, דאָרטנ איז עמעצער ארויס פונ וואַלד,—הייבט מארטינ אוף דעמ קאָפּ אונ ווײַזט אָפּנ וואַלד, אָפּ יענער זײַט פעלד אונ אָפּנ וועג, וואָס עס גייט מיטנ פעלד. דער אַלטער טאַלאַש אונ מארטינ קוקנ זיכ אײַנ אינ דער מענטשלעכער פיגור.

דער מענטש האָט זיכ אָפּגעשטעלט, שטייט, קוקט זיכ ארומ.

— ווײַזט אויס, ניט קיינ אונדזעריקער,—באמערקט מארטינ.

— מיר וועלנ ויסנ: אָפּנ וועג שטייט אונדזער וואַכ,—ענט־פערט רויק דער אַלטער טאַלאַש.

דער אומבאקאנטער מענטש טיילט זיך אָפּ פונעם וואלד, גייט מיטן וועג, גייט איבער דעם פעלד.

דער אלטער טאלאש און מארטין שווייַגן, לאָזן ניט ארויס פון אויג דעם אומבאקאנטן מענטשן. ער גייט דורך א העלפט וועג דורכן פעלד, דערנעענטערט זיך צום וואלד. ער גייט מיט אַן אויסגעמאָסטענעם גלייַכמעסיקן טראָט. ער איז שוין נאָענט פונעם וואלד. נאָך עטלעכע מינוט—און ער איז שוין אין וואלד.

— איך וואָלט שווערן, כ'האָב ערגעץ געזען אָט דעם דאָזיקן מענטשן: פונקט אזא פיגור און פונקט אזא גאנגעלע,—געדענקט עפּעס דער אלטער טאלאש און קאָן זיך ניט דערמאָנען, ווו האָט ער געזען אזא מענטשן.

— עפּשער, איז דאָס סאווקע?—שפּאסט מארטין.

— סאווקע גאָר?—ניין, דאָס איז ניט סאווקע... און דו ווייסט, סאווקע איז גאָרניט אזא פארפאלענער מענטש. אָט האָט ער דאָך ניט דערציילט וואסילן וועגן אונדז, כאָטש ער איז א לייַדאק און א פערד־גאנעוו. מיט א מעסער האָט ער זיך געוואָרפן, דעם זייַט דורכגעשטאָכן. ס'איז נאָר א שאָד, וואָס ער האָט אפּ טויט ניט דערהארגעט אָט דעם הונט. און מיר האָבן נאָך מיט אים ניט אויסגעצאָלט זיך.

— זאָג נאָר, דיאדקע טאלאש, פון וואנען האָט איר דאָס דער־גאנגען וועגן דעם, וואָס סאווקע האָט זיך צונויפגערעדט מיט וואסילן און זייַן כאווריַיע?

דער אלטער טאלאש קוקט א פּאָר מינוט אפּ מארטינען, שווייַגט.

— מע האָט מיך זייער געבעטן, אז איך זאָל ניט דערציילן וועגן דעם מענטשן, וואָס האָט מיר איבערגעגעבן. אָבער דיר וועל איך זאָגן: דערציילט האָט עס אוהיניע, וואסילס ווייַב.

מארטין האָט לייַכט א ציטער געטאָן, אָבער ער האָט זיך גע־סטארעט באהאלטן פונעם אלטן טאלאשן זייַן אופרעגונג.

— אינטערעסאנט!—האָט רויִק, אפילע קאלט אָפּגערופן זיך מארטין. און וואָס איז מיט אים אייגנטלעך אוהיניע?

— אָבער דו וועסט וועגן דעם קיינעם ניט דערציילן?—פרעגט דער אַלטער טאַלאַש און קוקט כיטרע מאַרטינען אין די אויגן.

מאַרטין האָט ניט באַוויזן צו ענטפערן: פון דער זײַט פון וואַלד האָט זיך דערהערט א טויבער טאָפּטשען פון פיס איבער דער ווייכער ערד. דער אַלטער טאַלאַש און מאַרטין האָבן א קער געטאָן די קעפּ אין יענער זײַט. פון אהינטער דער צע־צווײַגטער יאַדלע האָבן זיך גלײַך ארויסגערוקט צוויי פיגורן: דער פּאַרטיזאַן, וואָס איז געשטאַנען אפ דער וואַך מיט א ביקס, און אן אומבאַקאַנטער מענטש דערזעלבער, וואָס איז געגאַנגען מיטן וועג דורכן פעלד.

דער אַלטער טאַלאַש האָט א קוק געטאָן אפן אומבאַקאַנטן. אפן אַלטנס פּאָנעם האָט זיך גלײַך באַוויזן א שמייכעלע. ווי א יינגל האָט ער זיך שנעל א שטעל געטאָן אפ די פיס און א וואָרף געטאָן זיך אנטקעגן.

— כאַווער ניעווידני, געזונט זאָלסטו מיר זײַן!—האָט אפ פאָ־לעסיער שטייגער באַגריסט אים דער אַלטער טאַלאַש. ניעווידני איז א קליינע ווײַלע געווען אין פאַרלעגנהײַט. דער אַלטער טאַ־לאַש האָט זיך אין זײַן נײַער קליידונג אזוי געענדערט, אז עס איז אים שווער געווען גלײַך צו דערקענען. אָבער גלײַך איז ניעווידנים פּאָנעם ליכטיקער געוואָרן.

— דיעד טאַלאַש!—און כאַווריש האָט ער דעם אַלטן א דריק געטאָן די האַנט. ווי גוט, וואָס איך האָב זיך באַגעגנט מיט אײַך, אַלטער פרײַנט... אבי איך גיי און טראַכט אַלץ: וווּ־הין פירט ער מיך, דער כאַווער?—און ער ווײַזט אָן אפן קאַ־ראַול־פּאַרטיזאַן.

— נו, איך קאָן דאָך אײַך ניט און דורכקאָנטראָלירן דאַרף מען, וואָס זײַט איר פאַר א מענטש,—באַמערקט זאַכלעך דער פּאַרטיזאַן.

— ריכטיק, כאַווער, ריכטיק!

און דער אַלטער טאַלאַש שמייכלט צופרידן: זײַנע וואָיאַקעס

זוייסן די דינסט. ס'איז בא זיי אַן אָרדענונג און שטרענג, ווי אין דער אַרמיי.

— פון וואַנען קומט איר דאָס צו אונדז, כאַווער ניעווידני?

— איך גיי אַרום באַקוקן מײַן ראַיאָן, אַרבעט איז דאָ אַ פולע און מען דאַרף פאַר דער דאָזיקער אַרבעט צוקלײַבן און אויפֿק־שטעלן מענטשן.

— וואָס־זשע פאַראַ גוטס האָט איר געזען, געהערט?

— אַסאַך זאַכן האָב איך געזען, אונדזער זאַך לעבט, וואַקסט... וואָס זשע הערט זיך אָבער בא אײַך?

— דער אַלטער טאַלאַש האָט דערציילט וועגן די לעצטע גע־שעענישן, וועגן בוקרייס מאַרש, וועגן דעם צוזאַמענשטויס מיט די פּאָליאַקן אונטער האַנוסי, וועגן זײַנע געשעענישן, וועגן דעם, ווי מען האָט פאַרכאַפּט די פּוילישע קאָנטר־אויסשפּירונג. ניעווידני איז געווען פאַרכאַפּט.

— הייסט עס, איר זײַט לײדיק ניט געזעסן. מאָלאָדצי! וועגן אײַך רעדט מען אומעטום.

— מע טוט צוביסלעך,—ענטפערט דער אַלטער טאַלאַש—אָט הײַנט וועט בא אונדז טאַקע פּאַרקומען אַ באַראַטונג. מיר ווילן אביסל פון וואַלד אַרויס. און גוט טאַקע, וואָס מיר האָבן אײַך געטראָפן. איר וועט אונדז זאָגן אַ פּאָר ווערטער וועגן דער מיל־כאָמע מיט די פּאַנעס.

— זייער גערן וועל איך שמועסן מיט אײַך.

— איז לאָמיר גיין, מאַרטין,—דאָס איז מײַן זיכערער כאַווער, איינער פון די, וועלכע האָבן אַנטוואָפנט דעם פּוילישן קאָנוואָי,— האָט איצט ערשט דער אַלטער טאַלאַש פאָרגעשטעלט ניעווידנען מאַרטין רילן,—נו, כאַווערל, רופּ צונויף דעם אוילעם!

מאַרטין האָט זיך שווײַגנדיק אופגעהויבן.

איצט ערשט האָט ניעווידני באַמערקט, אַז בא מאַרטינען איז פאַראַן ניט נאָר אַ ביקס, נאָר אויך אַ טרובע באַם זײַט אָפּ אַ גרינעם שנור, אַ היפּשע אויסגעבויגענע טרובע, אַ הילצערנע,

וואָס ער האָט אליין געמאכט, און איז שטײַף ארומגעוויקלט מיט בעריאָזעווער קאָרע. מארטין איז צוגעגאנגען אביסל נעענטער צום וואלד, האָט צוגעלייגט צו די ליפּן די טרובע, האָט אביסל ארויסגעשטעלט פאָרויס די לינקע פוס און גענומען טרובען אזוי, ווי עס טרובען אין וואלד די פאסטעכער. א הויכער, הילכיקער און א גאנץ ניט אָנגענעמענער קלאנג האָט זיך צעשוווּמען איבערן וואלד און איז אנשוויגן געוואָרן. אָפּוארטנדיק א ווײַלע, האָט זיך דאָ אין דער טיפעניש פון וואלד אַפּגערופן א צווייטע טרובע. דער אלטער טאלאש האָט זיך צוגעהערט און געשאָקלט מיטן קאָפּ, באווײַזנדיק אין יענעם זײַט, פון וואנען עס האָט זיך אָפּגעהערט די טרובע. נאָך ווײַטער און נאָך שטילער האָט זיך אָפּגערופן א דריטע. דער אלטער טאלאש איז, ווײַזט אויס, געווען צופרידן, הערנדיק דאָס איבערופן זיך פון די טרובעס.

— וואָס ארט וועמען, אז אין וואלד טרובען „פאסטעכער“?— — האָט ער באמערקט.

עס איז ניט דורכגעגאנגען קיין פערטל שאָ, ווי פון וואלד האָבן אָנגעהויבן ארויסגיין גאנצע גרופּעס מענטשן מיט קאראבינער, מיט ביקסן, מיט אבריזן, מיט בערדאנקעס, מיט עסטרײַכישע און דײַטשישע ביקסן, אינדערשפּיץ פון דער גרופּע זײַנען געשטאנען מענטשן געניטע אין מיליטערישע איניאָנים.

די פארטיזאנער זײַנען געווען אָנגעטאָן און אָנגעשוכט ווי עס האָט זיך געמאכט. אף די קעפּ זײַנען בא עטלעכע געווען אלטע סאָלדאטישע היטלען, וואָס האָבן שוין אף זייער לעבן געזען גאליציע, די קארפּאטן, פוילן און דײַטשלאנד. ווו־ניט־ווו פלעגן זיך דורכווארפן אמאָליקע גימנאסטיאָרקעס און קאזיאָנע לערערנע באקליידונג. אָנגעשוכט זײַנען זיי געווען, ווער אין שטיוול, ווער אין שטיוולעטן מיט וויקל־פאסן פון קערענסקעס צײַטן און ווער אין טראדיציאָנעלע פּאָלעסיער לאפּטיעס, אָבער דער עצם אוילעם איז געווען אן ערנסטער, א פארהארטעוועטער דורך די שטורמען פון מילכאָמע און רעוואָליוציע, און א גרייטער צו שלאָג

זיך ניט אפּ קאַטאָוועס, אַנ אווילעם, קעגנ וועלכנ עס איז גאָר ניט אזוי גרינג צו קעמפנ אינ די דאָזיקע בלאָטעס אונ פּאָלע־סיער העקנ.

אונ די גרופּעס פונ די פּארטיזאַנער זײַנעג אַלץ צוגעקומענ, דער האמוינ פונ באוואָפנטע מענטשנ איז אַלץ מער אונ מער געוואקסנ, ענדלעך, ווענ אַלע האָבנ זיך צונויפגעקליבנ, איז ארויס־געטראָטנ דער אַלטער טאַלאַש.

— כאוויירים, פּארטיזאַנישע מיליטער! לאָמיר א שמועס טאָנ וועגנ אונדזער איניען, שוינ צײַט, אז מיר זאָלנ זיך נעמענ פאר דער ארבעט. ניט פונ אייגענעם ווילנ, טײַערינקע מײַנע, טוליענ מיר זיך ארום איבער די וועלדער. עס האָט זיך אפּ אונדז אופּ־געהייבנ די פריצישע האַנט, עס האָבנ אונדז די פריצים מיט זייער מיליטער אראָפּגעטריבנ פונ אונדזער בלוט־אייגענער ערד, האָבנ צעברענט אונדזערע הײַזער, האָבנ צערויִנירט אונדזערע האָרע־פאשנע הויפנ; האָבנ צעראַבעוועט אונדזער פּארמעגנ. אונ פאר־וואָס? דערפאר, וואָס מיר האָבנ ניט געוואָלט זײַנ קיינ באטראַ־קעס בא די פּאַנעס, וואָס מיר האָבנ זיך דערוואוגט אראָפּוואַרפנ דעם יאָך, אינ וועלכנ עס האָבנ אײַנגעשפּאַנט די פּאַנעס אונ קאַ־פּיטאַליסטנ דעם האָרעפּאשנעם אָרעמענ פאָלק; דערפאר, כאוויי־רים, וואָס מיר זײַנענ געשטאַנענ אונ מיר שטייענ פאר די באָל־שעוויקעס, פאר דער סאָוועטנמאכט, וועלכע האָט אראָפּגעוואָרפנ די מאכט פונ רײַכע אונ האָט זי איבערגעגעבנ אינ די הענט פונ דעם ארבעטער אונ אָרעמענ פּויערטום. די פּאַנעס האָבנ א לאָז געטאָנ אפּ אונדז זייער ווײַסנ מיליטער, קעדיי אָפּנעמענ בא אונדז די ערד, קעדיי מאכנ אונדז פאר זייערע לײַבקנעכט אונ ווידער צווינגענ ארבעטנ אפּ זיי. ניט שוינ־זשע וועלנ מיר דאָס מאסקים זײַנ ווידער ווערנ כלאָפּעס בא די פריצים?

— אראָפּ די פּאַנעס!—האָבנ א דונער געטאָנ די פּארטיזאַנער!

— איז לאָמיר זשע ניט טוליענ זיך איבער די וועלדער אונ ניט זיצנ צונויפגעלייגט די הענט. מיר האָבנ געגנוג קראפט אונ

מיר קאָנען שוין עפּעס טאָן. איז וואָס זשע זאָלן מיר טאָן? מיר וועלן בינדן די פאַנעס די הענט, מיר וועלן זיי צווינגען האַלטן דאָ אַן אַרמיי, מיר וועלן אָנפאַלן אַף זייערע אָבאָזן, רויִנירן די וועגן, צעבּרעכן זייערע מאַיאָנטקעס, אָן ראַכמאָנעס שלאָגן דעם, ווער עס וועט שטיין פאַר די פאַנעס. מיר וועלן העלפן אונדזער רויטער אַרמיי, ביז זי וועט אָנקלייבן קויכעס און צוזאַמען מיט איר וועלן מיר אַרויסטרייבן די פאַנעס און זייער פּאָליציי, די קסיאָנדזן און יעזוּויִדער שמוץ.

נאָך דעם אַלטן טאַלאַש האָט אַ וואָרט גענומען ניעווידני.

— ידערלויבט, כאַווייִרים, אין נאָמען פון דער פּאַרטיי באָל־שעוויקעס באַגריסן איך, אַקטיווע קעמפער, וועלכע זיינען אַרויס־געטראָטן אָרגאַניזירטערהייט און מיט געווער אין די הענט קעגן דער האָזעריקער אָנשיקעניש פון די געדונגענע פון דער קאַפּי־טאַליסטישער אייראָפּע.

— כאַווייִרים! אונדזער פּאַרטיי, אַ פאַרהאַרטעוועטע אין פייער פונעם אָקטיאַבער־אופשטאַנד, האָט צעקלאַפּט און אַראָפּגעוואָרפן די מאַכט פון קאַפּיטאַל אין רוסלאַנד און האָט גענומען די מעלו־כישע מאַכט אין אירע הענט, קעדיי באַפרייען די פּאַ־שקלאַפטע מאַסן אַרבעטער און פּויערים פונעם יאָך פון קאַפּיטאַל, פונעם פּריצישן יאָך, קעדיי אָפּגעבן אין די הענט פון די אַרבעטנדיקע די פאַבריקן, די זאַוואָדן, די ערד, קעדיי מאַכן זיי פאַר באַלע־באַטים פון די דאָזיקע פאַבריקן, פון די זאַוואָדן, פון דער ערד, קעדיי זיי אַליין זאָלן ווערן פרייע בויער פון זייער אייגענעם ווילשטאַנד, פון זייער לעבן אַף נייע סאָציאַליסטישע יעסוידעס. די אַרויסגעטריבענע פאַבריקאַנטן, סאָכרים, הענדלער, פּרי־צים, צאַרישע גענעראַלן און די איבעריקע קליקע בלוט־זויגער האָבן זיך געפונען מיטגעפיל צווישן די אויסלענדישע קאַפּיטאַ־ליסטן. מיט זייער הילף האָבן זיי צונויפגעקליבן גאַנצע פּאָלקן ווייסגווארדייער און באַוואָפנט זיי מיט פאַנצער־מאַשינעס און טאַנקעס און אונטער דער קאָמאַנדע פון צאַרישע גענעראַלן און

אָפּיצערן האָבן זיי זיך א לאָז געטאָן קעגן דער סאָוועטנמאכט,
קעדיי פארלעשן אין בלוט פון די ארבעטער און ארבעטנדיקער
פויערישער אָרעמקײַט דעם פײַער פון דער רעוואָליוציע און אומ־
קערן זיך די מאכט פון קאנטשיק און שאָמפּאָל. וואָס דאָס איז
פארא מאכט, ווייסט איר שוין אליין. דעניקין פון דאָרעם, קאָל־
טשאק פון ווײַטן מיזרעך, יודעניטש פון מײַרעוו, די ענגלענדער
פון צאָפן האָבן צונויפגעדריקט אין אן ענגן רונג אונדזער לאנד,
קעדיי פארמאָרען עס דורך הונגער, קעדיי ארײַננעמען אונדז, הונ־
געריקע, בלוטלאָזע אין זייערע הענט און פארניכטן די סאָוועטנ־
מאכט. אָבער, כאוויירים, אונדזער יונגע רעוואָליוציאָנערע ארבע־
טער־פויערישע רויטע ארמיי, אונטער דער אָנפירונג פון דער
באָלשעוויסטישער פארטיי, א האלב־הונגעריקע, א שוואך בא־
וואָפנטע האָט צעקלאפּט אף ברעקלעך די צארישע גענעראלן,
האָט ארויסגעטריבן דאָס פרעמדע מיליטער און די אויסלענדישע
קאפּיטאליסטן און איצט מאכט זי א סאָף מיט וורַאנגעלן, אָבער
אונדזערע בלוטיקע קלאסן־סאָנים, די אויסלענדישע קאפּיטאליסטן
אינדערשפּיץ מיט ענגלאנד באַרויִקן זיך ניט. זיי האָבן געשאפן
די אזויגערופענע „גרויספּוילן“ און האָבן אויסגענוצט די פּריצישע
דורשטיקײַט אף צו פארכאפּן פרעמדע ערד, קעדיי ווענדן זיי
קעגן דער סאָוועטנמאכט. איז אָט, כאוויירים, די דאָזיקע מילכאָ־
מע האָט זיך אָנגעהויבן. וואַס די דאָזיקע מילכאָמע טראָגט אונדז
ווייסט איר. איר אליין, כאוויירים, האָט זיך גענומען פארן גע־
ווער—איר האָט זיך געשטעלט אף א ריכטיקן וועג. קיין אנדער
וועג איז פאר אונדז ניטאָ. כאוויירים, מיר קעמפן ניט פאר דעמ,
אז מיר זאָלן פארנעמען פרעמדע ערדן. מיר זײַנען געצוווּנגען
מילכאָמע האלטן, פארטיידיקן אונדזער פאָטערלאנד, אונדזער מאכט,
אונדזערע אינטערעסן. אונדזער מאכט—דאָס זײַנען מיר, דאָס
זײַנען אונדזערע אינטערעסן. די סאָוועטנמאכט—דאָס איז דער
סימוואָל פון באפרײַען די גאנצע אונטערדריקטע מענטשהײַט פו־
נעם יאָך פון קאפּיטאליזם. מיר קעמפן ניט מיט פּוילן בּיכלאל,

מיר קעמפן מיט דער פריצישער ווײַספוילן, מיט פוילן פון דער קאפּיטאליסטישער אונטערדריקונג. אין אונדזערע רייען, אין די רייען פון דער באָלשעוויסטישער פּארטיי זײַנען פאראן אסאך, סוויזנטער אָנגעזעענע רעוואָליוציאָנערן־באָלשעוויקעס־פּאָליאקן, וועלכע שלאָגן זיך צוזאמען מיט אונדז קעגן דעם פריצישן פוילן. אין די רייען פון דעם פוילישן מיליטער זײַנען פאראן אסאך ארבעטער און פויערים. א טייל פון וועלכע איז פארפירט דורך זייער רעגירונג און די קסיאָנדזן און א צווייטער טייל איז געצוווּנגען מיט גוואלד שטעלן זיך אין די רייען פון דער ארמיי. און מע דארף, כאווײרים, אין דער מילכאָמע מיט די פּאנעס לאָזן אין גאנג ניט נאָר דאָס פארניכטונג־געווער, נאָר מע דארף אויך עפענען די אויגן די אומבאוווּסטזיניקע פוילישע סאָלדאטן, אופוועקן זייער קלאסן־באוווּסטזײַן: זיי וועלן פון סאָנים ווערן אונדזערע פארבינדעטע און פוס אין פוס מיט אונדז וועלן זיי גיין קעגן זייערע אונטערדריקער. כאווײרים, מיר וועלן זיגן, די צוקונפט איז אונדזערע, דערוויַיל אָבער, כאווײרים, הייבט אָן אָרגאניזירן רעוואָליוציאָנערע קאָמיטעטן,—אָט די דאָזיקע וואנדערנדיקע קעמפערישע סאָוועטנמאכט: ס'איז ניט ווײַט די צײַט, ווען די סאָוועטנמאכט וועט זיך דאָ שטעלן אף פעסטע פיס. זאָלן טריומפירן אונדזערע פײַנט מיט זייערע זיגן—זייער טריומף איז ניט אף לאנג. איז לאָמיר זיך נעמען פאר דער ארבעט, כאווײרים, פאר דער איינציק־ריכטיקער אונדזערער ארבעטער־פויערישער זאך, די זאך פון אונדזער באפרײַונג, פאר אן אומבעראכמאָנעסדיקער קלאסן־מילכאָמע מיט די פּאנעס!

— זאָלן לעבן די רויטע פּארטיזאנער!

— זאָל לעבן די רויטע ארמיי און איר אָרגאניזאטער—די קאָמוניסטישע פּארטיי!

דער מיטינג האָט זיך געענדיקט מיט א שווּע שלאָגן זיך ביזן סאָף מיט די פּאנעס, שלאָגן זיך פאר דער באפרײַונג פון די ארבעטנדיקע.

די סאַמע שווערע, די סאַמע שרעקלעכע מינוטן, וועלכע עס האָט נאָך קיינמאָל ניט איבערגעלעבט סאַווקאַ מילהון, זײַנען געווען יענע מינוטן, ווען דער אַלטער טאַלאַש האָט אים אַרויסגעטראָגן זײַן אורטייל. ווען דער אַלטער טאַלאַש וואָלט געזאָגט: „אַ טויט סאַווקען!"—וואָלט עס ניט אַזוי פאַרווּנדערט, ווי עס האָבן אים פאַרווּנדערט די פּראָסטע געוויינלעכע ווערטער פונעם ברויזאַמען, אָבער אין טאָך גענומען גוטן אויפריכטיקן מענטשן: „גיי פון דאַנען, אַז מײַנע אויגן זאָלן דיך ניט אָנקוקן" און זײַן לעצטער וואָרט:—„לעבן!"

סאַווקע האָט זיך אַזוי שווער אויסגעמוטשעט פאַר דער צײַט, וואָס מע האָט אים אויסגעפּאָרשט אין די טורמעס פון דער פּוילישער קאָנטר־אויסשפּירונג און באַזונדערס פאַר דער צײַט, ווען מע האָט אים געצווּנגען באַווײַזן דעם וועג אין וואַלד, קעדיי געפינען דאָס שרעקלעכע בײַדל, ווו עס האָט זיך אָפּגעשטעלט דער פּאַרטיזאַנישער אַטאַמאַן מיט זײַן זון און מיט זײַן כאַווער— אַז ער איז אינגאַנצן פאַרטעמפּט געוואָרן און האָט שוואַך אויפגענומען אַלע ווײַטערדיקע געשעענישן: דעם אומגעריכטן אויסברוך פון די פײַערן, די שרעקלעכע פיגורן פון די באַוואָפנטע מענטשן, וועלכע האָבן זיך אַרויסגערוקט פון דער פינצטער און זייער אַרומהאַווען אינעם בליאַסק פון די פײַערן, דעם געריכט, די זאַלפּ־שאָסן און דאָס איבעריקע. אָבער יענעם מאָמענט, ווען דער אַלטער טאַלאַש האָט אים, סאַווקען, אַרײַנגעקוקט אין די אויגן מיט זײַנע טונקעלע שאַרפע אויגן און זײַנע ווערטער, וועלכע האָבן געגעבן סאַווקען פרײַהײַט און לעבן,—האָבן שטאַרק אויפגערודערט סאַווקען. „גיי זיך! גיי פון דאַנען!" און נאָך וואָס עס האָט זיך אײַנגעשניטן אין סאַווקעס זיקאָרן,—מאַרטין ריל, דער שווײַגעוודיקער און אַ ביסל אָנגעכמורעטער. אָט דער זעלבער מאַרטין, וועלכן סאַווקע האָט געמיינט פאַרקויפן דעם ווייט און זײַנע גוטע ברידער, איז צוגע־

גאנגען צו אים, צו סאווקען און האָט מיט זײַנע הענט, ווי מיט אײַזערנע צוואנגען, צעבראָכן די קייטן און באפרײַט סאווקעס הענט.

פאר סאווקען האָט זיך געעפֿנט א פינצטערער זומפּ און עס האָט אים אָנגענומען א שרעקלעכע פוסטקײַט. ער איז א לעבעדי־קער און פרײַער. פאר אים איז אָט די סאמע גרויסע און ברייטע ראכוועס, וועלכע ער האָט פריִער אינגאנצן ניט באמערקט, אָבער ער האָט אויך דערפילט, אז אָט אין דער דאָזיקער ראכוועס איז פאר אים קיין אָרט ניטאָ... „גיי זיך, גיי פון דאנען!"

ניט אויפהייבנדיק די אויגן, מיט אן אראָפּגעלאָזענעם קאָפּ, האָט זיך סאווקע געלאָזט גיין פון וואלד. די גרויזאמע פארטיזאנער האָבן שווײַגנדיק באגלייט אים מיט די אויגן, און נאָר בא סאוו־קען אליין האָבן זיך ארויסגעריסן ווערטער, האָבן זיך ארויסגע־ריסן אָן קיין שום פארטראכטקײַט:

— זײַט מיר מוחל, איך בין שולדיק!

ער איז געווען זייער פארמאטערט, דערשלאָגן. ס'איז בא אים ניט געווען קיין באשטימטער ציל. ער איז געגאנגען, וווהין די אויגן טראָגן.

„גיי זיך! גיי פון דאנען!"—האָבן אים געקלונגען אין די אויערן אָט די דאָזיקע ווערטער.

א שטומע נאכט האָט ארומגעכאפּט דעם אלטן וואלד. עס זײַ־נען אנשוויגן געוואָרן די מענטשישע שטימען. עס האָבן זיך אויסגעלאָשן די פײַערן, און סאווקע האָט זיך דערפילט אין פו־לער איינזאמקײַט. לאנג האָט ער ארומגעבלאָנדזשעט אָן א וועג איבערן וואלד. די טרוקענע צווײַגן האָבן זיך געטשעפּעט פאר די בגאָדים, האָבן געפּאטשט איבערן פּאָנעם. די פיס פלעגן ארײַנ־קריכן און זינקען אין שניי. ער האָט זיך אָנגעשטויסן אָפּ פניאָ־קעס, פלעגט ארײַנפאלן אין גריבער. ענדלעך האָט ער זיך ארופ־געשלאָגן אפּ א וועג. ער איז געגאנגען, ביז ער האָט דער־פילט, אז ווײַטער גיין קאָן ער ניט. האָט ער זיך אָפּגעשטעלט,

האָט זיך ארומגעקוקט אפ אלע זײַטן. נאכט, שטיל, א פינצטע־רער הימל איבערן קאָפּ, א וואלד און בלאָטעס ארום.
„גיי זיך, גיי פון דאנען!“
און ער האָט זיך געלאָזן ווײַטער, קוים, קוים, איבערשטעלנ־דיק די פיס און ארומקוקנדיק זיך אפ די זײַטן. ניט ווײַט פון וועג אפּן בלאָטע, צווישן דעם קוסטעס־ה'עלדל מאָלט זיך אים פון דער פינצטער ניט דײַטלעך א טונקעלער סילועט פון א סטויג. סאווקע האָט אָפּגעקערט פון וועג, איז אוועק אונטערן סטויג און האָט זיך אָפּגעשטעלט. דאָ קען מען טאקע אָפּרוען אויך. ער האָט אויסגעסקובעט אינעם סטויג א נאָרע און האָט זיך ארײַנגערוקט אינעם געפּראָרענעם היי. סאווקע האָט דערפילט מיט זײַן גאנצן פארמאטערטן קערפּער און מיט די ביינער, וואָס האָבן גענאָגט פון ווייטעק, דעם גאנצן טאם פון אָפּרוען. ער דארף איצטער גאָרנישט, נאָר ליגן, ליגן אָן א סאָף און ניט רירן זיך. און סאווק־קע איז אנשלאָפן געוואָרן מיט א פעסטן און שווערן שלאָף פון א מענטשן, וואָס איז שרעקלעך אויסגעמאטערט און פארמוטשעט.
געשלאָפן האָט ער לאנג, געשלאָפן שטארק ווי א געהארגע־טער, און ווען ער האָט זיך אופגעכאפּט, איז שוין געווען גוט ליכטיק. און קענטיק, אז עס האָט שוין אָנגעהויבן זייער לאנג טאָגן. סאווקע האָט א ווײַלע שטארק פארוווּנדערט זיך, וואָס ער ליגט אין היי, אָבער דער דאָזיקער צײַטווײַליקער דורכרײַס און פוסטקײַט אין זײַן זיקאָרן האָבן זיך גיך אָנגעפילט מיט שארפע זיכרוינעס. און אלע געשעענישן, וואָס זײַנען ניט לאנג פאָרגעקו־מען, זײַנען אופגעשטאנען פאר אים אין זייער שרעקלעכער ווירק־לעכקײַט. עטלעכע מינוט איז סאווקע געלעגן אין זײַן נאָרע, קעדיי אביסל אויסטשוכען זיך. דער שלאָף האָט אים פעסטער גע־מאכט, די שרעק פון דער איבערגעלעבטער נאכט האָבן זיך אָפּ־גערוקט בא דער שײַן פון טאָג א ביסל ווײַטער, האָבן פארלאָרן זייער שארפקײַט און האָבן שוין ניט געדריקט אפ אים מיט אזא ווייטעקדיקער שווערקײַט ווי נעכטן.

סאווקע איז געלעגן און האָט געטראַכט. אין אַזאַ שווערער לאַגע איז ער קיינמאָל ניט געווען. וואָהין זאָל ער זיך לאָזן און וואָס זאָל ער טאָן? ווו זאָל ער זיך איצט צושפּאַרן?.. עס איז אַרופגעשוווּמען אַפן זיקאָרן די פאַרהער־קאַמערע, די אויספאָרשער און דער שרעקלעכער אַדאָלף. און אָך־און־וויי וועט זײַן סאַווקען, ווען ער וועט זיך פּאַקן צו זיי אין די הענט. מע וועט אים פרעגן: פאַרוואָס האָט מען געשאָסן די פּוילישע אַגענטן און אים האָט מען גע־אָזן?

פון די דאַזיקע געדאַנקען איז איבער סאַווקעס לײַב דורכגעגאַנגען אַ שוידער.

און פאַרוואָס האָט ער זיך ניט אומגעקערט דעמלט, ווען ער איז געגאַנגען פון וואַלד, נאָכן באַגעגענען זיך מיטן אַלטן טאַראַשן און האָט ניט דערציילט אַלץ טימאָך בודזיקן? דאָס קאָן זיך איצטער סאַווקע ניט מוחל זײַן. טימאָך בודזיק, זײַן אַלטער באַקאַנטער, האָט צוגעשמידט צו זיך סאַווקעס געדאַנקען. ער האָט זיך איצטער אָנגעכאַפּט אָן טימאָך בודזיקן, ווי עס כאַפּט זיך אָן פאַר אַ קאָטשקע אין זומפּ אַ מענטש, וועלכער האָט פאַרלאָרן אונטער די פיס דעם גרונט, קעדיי פאַרהאַלטן זיך מיט די הענט און ניט אַראָפּלאָזן זיך מיטן קאָפּ אינעם פינצטערן אָפּגרונט.

עטלעכע טעג האָט זיך סאַווקע געטוליעט אין קאַרנאַטשי און זײַן אַרום, קעדיי באַגעגענען טימאָך בודזיקן. געדולדיק האָט ער געהיט יענעם וועג, מיט וועלכן ניט גאָר לאַנג האָט אים געפירט טימאָך צום אַלטן טאַראַשן. בײַ יעדער געלעגנהײַט פלעגט ער פרעגן בײַ די אײַנוווינער פון קאַרנאַטשי וועגן טימאָכן, אָבער טימאָך האָט זיך ניט געוויזן. סאַווקע האָט פונדעסטוועגן ניט פאַרלאָרן די האָפענונג געפינען טימאָכן. ענדלעך, באַגינען, ווען עס איז נאָך ניט גוט ליכטיק געווען, האָט זיך סאַווקע דערוועגט אַרײַנגיין צו טימאָכן אין הויף.

באַגעגנט האָט ער טימאָכן אַפן הויף לעבן שײַער.

פאַר די דאָזיקע טעג איז סאַווקע שטאַרק כוישעך געוואָרן.

— גוטמאָרגן, טימאָכ! — האָט מיט א פארשולדיקטן שמייכל, שע־מענדיק זיך קוקן טימאָכן גלייַך אין די אויגן, באגריסט אים סאווקע.

טימאָכ האָט א קוק געטאָן אפ סאווקען און האָט זיך פארטרייסלט, פונקט ווי פאר אים וואָלט געשטאַנען ניט סאווקע, נאָר זייַן שאָטן פון יענער וועלט. א ווייַלע איז ער געשטאַנען שווייַגנדיק און אומבאוועגלעך, דערנאָך האָט ער פארדעכטיק ארומגעקוקט זיך.

— פון וואַנען האָסטו זיך גענומען און וואָסער כאָליערע האָט דיך געבראַכט אהער און צו וואָס? — האָט פאר זיך טימאָכ א פרעג געטאָן סאווקען און אפן קאָל האָט ער א זאָג געטאָן:

— וואָס דארפסטו דאָ?

— זייַ ניט ברויגעז, טימאָכ: איך וועל אָ באלד אוועקגיין. איך וויל נאָר א רעד טאָן מיט דיר, איך זוכ דיך גאנצע טעג.

טימאָכ האָט א קוק געטאָן אפ סאווקען פאָרזיכטיק, דערפילנ־דיק א ניט קלאָרע אומרויִקייט.

— איז וואָס ווילסטו פון מיר? — האָט מיט דעם זעלבן קאלטן טאָן אלץ געצערנט טימאָכ.

— איך בינ ניט אזוי שולדיק, ווי איר מיינט.

— נו, איז וואָס זשע איז דערפון? מע האָט דאָך דיך אָפגע־לאָזן.

— איך וויל, אז דו זאָלסט וויסן דעם עמעס.

טימאָכן איז ניט אלץ געווען קלאָר אין דעם דאָזיקן איניעס און דעריבער האָט ער א פרעג געטאָן רויִקער:

— וואָסער עמעס?

— איך, טימאָכ, וועל זיך ניט פארענטפערן: איך האָב זיך גע־נומען פאר א נידערטרעכטיקער פאסקודנער זאכ. מיך האָבן גע־דונגען דער וויט און זייַנע כאווירים, אז איך זאָל ווערן א פאל־שער פארטיזאן און זאָל מאסערן אייַך. מאקסים, טאלאשס זון, האָט מיך געשיקט צו דיר: איך האָב ארומגעפרעגט מאקסימען,

ווי געפינט מען אײַך. לעכאטכילע האָט ער מיר גאָרנישט ניט געזאָגט וועגן אײַך דערנאָך...

— און דערנאָך האָט דער אַלטער טאַלאַש אַליין געזאָגט מאַקסימען, אַז ער זאָל דיר וויַיזן דעם וועג צו מיר,—האָט טימאָך איבערגעשלאָגן סאווקען.

— טאַלאַש אַליין?—האָט זיך געכידעשט סאווקע.

— אײַ איך וועל דיר אויך זאָגן דעם עמעס: איידער דו ביסט געקומען צו אונדז אין וואַלד אויסשפּירן, האָבן מיר שוין געוווּסט אַלע דיַינע סעקרעטן און דײַן אָפּמאַך מיטן וויט.

סאַיוקע האָט זיך פאַרכידעשט נאָך מער, און טימאָך האָט עס נאָך מער גרויס געמאַכט אים אין די אויגן.

— אײַ ביסטו אַ יאָלדאַטש,—האָט ער געזאָגט,—מיר ווייסן אַלץ און מיר האָבן אויך געוווּסט, אַז דו וועסט ברענגען דיַינע פאַנעס צו אונדז.

סאווקע האָט זיך איינגאַנצן פאַרלאָרן און האָט פאַרווּנדערט געקוקט אויף טימאָכן. איצט האָט סאַיוקע געכאַפּט זיך, פאַרוואָס מע האָט עס אזוי מיטאַמאָל און העפטיק באַגעגנט דאָרטן אין וואַלד די פאַנעס.

—

— אויב איר ווייסט שוין יאָ אַלץ,—האָט אָנגעהויבן דער צעטומלטער סאווקע,—דאַרפט איר אויך וויסן, אַז איך בין אַוועק פון דעם וויט און איך דין זיי ניט מער.

— דאָך ביסטו מיט די פאַנעס געקומען,—האָט באַמערקט דער אײַנגעשפּאַרטער טימאָך.

סאווקע האָט אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ: וואָס קאָן מען זאָגן קעגן אַן עמעס?

— אָבער דו, טימאָך, ווייסט ניט, וואָס דאָס האָט מיר אָפּגעקאָסט. איך האָב אַליין מיטן אייגענעם ווילן קיין איין וואָרט ניט געזאָגט וועגן אײַך, איך האָב קיינעם פון אײַך ניט אָנגערופן ניט פאַר דעם וויט, ניט דאָרטן אין דעם פאַרהער, אָבער מע האָט

מיך געמוטשעט, מע האָט מיך געפּײַניקט, מע האָט מיר געצויגן די אָדערן און די ביינער. און נאָך דעם האָב איך זיך ערשט ניט מוידע געווען.

אָבער ווען מע האָט מיר ווידער אוועקגעשטעלט אַף דער קאָבילקע, האָב איך ניט אויסגעהאַלטן. ניט געהאַט קיין קויכעס אויסצוהאַלטן. די דאָזיקע ווערטער האָבן אויך ניט גערירט דעם בייזן טימאָכן.

— הייסט עס, אַז דו ביסט ניט קיין פּעסיע־מענטש, האָט ער געזאָגט. און קעגן דעם אַרגומענט האָט סאַווקע גאָרניט געקאָנט דערווידערן.

— דעמאָלט, ווען איך האָב זיך אומגעקערט פון וואַלד, ווען דו האָסט מיך געפירט צום ביידל, האָב איך געוואָלט אומקערן זיך צו דיר און מוידע זײַן זיך, אַז מיך האָבן אונטערגעשיקט דער וויט און זײַנע גוטע־ברידער.

— אָבער האָסט זיך ניט אומגעקערט?

בײַ מיר האָט ניט געקלעקט קיין דרייסטקייט מוידע זײַן זיך: מיר אַליין איז פריקרע געווען מײַן געשעפט, מײַן פאַרברעכן. און איך האָב ניט געמיינט, אַז דאָס אַלץ וועט זיך אַזוי אַ קער טאָן. איך האָב זיך מיט זיי צעשלאָגן. דעם וויט האָב איך מיט אַ מעסער אין זײַט געגעבן, איך בין געווען אַנטלאָפן פון זיי, האָב זיך אַרויסגעריסן. ווען מע זאָל מיך דעמאָלט ניט כאַפּן און אָפּגעבן אין די הענט פון די הענקער, וואָלט איך געקומען צו אײַך. איך וואָלט געוויס געקומען.

— דאַן וואָלט אַנדערש געווען, — האָט זיך טרוקן אָפּגערופן טימאָך.

סאַווקע האָט געמיינט, אַז זײַן מוידע זײַן זיך און כאַראַטע קריגן וועט כאָטש וויפל ניט איז רירן טימאָכן, אַז טימאָך וועט אים מיטפילן, וועט אים פאַרשטיין און אונטערשטיצן אין דער שווערער מינוט, אָבער טימאָך האָט זיך אוועקגעשטעלט הארט און אפילו פײַנטלעך בענעבייע סאַווקען און האָט זיך ניט אָפּגערופן מיט קיין איין וואָרט פון מיטגעפיל. יענער אָפּגרונט, וואָס האָט זיך געלייגט צווישן סאַווקען און זיי, איז געבליבן אַ פינצטערער און ניט גערירטער ווי פריִער.

דער שמועס האָט זיך איבערגעריסן.

ווענן וואָס זאָל מען נאָך ריידן?

סאווקע איז געשטאַנען אַ ווײַלע און דערנאָך געזאָגט.

נו, וועל איך גיין.

נו, איז וואָס זשע?—האָט זיך אָפּגערופֿן טימאָך גלאַט אין דער וועלט אַרײַן.

סאווקע האָט זיך פֿאַרלאָרן.

— עפּשער וואָלסטו מיר געגעבן אַ שטיקעלע ברויט אָפּן ווען, האָט ער ניט דרייסט אַ בעט געטאָן בײַ טימאָכן.

— נו, מען קאָן... קום!

זיי זײַנען צוגעגאַנגען צו טימאָכס שטוב. סאווקע האָט זיך אָפּגעשטעלט אָפּן הויף לעבן שטוב. טימאָך האָט אַרויסגעטראָגן אַ היפּשן שטיקל ברויט, סאווקע האָט גענומען דעם ברויט און אָפּגעדאַנקט.

— נו, זײַ מיר געזונט.

— אַ גוטן!

סאווקע האָט איין טראָט געמאַכט און אָפּגעשטעלט זיך.

— מער וועט איר פֿון מיר קיין שום צאָרעס ניט האָבן, ניט האָבן, טימאָך. איך שעם זיך איצטער קוקן אײַך אין די אויגן, אָבער איך וועל אויסקויפֿן מײַן שולד פֿאַר אײַך, איך וועל אויסקויפֿן, מיט וואָס איך וועל נאָר קאָנען, זאָג דאָס דעם אַלטן טאַלאַשן און מאַרטין רילן.

סאווקע האָט זיך צעכּושט. זײַנע אויגן זײַנען אָנגעלאָפֿן מיט טרערן, ער האָט נאָך עפּעס געוואָלט זאָגן, נאָר זײַן שטים האָט זיך איבערגעריסן. ער האָט שווער אַ קרעכץ געטאָן.

— איך וויל ווערן מיט מענטשן גלײַך,—האָט ער געזאָגט.

— נו, נו,—האָט שוין ווייכער אָפּגערופֿן זיך טימאָך.

אין אָט דעם „נו, נו" האָט סאווקע דערפֿילט אַ נאָטקע פֿון מיטגעפֿיל און אים איז געוואָרן גרינגער. זײַן דאַרע הויכע פֿיגור האָט זיך אָנגעהויבן וויגן און איז נעלעם געוואָרן אין דער

טיפ פונ הויפ אהינטער די געבײַדעס אונ ביימער. טימאָכ איז א ווײַלע געשטאנענ אונ האָט אים באגלייט מיט די אויגנ.
„עפשער וועט ער טאקע א מענטש ווערנ״—האָט ער א טראכט געטאָנ.
א היפשע צײַט האָט מענ וועגנ סאווקענ גאָרנישט ניט געהערט. ניט אינ ווערי, ניט אינ פרימאקי האָט מענ אים ניט געזענ. וועגנ אים זײַנענ ארומגעגאנגענ ווידערשפרעכנדיקע קלאנגענ. אייניקע האָבנ געזאָגט, אז סאווקע איז שוינ ניט קיינ לעבעדי־קער, אז די פארטיזאנער האָבנ אים דערהארגעט. די אנדערע האָבנ דערוויזנ, אז סאווקענ האָבנ צוגענומענ די פאָליאקנ אונ האָבנ אים דערשטיקט אינ אסטראָג. די דריטע האָבנ זיכ גע־האלטנ בא דער מיינונג, אז סאווקענ וועט קיינ שווארציאָר ניט נעמענ, אז אזוינע מענטשנ ווי סאוויקע, ווערנ ניט פארפאלנ. זייער מיינונג האָט זיכ באזירט אפ דעמ, וואָס סאווקענ איז דאָס ניט דאָס ערשטע מאָל פארפאלנ ווערנ אפ גאנצע כאדאָשים. אונ זיי האָבנ טאקע קיינ טאָעס ניט געהאט.
ווי נאָר דער שניי איז צעגאנגענ אונ עס איז אראָפ דאָס וואסער אונ די ערד האָט זיכ אביסל אויסגעטריקנט, האָט זיכ סאווקע געהיימ אומגעקערט צו זיכ אינ שטוב אונ האָט אפילע געבראכט דער ווײַב אונ די קינדער מאטאָנעס. ער האָט שטרענג פארזאָגט די קינדער אונ דער ווײַב, זיי זאָלנ גאָרנישט דערציילנ וועגנ אים, פונקט ווי ער וואָלט אפ דער וועלט גאָר ניט געווענ. אינדערהיימ האָט ער צונויפגעקליבנ יעדיִעס וועגנ דעמ וויט אונ זײַנ כאווריִע. גאנציקע טעג האָט סאווקע דאָ אָפגעהיניעט אונ קיינעמ זיכ ניט געוויזנ אפ די אויגנ. בא סאווקענ איז געווענ א וויכטיקע קאָמ־בינאציִע, איבער וועלכער ער האָט זיכ איצט געבראָכנ דעמ קאָפּ. סאווקע האָט ניט פארגעסנ, וואָס ער האָט געזאָגט טימאָכנ באמ בעזעגענענ זיכ, אז ער וויל ווערנ א מענטש.
סאווקע האָט פאָרויס אויסגעשפירט דעמ אָרט, ווו עס פלעגנ זיכ איבערהויפט קלײַבנ די פארטיזאנער. דאָס איז געווענ א טייל

פון זײַן פּאַרטראַכטן פּלאַן. ווען ער האָט זיך וועגן דעם דער־טראַכט, האָט ער גלײַך גענומען פאַרווירקלעכן אָט די דאָזיקע קאָמבינאַציע אינגאַנצן. צוליב דעם איז אים אויסגעקומען אַן אַר־בעט טאָן די גרעסטע העלפט נאַכט.

אָן טומל, ווי א שאָטן איז סאַוקע אַרײַן אַפן הויף צו קאָנ־דראַט בירקען. ער האָט זיך גוט צוגעהערט—עס איז שטיל, דער דאָרף שלאָפט אין א טיפן שלאָף. בירקעס הונט, וועלכן סאַווקע האָט פון אָנהייב אָן גלײַך אײַנגעשטילט, האָט אָנגעהויבן אַרום אים דרייען מיטן עק און פון שטאַל האָט זיך געטראָגן דאָס שנאָרכן פון דעם יִכעסדיקן זשערעבעץ—דער שטאָלץ, דער שײַנדל פון דער ווירטשאַפט. אָבער די טויערן און דער שטאַל זײַנען געווען פעסטע, פאַרשלאָסענע מיט א שטאַרקן אינוויינטיקסטן שלאָס. סאַווקע איז אַוועק פון צווייטן זײַט שטאַל. ער האָט שוין פריִער אָנגעמערקט זיך דעם שטיין, וואָס האָט אונטערגעהאַלטן דעם פונדאַמענט פון שטאַל. סאַווקע האָט זיך אַוועקגעלייגט, האָט אָפּגעגראָבן פון אַרום שטיין די ערד, האָט אים פּאַוואָליע אָפּגעקײַקלט און די גרוב, ווו דער שטיין איז גע־לעגן, האָט ער טיפער דורכגעגראָבן, האָט זי פאַרברייטערט און זיך אהין אַראָפּגעלאָזן. אין אַ ווײַלע אַרום איז ער שוין געווען אין שטאַל און געגלעט דעם זשערעבעץ. און דערנאָך איז ער שוין צוגעגאַנגען צום טויער און שטילינקערהייט אָפּגערוקט דעם פאַרוקער. אָן טומל און סקריפּ האָט ער פאַנאַנדערגעעפנט דעם טויער און אַרויסגעפירט דעם זשערעבעץ אַפן הויף, דורכן הויף—פאַרבײַ שײַער, פון דאָרטן אין וואַלד.

סאַווקעס אַרבעט איז געווען ניט אינגאַנצן פאַרענדיקט. באַם ווײַט און בא ברויִען איז געווען צו צוויי גוטע גרויסהאָרנדיקע אָפּגעקאָרמעטע אָקסן. און עס איז שווער געווען צו זאָגן, וועמעס אָקסן זײַנען בעסערע—דעם ווײַטס צי ברויִס.

מיט די אָקסן איז דער איניען געווען אסאך לײַכטער. סאַווקע האָט אָנגעהויבן מיט א סיידער. אפריִער האָט ער אַרויסגעטריבן

ברויס אָקסן, דערנאָך איז ער מיטן הינטער־הויף אריַין צו וואַ־סיל בוסיגען. ער איז דאפקע אינדערהיים ניט געווען. פון אָוונט, נאָך איז ער אוועקגעפאָרן צום פאַן קרוליעווסקי וועגן דעם ווייטס איניאָנים. דער אלטער קוכריאַן איז געלעגן אפ די פּאַ־לאטקעס און האָט אונטערגעפירט א סאכאקל פונעם דורכגעמאכטן לעבנס־וועג. דעם ווייטס אָקסן זיַינען געווען מער איַינגעשפּארטע און האָבן ניט געוואָלט אין מיטן נאכט ארויס פון שטאל. אָבער עס האָט זיי באוויזן דעם וועג און אונטערגעגעבן כיישעק דער יאָריקער ביקל. זאלבעדריט זיַינען זיי אוועקגעגאנגען פריילעכער. און ווען סאווקע האָט צו זיי נאָך פארייניקט ברויס אָקסן, האָבן זיי נאָך פריילעכער א לאָז געטאָן זיך גיין צוזאמען מיט סאווקען.

נאָך ביז די זון איז אופגעגאנגען, זיַינען די צוויי פּאָר אָקסן, דער יונגער ביקל און דער זאוואָדישער ייִכעסדיקער זשערעבעץ געווען אפן אָרט. סאווקע האָט זיי געלאָזן אפ גוטער פּאשע, האָט דעם זשערעבעץ צוגעבונדן און אליין איז ער אוועק שפּאצירן איבערן וואלד. אים האָט גלייַך פארהאלטן דער וואכטע־פּארטיזאַן און האָט אים אָפּגעפירט אין פּארטיזאנישן שטאב — און סאווקע האָט עס טאקע געדארפט.

דערזעענדיק סאווקען, האָט זיך דער אלטער טאלאש, בודזיק און ריל פארכידעשט.

— מיט וואָס פארא נייַעס ביסטו געקומען אהער? — האָט אים א פרעג געטאָן דער אלטער טאלאש.

— זיַי ניט אין קאַעס, פעטערקע, און איר, ברידערלעך: איך האָב אהער געבראכט דעם זשערעבעץ פון איַיערן און מיַינעם איצטיקן סוינע קאָנדראט בירקע. כ'האָב געבראכט צו טרייַבן דעם ווייטס פּאָר אָקסן און מיט זיי א יונגן ביקל און סימאָן ברויס א פּאָר אָקסן. איך וויל א מענטש ווערן. און מיינט איַיך ניט, אז איך בין איַיערער א סוינע.

דער אלטער טאלאש, מארטין און טימאָך בודזיק האָבן זיך איבערגעקוקט, אין זייערע אויגן האָט אָנגעהויבן פינקלען א שמייכל.

— סאוקע איז געבליבן סאוקע, — האָבן זיי דערנאָכדעם גע־לאַכט. און ארויסגייענדיק פון וואלד, האָט סאוקע העכער גע־האלטן דעם קאָפּ, פילנדיק, אַז ער האָט געמאַכט אַ גרויסן טראָט פאָרויס צו „ווערן אַ מענטש".

## XXXIII

איינמאָל פּאַרנאַכט איז אוהיניע געגאַנגען פון וואלד. זי האָט געטראָגן אויפן פּלייצע אַ היפּשן זאַק יונגיקע גראָז. בײַ אוהיניעס מוטער, בײַ וועמען זי האָט איצטער געוווינט מיט אירע קינדער, איז געווען אַ קעלבל. פאַר איר טאַקע האָט אוהיניע געטראָגן דאָס גראָז. געגאַנגען איז זי אָנאַזוייִט פון וועג אַזוי, אַז זי זאָל זיך ניט וואַרפן קיינעם אין די אויגן און איבערהויפּט די פּוילי־שע סאָלדאַטן, וועלכע מע האָט ניט לאַנג אָנגעטריבן אין ווערפּרי און פאַר וועלכע זי האָט מוירע געהאַט: פון זיי קאָנסטו זיך אַפּ אַלץ ריכטן.

זינט זי האָט געוואָרפן די הויז פון איר מאַן, האָט זי זיך מיט אים ניט געזען. כאָטש בײַ דער מאַמען האָט זיך געלעבט ניט לײַכט, אָבער אומקערן זיך צוריק צו וואַסילן האָט זי אַפילו ניט געטראַכט. און טאַקע ווי האָט זי, אַזאַ באַליידיקטע און ארויסגעטריבענע געקענט אומקערן זיך צו אים, בעטן זיך בײַ אים, פאַרלירן פאַר אים איר פרויען־ערע? ווען זי וואָלט אים טאַקע אַזוי נייטיק געווען, וואָלט ער דען ניט געפונען דעם וועג צו איר? אוהיניע האָט געהאָפט, אַז וואַסיל וועט קומען, אויב ניט נאָך איר, איז נאָך די קינדער. פון איין זײַט האָט זי ניט גע־וואָלט גיין צו וואַסילן, ניט געוואָלט אָפּגעבן אים די קלענערע קינדער. פון דער צווייטער זײַט איז איר מאָדנע געווען, וואָס וואַסיל באַווײַזט זיך ניט און בעט זי ניט אומקערן זיך. פאַרשטייט זיך, זי וואָלט זיך ניט אומגע־קערט, זי וואָלט אים אָנגערעדט אָן אַ שיר ניט אָנגענעמע ווער־טער, וואָלט אים באַליידיקט נאָך ערגער, ווי ער האָט זי דעמלט

באַליידיקט. ווען וואסיל איז אינדערהיים ניט געווען, איז זי נאָכ־אמאָל ביגנייווע פארלאָפן צום אלטן קופריאַן, קעדיי קריגן דאָרט עפעס וואָס צו עסן. ניט שוין זשע דארף וואסיל ניט געבן איר אפּ אויסהאלטן די קינדער? אָבער וואסיל האָט שטרענג פארזאָגט דעמ אלטן טאטן — ניט געבן איר גאָרנישט. דער אלטער קופריאַן האָט געזען, אז כאָטש שאַלעמ צווישן זיי איז שווער, האָט ער שוין אופגעהערט אפילע פרווון. ווער וועט עס הייַנט פאָלגן אַן אלטן? דער אלטער קופריאַן האָט פאר זיך געשאָקלט מיטן קאָפּ און ניט געמישט זיך אין זייערע געשעפטן, אָבער שטילינקערהייט פלעגט ער אליין ווען ניט ווען איבערשיקן וואָס ניט איז פאר זייַנע אייניקלעך.

וואסיל אָבער האָט געוואַרט, אז אוהיניע, וועלכע איז געווען געדריקט פונ הונגער, וועט זיך פארבענקען נאָך א שטיקל ברויט און וועט אליין קומען צו אים, וועט פאלן פאר אים און בעטן זיך. פון דעמלט אָן, ווען בא אים אין הארצן איז אריינגעפאלן א כשאַד אפּ אוהיניען, אז דאָס האָט זי געוואָרנט דער אלטער נאסטען און האָט איר ארויסגעגעבן דעם סאָד וועגן סאווקען מילהון, האָט ער געהאלטן א קאעס אפּ איר און האָט נאָר גע־וואַרט, אז זי זאָל זיך אומקערן. ניט צוליבן לעבן צוזאמען, נאָר קעדיי א רעד טאָן מיט איר, ווי עס באדארף צו זייַן, און דער־נאָך דורכטרייַבן זי איינמאָל פאר אלעמאָל. דער וויט האָט זיך שוין אָנגעזען אַן אנדער ווייַב. ער איז נאָך ניט קיין אלטער. זאָל ער נאָר ווען — וועט פאר אים כאסענע האָבן יעדער פרוי. זייַן לאגע, אלס א וויט און אַן אָנהעניגער פון דער פּוילישער אָקופּאציע, האָט זיך פארשטארקט: די ווייַספּאָליאקן האָבן אָנגע־שפּארט און דער פראָנט פונעמ רויטן מיליטער איז אָפּגעטראָטן צוריק. די פּאָליאקן האָבן שוין צו יענער צייַט פארנומען מאָזיר און רעטשיצע. דער רעכטער פליגל פון זייער מיליטער האָט זיך שנעל א רוק געטאָן אפּ אוקראַינע און האָט שוין געדראָט קיִעוו. די פּארטיזאנישע באוועגונג, האָט זיך געדוכט, איז שטילער גע־

חאָרנ. אהער האָבנ די פּאָליאקנ אָנגעטריבנ מיליטער. זײַנע ערגסטע סאַנימ, טאלאש אונ מארטינ ריל, זײַנענ געווימ אוועק מיט די רויטע אונ זיי וועלנ זיכ אהער מיסטאָמע ניט אומקערנ אונ אויב זיי וועלנ זיכ יאָ אומקערנ, זײַנענ זיי איצט וואסילנ ניט זייער שרעקלעכ.

אָט וואָס פּארא געדאנקענ עס האָבנ ארומגעשפּאצירט באמ וויט אינ קאָפּ.

דער רויטער זונ־ראָד האָט זיכ שוינ אײַנגעשניטנ אינ די שפּיצנ פונ וואלד אונ מיט אנ אומעטיקנ געזעגענונג־שמייכל האָט ער פאנאנדערגעשאָטנ פײַערדיקע שטראלנ אינ טיפנ הימל, צעווארפנדיק ראָזע וועגעלעכ איבער דער ערד, ווו עס האָט זיכ נאָכ ניט געלייגט אונ ניט אָנגערוקט דער שאָטנ פונ וואלד, איבער די סטרעכעס פונ די געבײַדעס, איבער די שפּיצנ פונ די קוטשעראַווע ביימער אונ איבער די וועפּרער ווינט־מילנ, וועלכע זײַנענ שטומ געבליבנ אינ דער אָוונטדיקער שטילקײַט. פינ בלאָטע האָט געטראָגנ א קעלט אונ א פײַכטקײַט, ערגעצ־ווו ווײַט האָט געקרעכצעט די ערד אונ פאר מוירע האָבנ געוואקלט זיכ די בלאָטעס פונ די טויבע הארמאטנ־שאָסנ. די שיסערײַ פונ די הארמאטנ האָט אוהיניע דערמאָנט וועגנ מילכאָמע אונ זי האָט דערפילט אנ אומקלאָרנ אומעט אונ שרעק פאר דער אומבאוווּסטער צוקונפט. מיטנ אָפּטרעטנ פונ דער רויטער ארמיי האָט זי דערפילט, אז אויכ איר פּערזענלעכער לאגע ווערט ערגער. אָבער קײנ מעגלעכקײַט אומקערנ זיכ צוריק האָט זי ניט. אונ מיט אָפענע אויגנ דארפ זי קוקנ אינ פּאָנעמ אָט דער דאָזיקער צוקונפט.

אוהיניע האָט זיכ אָפּגעשטעלט. דורכ די צווײַגנ פונ די ביימער האָט זיכ שוינ דורכגעלײַכט וועפּרער פעלד. אונ דער דאָרפ אליינ האָט זיכ גוט געזענ אינעמ לײַכטנ אָוונטדיקנ טונקל. זי האָט שוינ געוואָלט גיינ ווײַטער, אָבער דאָס פּאָרזיכטיקע, טויבע שאָרכענ פונ די צווײַגנ אונ דאָס לײַכטע קנאקנ פונ די צעפּרילטע וואלגער־צווײַגלעכ אונטער עמעצנס פיס אינ דער געדיכטעניש פונ

וועלדל האָבנ זי געצווּוּנגענ ארומקוקנ זיכ. זי האָט א קער געטאָנ דעם קאָפּ אונ האָט זיכ פארטרייסלט: פונ דער וואלד־פּינצטערניש איז ארויסגעטראָטנ א טונקעלער הויכער סילוּעט פונ א מענטשלעכער פיגור. די דאָזיקע פיגור האָט זיכ אויכ אָפּגעשטעלט. אוהיניע האָט זיכ שוינ געוואָלט לאָזנ לויפנ, קעדייארויסכאפּנ זיכ אפנ פעלד, וועלכע איז דאָ גאָר נאָענט, אונ דאָרט, האָט זיכ איר געדוכט, איז ניט אזוי געפערלעכ, ווייל עס איז נעענטער צום דאָרפ.

— אוהיניע?—האָט איר ארופּ געטאָנ א ליבלעכע, נידעריקע שטילע שטים. אונ עפּעס נאָענטעס, שוינ לאנג באקאנטעס האָט זי דערפילט אינ דער דאָזיקער שטים. זי האָט אראָפּגעלאָזנ אפ דער ערד דעם זאק אונ מיט אירע אויגנ, וואָס האָבנ נאָכ אייַנגעהיט אינ זיכ זייער ציציוּנג־קראפט, האָט זי נייַגעריק א קוק געטאָנ אפנ הויכנ מענטשנ אונ האָט אים דערקאָנט.

— מארטינ!—האָט זיכ בא איר ארויסגעריסנ.

— איכ, איכ!—האָט ער זיכ שטיל אָפּגערופנ אונ איז צוגעגאנגענ נעענטער צו איר. אוהיניע האָט זיכ מיט שרעק ארומגעקוקט. פאר וועמענ זי האָט איצט מוירע געהאט, האָט זי אליינ ניט געוווּסט. עפּשער איז דאָס געווענ נאָר א שרעק, וואָס וואסיל האָט אפ איר אָנגעטריבנ, אונ עפּשער איז דאַס געווענ געוויינלעכע פאָרזיכטיקייַט פונ א יונגער פרוי. מארטינ האָט זיכ אויכ ארומגעקוקט, אָבער זייַנ שרעק איז געווענ גאָר אנ אנדערע. ער האָט לאנג געהאלטנ אוהיניעס פונ ארבעט הארטע אונ שטייַפע האנט אונ האָט איר געקוקט אינ די אויגנ.

— וואָס מאכסטו, אוהיניע? אכ ווי לאנג איכ האָב דיכ שוינ ניט געזענ אונ געטראכט האָב איכ וועגנ דיר אָט די טעג זייער אסאכ.

— איכ בינ גאָרניט ווערט, אז מע זאָל טראכטנ וועגנ מיר,—האָט געענטפערט אוהיניע. זי האָט געוואָלט ארויספרוּוונ אונ בא

זיך אליין דורכקאָנטראָלירן, צי זי איז טאקע ווערט, או מאר טינ־
זאָל וועגן איר טראכטן.

— און איך האָב טאקע געטראכט און... וועל טראכטן.

אוהיניע האָט אראָפּגעלאָזן די אויגן. עס איז איר אָנגענעם,
וואָס מארטינ האָט געטראכט וועגן איר און וועט טראכטן.

— איז וואָס האָסטו געטראכט וועגן מיר: גוט צי שלעכט?

— דאָס איז שווער צו זאָגן. איך האָב אסאך געטראכט. איך
האָב געטראכט, ווי זעט מען זיך מיט דיר, ווי גיט מען א שמועס
מיט דיר... א קוק טאָן אפ דיר... און דאָס אמאָליקע גייט מיר
נית ארויס פון זינען.

אָט „דאָס אמאָליקע" רעדט מארטינ ארויס מיט א באזונדער
טראָפּ און טוליעט זיך נאָך נעענטער צו אוהיניען. איר איז אבי־
סינקע ניט באקוועם און מיעס און זי רוקט זיך א האָרעלע אָפּ
פון אים. און מארטינ רעדט אלץ, ווי ער וואָלט גאָרנישט ניט
באמערקט.

— אָפּט גייט ארום אפן זינען, וואָס וואָלט מיר האָבן מיט דיר אפּ
שיפלעך געיאָגט זיך. לאנג איז דאָס שוין געווען, נאָר עס פאר־
געסט זיך ניט. און ווייסטו, — רו און אָט יענע ענטל, וואָס דער
סאָם האָט צוגעכאפּט, פארייניקן זיך עפּעס אין מיין קאָפּ, ווערן
איינ אוהיניע און דער סאָם ווערט פארוואנדלט אינ וואסילן.

— נאָר דער דאָזיקער סאָם, — האָט ביטער א שמייכל געטאָן
אוהיניע. — האָט איצט בענומען און ארויסגעשליידערט פון מויל אָט
די דאָזיקע ענטל.

— בעסער וואָלט געווען, ווען ער וואָלט זיך גלייך דערוואָרגן,
אָבער דאָ, דעם עמעס זאָגנדיק, איז ניט אויך שולדיק געווען
דער סאָם ווי די ענטל אליין.

אוהיניע האָט אראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ. זייער שמועס האָט זיך
איבערגעריסן.

— און דער, וואָס האָט געשאָסן די ענטל, איז ניט געווען
שולדיק? — פרעגט שטיל אוהיניע — אָבער איצט ריידן וועגן דעם

איז איבעריק. געוויס בין איך אליין שולדיק. איך האָב זיך גע־יאָגט נאָך רייַכקייַט און די דאָזיקע רייַכקייַט איז מ׳ר באָקאָם ארויס און האָט מיר פארסאמט מייַן לעבן. פרייד איז ניט איבּ־פארמעגן, און גליק איז ניט אין רייַכקייַט. איך בין געווען א פרעמדע פאר אים און ער איז געווען א פרעמדער פאר מיר. עס פארדריסט מיר נאָר איין זאך. איך האָב אליין געדארפט ווארפן אים און ניט ווארטן, ביז ער וועט מיך ארויס־טרייַבן.

— איז פארוואָס זשע האָסטו דאָס ניט געטאָן?

— צוליב די קינדער, מארטין. וואָס זייַנען די קינדער שולדיק?

— הייסט עס, ווען ער וואָלט דיך ניט ארויסגעטריבן, וואָלסטו נאָך איצט אויך געלעבט דאָרטן?

— כ׳ווייס ניט... מיסטאָמע וואָלט איך אים געוואָרפן, ווייַל איך האָב וועגן דעם געטראכט און געווארט נאָר אפּ א געלונגע־נעם מאָמענט. דאָס לעבן פאר מיר איז דאָרט געווען ניט אזא זיסער, ווי דו מיינסט. און דו ווייסט פארוואָס... דו דארפסט וויסן.

— ניין, איך ווייס דאָס ניט, — האָט טרוקן געענטפערט מארטין, אוהיניע האָט געשוויגן. איר פּאָנעם האָט אויסגעדריקט באליי־דיקונג און פארלאָרנקייַט. מארטין האָט ראכמאָנעס געקראָגן אפּ איר.

— און פארוואָס האָט זיך דיר ניט זיס געלעבט? דו האָסט דאָך געקראָגן דאָס, וואָס דו האָסט געזוכט, איז וואָס דארף איך וויסן?

אוהיניע האָט מיט פאָרוואורפּ א קוק געטאָן מארטינען אין די אויגן. ניט שוין זשע פארשטייט ער גאָרנישט?

— איך אליין, מארטין, בין שולדיק און איך אליין דארף טראָגן די שטראָף.

— מיט וואָס זשע ביסטו שולדיק?

— מיט דעם, וואָס איך האָב כאסענע געהאט פאר אים, ליב־האָבנדיק ניט אים זעלבסט, נאָר זייַן רייַכקייַט.

— אוהיניע איז אנשוויגן געוואָרן און האָט שטילערהייט צו־געגעבן:

— אונ כאסענע געהאט ניט קיינ מײדל. דו דארפסט דאָכ דאָס וויסנ.

איצט האָט אויכ מארטינ פארשעמט אראָפּגעלאָזנ די אויגנ. אונ דערנאָכ איז ער מיט קאעס אָנגעפאלנ אפ וואסילנ.

— א הונט איז ער! א פּ־יצישער אונטערלעקער, א מאָסער, א שפּיאָ! דאָס האָט ער מיכ איבערגעגעבנ אינ דער פוילישער פּאָליציי. איבער אים האָט מענ מיכ ארומגעשלעפּט איבער די אסטראָגנ, מײַנ שטוב פארברענט אונ ניט נאָר מײַנ שטוב אונ ניט נאָר מיכ אליינ. אכ, דו הינטישע מאָרדע איינע! ווארט אויס, דו פּריצישער לעקער! איכ וועל נאָכ דיר באווײַזנ!

אויסגעלאָזנ דעם קאעס אפ וואסילנ, האָט זיכ מארטינ אביסל באַרויִקט.

— דערציילּ, וויִאזוי האָט ער דיכ ארויסגעטריבנ.

זיי זײַנענ געזעסנ אפנ זאק גראָז. אינ וואלד איז שוינ פינצ־טער געוואָרנ. אפנ פרילינגדיקנ ריינעם הימל האָבנ געבלישטשעט ווײַסע קאלטע שטערנ.

— דו זײַ ניט ברוגעז אפ מיר, אוהינקע,—האָט מילד געזאָגט מארטינ אונ האָט אוועקגעלייגט די האנט אפ איר פּלייצע!—איכ רייד עפּשער הארב מיט דיר, אָבער ניט אזוי האָב איכ געוואָלט ריידנ. איכ האָב אסאכ געטראכט וועגנ דיר, דו גייסט מיר פונ זינענ ניט ארויס. אונ געוויס האָט דיכ קיינער ניט געליבט אזוי ווי איכ. איכ ליב דיכ איצט אויכ,—האָט ער געזאָגט זייער שטיל אונ האָט זי צוגעטוליעט צו זיכ.

— מע דארפ ניט, מארטינ!—האָט אומרויִק געזאָגט אוהיניע. אונ מיט איר גאנצנ קערפּער האָט זי זיכ א ריס געטאָנ, קעדיי באפרײַענ זיכ פונ זײַנע אָרעמס.

— פארוואָס?—האָט א פרעג געטאָנ מארטינ: איכ האָב דאָכ דיכ ליב.

— אונ וואָס וועט זאָגנ יעווע?

דער נאָמענ יעווע האָט אָפּגעקילט מארטינענ. ער האָט פאנאנ־

דערגענומען די הענט און האָט זיך אפילע אביסל אָפּגערוקט פון אוהינען. יעווע איז געווען א גוטע שטילע פרוי און זי האָט אים באַנג געטאָן.

— לאָמיר בעסער אזוי א שמועס טאָן, איך האָב דאָך לאַנג ניט געזען דיך און געטראַכט וועגן דיר, עפּשער מער, ווי דו חעגנ מיר. איך האָב דיך אויך ליב, אָבער ניט אזוי ווי דו מיינסט.

— נו, ווי?

— איך האָב דיך ליב פּאָשעט, ווי א ברודער. איך בין דאָך אַן עלנטע, מארטין, גאָר אַן עלנטע. די מאמע מײַנע, כאָטש זי זאָגט מיר ניט, וואָלט וועלן, אז איך זאָל זיך אומקערן צו וואסילן, און איך וויל ניט און וועל זיך שוין ניט אומקערן צו אים קיינ-מאָל. וועל לעבן אליין מיט די קינדער. און נאָך וועמען איך האָב ליב,—אלעסיען. זי איז דאָך דײַן טאָכטער, מארטין. וואסיל האָט זי פײַנט געקראָגן ווי א פרעמד קינד. זי האָט עס געפילט און פלעגט ציטערן פאר אים. צוויי פּאָטערס זײַנען בא איר און זי ווייס ניט פון קיין פּאָטער־ליבע. און סארא שטילע און גוטע זי איז! ווען ער האָט אונדז ארויסגעטריבן—נעם, האָט ער געזאָגט, דײַן מאמזער און מארש פון מײַן שטוב, און האָט מיך א כאפּ געטאָן פארן האנט אפ ארויסשטויסן אפ יענער זײַט,—האָט זי זיך געשטעלט צווישן מיר און אים אפ פארטיידיקן מיך פון זײַן קאעס. ער האָט אזוי א שטויס געטאָן מיך, און איר צוזאמען מיט מיר, אז מיר זײַנען אָפּגעפלויגן צום טיר און זי האָט זיך שטארק א קלאפּ געטאָן מיטן קעפּ אָן אושניאק, אָבער זי האָט זיך ניט צעוויינט, האָט זיך בלויז א כאפּ געטאָן פארן קעפּ און האָט שטילינקערהייט א זאָג געטאָן צו מיר: „פארוואָס האָסטו זיך, מאמע, געקריגט מיט אים?"

— פון וואָס האָט זיך דאָס אָנגעהויבן? פארוואָס האָט ער דיך ארויסגעטריבן?

— נו, ווי זאָל איך דיר זאָגן? געהויזט האָבן מיר קיינמאָל ניט, ער פלעגט מיר אָפּט אופּוואַרפן די מײַסע מיט דיר, נאָר איך

האָב געליטן, אָדער פּלעגט אַלץ פאַרוואַנדלען אין אַ שפּאַס און פּלעגט זיך סטאַרען באַרויִקן איִם אַבי שטיל זאָל זיַין.

— אָנגעהויבן אָבער האָט זיך עס אַלץ, זינט די פּאָליאַקן זיַינען אַהער געקומען. ער פּלעגט אומגיין צום פּאַן קרוליעװסקי אַליין. דאָרט האָט מען איִם געמאַכט פּאַר אַ וואָיט. קומט ער און באַרימט זיך מיר. און איך בין אין דעמולט טאָג געגאַנגען אַהער אין וועפּרי און האָב זיך דערוווּסט, אַז דאָס האָט ער זיך אַרויסגעגעבן דער פּוילישער פּאָליציי, האָב איך איִם פיַינט געקראָגן פאַר דעם און זאָג איִם: „טשעפּע זיך אָפּ פון דיַין וואָיטסטווע, מען דאַרף מיט מענטשן לעבן און אויסקומען און ניט מיט די פּאַנעס, וויַיל דיַי־נע פּאַנעס, זאָג איך, הענגען אינדערלופטן״—מיט וועלכע, זאָגט ער, מענטשן? מיט טאַלאַשן? מיט מאַרטין רילן? — ער האָט דערזען, אַז איך טרובע ניט מיט איִם אין איין דודקע, נו, האָט זיך דאָס אָנגעהויבן, וואָס וויַיטער אַלץ מער. איך בין גע־גאַנגען בעגנייווע צו דער אַלטער טאַלאַשיכען. מיר האָט זיך דאָך געוואָלט פון איר דערוויסן זיך אויך וועגן דיר, זי האָט זיך אויס־גערעדט, אַז דו האָסט געגעכטיקט מיטן אַלטן טאַלאַש בא זיי און דערנאָך האָט זי זיך פאַרכאַפּט, האָט זיך דערשראָקן, וואָס זי דער־ציילט עס מיר, דעם וואָיטס וויַיב, וועגן דעם אַלטן און וועגן דיר. איך האָב זי באַרויִקט. דערנאָך האָב איך איר געבראַכט פלאַקס שפּינען, מיר איז שווער געוואָרן, מאַרטין, צו לעבן מיט אַ מענטשן, וועלכער האָט אָנגעהויבן פאַרנעמען זיך מיט ניט קיין שיינע זאַכן, טרינקען מענטשן, שלעפּן פּאָליציי. צו וואָס דאַרף מען עס? צו וואָס? צוליב דעם נגָר, אַז ער אַליין זאָל לעבן און מער קיינעם ניט לאָזן לעבן? איז אין דר׳ערד אַזאַ לעבן! איינמאָל האָט ער מיך צוגעהיט, ווען איך בין אַרויס פון טאַלאַשס שטוב. אַז ער לויפט עס אַריַין אין שטוב, ווי איך האָב זיך נאָר אומגעקערט, און הייבט אָן אויספרעגן, צוליב וואָס בין איך דאָס אַהין געגאַנגען.

אוהיניע האָט גענוי דערציילט, ווי עס איז פאָרגעקומען און מיט וואָס האָט זיך געענדיקט די קריג.

— און צי האָסטו געוווּסט, — האָט געפרעגט מארטין, — וועגן זײַן אָפּמאַך מיט סאַווקע מילהון?

— כ'האָב געוווּסט. צופעליק דערוווּסט זיך. זיי האָבן זיך אויסגעבאַהאַלטן פון מיר, אָבער איך האָב זיך צוגעקוקט, וויאַזוי זיי האָבן מעכאַבער געווען סאַווקען און דערנאָך האָט קאָנדראַט בירקע זיך אויסגערעדט. „איך וועל, זאָגט ער, אליין מילכאָמע האַלטן ניט גיין, פאַר אונדז וועט גיין מילכאָמע האַלטן סאַווקע" און ער האָט מיר אַלץ דערציילט און איך האָב וועגן דעם געוואָרנט דער אַלטער נאַסטען.

— און דו, אוהיניע, האָסט אַ גרויסע טויווע געטאָן.

— זאָג מיר נאָר, מארטין, וואָס וועט זײַן דער סאָף פון דער מילכאָמע? ניט שוין-זשע וועלן דאָ טאַקע בלײַבן די פּאָליאַקן? ניט שוין-זשע וועט איר דאָס די גאַנצע צײַט באַהאַלטן זיך אין די וועלדער? עס איז דאָך ניט קיין לעבן ניט פאַר אײַך, ניט פאַר קיינעם.

— וואַרט אַווײַלע, אוהינקע. האָב געדולד: די פּאָליאַקן וועלן זיך אָוועקקײַקלען פון דאַנען, זיי וועלן קוים די היטל כאַפּן.

— איז וווּהין גייסטו, מארטין?

— איך וויל אַהיים פאַרלויפן, אַ קוק טאָן, ווי זיי לעבן דאָרט.

— גיי ניט, מארטין: אין דאָרף זײַנען פּוילישע סאָלדאַטן פאַראַן.

— כאַפּט זיי דער טײַוול! דו וועסט מיך באַגלייטן. איך וועל נעמען דײַן זאַק און מיר וועלן זיך גיין פּאַוואָלינקע, ווי מיר זײַנען געגאַנגען אַמאָל פון פריפּעט.

— כ'האָב מוירע פאַר דיר, מארטין!

— האָב קיין מוירע ניט, אוהינקע. מיר וועלן גיין פּאַוואָלינקע און ארומקוקן זיך.

מארטין האָט גענומען דעם זאַק, האָט מיט אים צוגעדעקט זײַן

טרײַען קאראבינ און זיי האָבנ זיכ אינ דער גרויער אָונטדיקער פינצטערניש געלאָזנ גײנ אינ וועפּרי.

זעגנענדיק זיכ, האָט מארטינ געזאָגט אוהיניען.

— דו גיב אכטונג אפ אלעסיען. איכ וועל ריַיכ ווערנ, וועל איכ העלפנ אי איר, אי דיר.

— נו, זײַ מיר געזונט, מארטינ! היט זיכ, אז מע זאָל דיכ ניט כאפּנ.

זי האָט שוינ געוואָלט אוועקגײנ, נאָר מארטינ האָט פארהאלטנ איר האנט.

אוהינקע, איכ וועל עפּשער מיט דיר שוינ מער ניט זענ זיכ, איז לאָמיר זיכ שטארקער צעזעגענענ.

ער האָט צוגעצויגנ איר פּאָנעם צו זײַנ פּאָנעם און א קוש געטאָנ זי.

## XXXIV

א שטיק צײַט איז אפּנ פּארטיזאנישנ פראָנט געווענ שטיל. ווענג די פּארטיזאנישע ארויסטרעטונגענ האָט מענ גארניט געהערט. די פּאָליאקנ אליינ און זייערע אָנהענגער, די באזיצער פונ די פּאָלווארקעס, פּארשיידענע ארענדאטערס, דאָס פּארמעגלעכע פּויער־טום האָבנ זיכ געפרייט, וואָס די פּארטיזאנשטשינע האָט זיכ, אינ צוזאמענהאנג מיטנ זיגרײַכנ אָנגריפ פונ די ווײַספּאָליאקנ, געענ־דיקט, וואָס די פּוילישע מאכט האָט זיי ליקווידירט. אָבער איינ־מאָל באנאכט, אינ דער צווייטער העלפט אפּרעל, אינ רעכטנ ברעג פונ ווײַספּאָליאקישנ אָנגריפ איז דער טונקעלער נאכטיקער הימל פּלוצלונג באפּארבט געוואָרנ אינ א רויטנ ג־ויזאמענ גלאנצ. די בלוטיקע רויטקײַט האָט זיכ, ווי פײַערדיקע גארבנ, צעוואָרפנ איבערנ הימל. די בלוטיק-פײַערדיקע גארבנ און באוועגלעכע העל־ראָזע זײַלנ האָבנ דורכגעבויערט די נאכטיקע פינצטערניש.

ס'איז געווענ עטוואָס שרעקלעכעס אינ דער דאָזיקער רויטקײַט און אינ איר פּאנטאסטישנ פלאקערנ אינ דעמ פינצטערנ הימל. די נאכט איז מיטאמאָל באהעלט געוואָרנ, די פינצטערניש איז

צעקראָכן, עס איז געוואָרן ליכטיק, ווי פאַרטאָג פאַרן זונען־אויפגאַנג. אין דער שיטער־געוואָרענער פינצטערניש זײַנען קענטיק געוואָרן די קאָנטורן פֿון די וועלדער, וואָס זײַנען אויסגעשפרייט אַכּן ווײַכּן האָריזאָנט, די געבײַדעס מיט די אָראָפּגעהאַנגענע סטרעכעס און די הויכע אײנצלנע ביימער בײַ די הײַזער די הינט, וועלכע די דאָזיקע אומגעווײנלעכע דערשײַנונג האָט שטאַרק אויפגערודערט, האָבן זיך צעבילט אין אַן אומרויִקן געביל און האָבן שוידערלעך געוויעט, ווי זיי וואָלטן פֿאָרגעפֿילט עפעס אַן אומגליק.

די מענטשן האָבן זיך אויפגעכאַפּט, האָבן געקוקט אין פענצטער, און איבעראַשטע פֿונעם רויטלעך־ראָזן קאָליר, וואָס האָט זיך צעגאָסן איבער די הויפן און סטרעכעס פֿון די הײַזער, זײַנען זיי אַרויסגעלאָפן אין הויף און מיט שרעק געקוקט אף דעם דאָזיקן גרויזאַמען סרייפע־פלאַקער און פאַרוווּנדערט געפרעגט: וואָס ברענט עס? און האָבן זיך געסטאַרעט טרעפן, ווו בושעוועט עס דער שרעקלעכער גלאַנץ פֿון דער סרייפע, ווער ברענט עס און צוליב וועלכע סיבעס. און אַן אומרויִקער געפיל האָט זיך דער וועקט בא זיי אין האַרצן. און דאָרטן, ווו די מענטשן זײַנען געווען אין נאָענטער שכײנעס מיט דער סרייפע, ווו עס האָט זיך דײַטלעך געהערט דער טומל פֿונעם פײַערשטראָם און ס'האָבן זיך קלאָר געזען די פײַער־צונגען, וואָס האָבן זיך געהויבן אינדערהויך צום הימל אין אַ גאַנצער זאַווערוכע פֿון פֿונקען פֿון שוואַרצן און גרויען רויך,—דאָרט איז געווען נאָך גרוילִיקער און שוידערלעכער און די מענטשן האָבן דאָרט ניט געפרעגט, ווער ברענט עס און ווו, נאָר זיי האָבן גלײַך געזאָגט: עס ברענט דער הויף פֿון דעם און דעם פּאָרעצ.

שטיל רוט אין טיפן שלאָף דער מאַיאָנטעק פֿון פּאָרעצ דלוגאָשיצ, דער זעלבער מאַיאָנטעק, ווו ס'איז ווינטער געווען אַזוי טומלדיק און פרײלעך, ווו עס האָט גערוישט די מיליטערישע מוזיק און ס'האָט זיך געפרייט די שליאַכטע צוזאַמען מיט עלע־

גאנטן אָפּיצערנטום. דער פּארצײַטיקער פּריצישער פּאלאץ, דער אלטער נעסט פון דער בארימטער פּוילישער פאמיליע, באהאלטנ־דיק אין דער פינצטערניש זײַן טורעם, מאָלט זיך אויס אפן פּאָן פון פינצטערן הימל. די פערד־שטאלן, סטאדאָלעס און שײַערן גיסן זיך צונויף מיט דער פינצטערניש און טוליען זיך, דוכט זיך נאָך נידעריקער צו דער ערד. שטיל איז אין מאיאָנטעק פון פּאַ־רעץ דלוגאָשיץ. אָבער אין דער דאָזיקער שטילקייט אין די פינצ־טערע ווינקלען פון הויף טוליען זיך אומבאקאנטע אָנגעפּאַרענע מענטשן מיט ביקסן און גראנאטן, שטיל אָן טומל, האלטנדיק זיך הארט בא די ווענט פון די הײַזער, טוען זיי א געהיימע ארבעט. דאָ און דאָרט פלאקערן אוף קליינע פײַערלעך. עס הערט זיך א באדינגלעכער פײַף. דער פײַף כאזערט זיך איבער אין פאר־שיידענע עקן פון הויף, די אומבאקאנטע געקומענע מענטשן גייען ארויס פון הויף און מיטן פעלד גייען זיי אין וואלד. אין פאר־שיידענע ערטער פון מאיאָנטעק פלאקערט אוף א פײַער, דער פײַער הייבט זיך אינדערהויך, שטארקט זיך אלץ מער און מער. באלויכט דעם הויף, דעם סאָד און לייגט זיך, ווי א בלו־טיקער אָפּשײַן אפ די געמויערטע ווענט פון הויכן פּאלאץ. די קליינע גרופּע טונקעלע סילועטן גיט זיך א לאָז האסטיק צום וואלד. די פינצטערניש, וואָס האָט זי אײַנגעהילט, גייט זיך פאַ־נאנדער אלץ מער און מער, און דאָס פעלד, וואָס איז באלויכטן מיטן פלאַם פון דער סרייפע, רײַסט גיך ארויס פון דער פינצטער א גרופּע פון א מאן 7. זיי זײַנען שוין לעם רעכטן וואלד און ווען זיי זײַנען ארײַן אין וואלד, האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט און א קוק געטאָן אפן מאיאָנטעק פון פאן דלוגאָשיץ. עס בור־שעוועט דער פײַער, ווארפט ארויס גאנצע שטראָמען פלאם הויך אינדערלופטן.

— נו כעוורע, די ארבעט איז אָפּגעטאָן צאצקע!—זאָגט איינער און לאכט.

— קומט!—רופט זיך אָפּ א צווייטער.

זעקס מענטשן לאָזן זיך אריין אין וואלד און גלייך ווערן זיי פארשווונדן פון די אויגן און ער, דער ספעצ אין דער מעלאָכע פון אונטערצינדן, טימאָכ בודזיק, בלייבט איינער אליין, טוליעט זיך באם ראנד פון וואלד און קוקט, ווי עס בושעוועט דער פייער, אָבער די דאָזיקע פאָזיציע באפרידיקט אים ניט. ער קוקט זיך ארום, קלייבט אויס דעם בעסטן פונקט, פון וואנען ער זאָל קענען באטראכטן די סרייפע. זיינע אויגן שטעלן זיך אָפּ אפ דער הער־לעכער פיגור פון א מעכטיקן דעמב. ער גייט צו צום דעמב, פארוואָרפט כעכטער די ביקס אפן פלייצע און קריכט אפן דעמב. אָט איז ער שוין דערקראָכן ביז דער העלפט פונעם ריזיקן דעמב. ער שטעלט זיך אפּ אן גראָבן צווייג, שפארט זיך אָן מיט דער פלייצע אינעם בוים. אָט דאָס איז א פאָזיציע!

ווי הויכע גאָלדענע קאָרן בא א ווינט וויגט זיך דער פלאם. אָט שפרייט ער זיך אין פייערדיקע פאסמעס איבער די טאָלן, אָט שלענגלט ער זיך אופ אין העלע סטענגעס אינדערהויך, ארויס־ווארפנדיק ריזיקע זיילן רויך, א העלן פון אויבן און א שווארצן פון אונטן. טימאָכ נעמט ניט אראָפּ די אויגן פונעם דאָזיקן ווילדן בושעוועט פון פייער, וואָס פרעסט אופ די הייזער און פארניכ־טעט די פרוכט פון מענטשלעכער מי, דאָס בושעוועט פון דער סרייפע האָט געפונען א לעבעדיקן אָפּהילך אין טימאָכס הארצן, וואָס האָט ערשט איצט דערקענט דעם העכסטן עקסטאַז פון פרייד, צו זען מיט די אויגן, ווי עס ווערט פארניכטעט דער דאָזיקער שלאנגען־נעסט פון זיינע פארביסענע קלאסן סאָנים. וואָס מער דער פלאם האָט געבושעוועט, ארומכאפנדיק און לעקנדיק מיט זיינע ברענענדיקע צונגען די נאָענטעביימער און הייזער, ארויס־רייסנדיק פון די סטרעכעס און שליידערנדיק הויך אין הימל גרויסע קנוילן צעפוילטע שטרוי און מיליאָנען פונקען, אלץ מער איז געוואקסן טימאָכס אנטציקונג. פון זיין פּנים, וואָס איז גע־ווען באפארבט מיט דער רויטקייט פון פייער, פארשווינדט ניט דער שמייכל, דער פארביסענער נעקאָמע־שמייכל פון א מענטשן.

וואָס האָט זיך געשטעלט העכער פון די דאָזיקע מענטש־לעכע געזעצן, אָבער אפ זײַן פּאָנעם באַוויזט זיך צײַטנ־ווײַז אויך א פארזאָרגטקײַט און זעצט אראָפּ די פולקײַט פון זײַן טריומפ. מיט אומרו פירט איבער טימאָכ זײַן בליק אפן שטאָלצן פריצישן פאלאַץ. א פארגאָסענער מיט גלאנץ פון דער סרייפע, מאכט ער אן איַינדרוק, אז ער איז אין פײַער, אָבער דער ווינט טרײַבט דעם פלאַם אין א צווייטער זײַט און דער פאלאַץ בלײַבט ניט גערירט. עס שטייט הויכ אופגעהויבן זײַן כורעם און קוקט גרויזאם און מיט פאראכטונג אפ דעם דאָזיקן ווילדן פײַער־ווירבל. ניט שוין־זשע איז טימאָכ דורכגעפאלן מיט אונטערצינדן דעם דאָזיקן פארהאסטן פריצישן אָפּגאָט? טימאָכ קוקט זיך איַין בע־סער און אפ א מאָכענט ווערט ער ווי פארגליווערט. פון זײַן פּאָנעם פארשווינדט די אומרויִקע פארזאָרגטקײַט, א ווילדע פרייד שטראַלט אוס אין זײַנע טונקעלע גלאנצנדיקע אויגן. פון דעם הויכן טור־רעם פון פאלאַץ האָט, ווי פון א ריזיקן קוימען, זיך געלאָזן האַס־טיק אינדערהויך א ווײַסלעכער רויך, וועלכער איז געוואָרן אַלץ געדיכטער און פינצטערער. עס האָבן אופגעפלאַקערט פײַערלעך אין די פענצטער פון פאלאַץ. די פײַערלעך זײַנען ווי גאָלדענע שטראָמעלעך אוועקגעלאָפן, אוועקגעשווומען אינדערהויך. עס האָט א שפּאר געטאָן אין די פענצטער א געדיכטער פלאַם. ניין, טי־מאָכ איז ניט דורכגעפאלן! טימאָכ האָט אָפּגעטאָן זײַן ארבעט, וועגן וועלכער ער האָט אזויפיל געטראכט אין פארשיידענע מאָ־מענטן פון זײַן אָרעם־פּויערישן לעבן. טימאָכ האָט געוואָלט טאנצן, שרײַען פאר פרייד. אינגאנצן איבערגעבן זיך דעם ווילדן עקס־טאַז, וואָס האָט אים אָנגענומען. אינעם טומל און גערודער פון דער סרייפע, אינעם טראַסקען און קנאַלן פון די איבערגעברענטע באַלקעס און ווענט, וואָס האָבן געהאַלטן אין פאַלן, האָבן זיך געהערט פארצווייפלטע הימל־רײַסנדיקע געשרייען פון מענטשן. דאָס אַלץ האָט זיך צוזאמענגעגאָסן אין א גרויזאמער און שויִ־דערלעכער סימפאָניע פון פארניכטונג. און טימאָכ איז, ווי עפּעס

א קישעפמאכער, געשטאנענ אפנ דעמב אונ האָט געשעפט פולע עמער פארגעניגנ פונ זײַנ טריִומפ.

אונ פלֿוצלֿונג האָט זײַנ וואכזאמער אויער דערהערט א טופענ פונ פערדישע טלֿאָ. טימאָכ האָט א קוק געטאָנ אינ יענער זײַט—מיטנ וועג אונ מיטנ פעלֿד זײַנענ געפלֿויגנ פונעם פלֿאקערנדיקנ מאיאָנ־טעק פוילֿישע אולֿאנענ אפ פערד. דערלֿאָפנ ביזנ וואלֿד, האָבנ זיי זיכ פארנאנדערגעשאָטנ בא זײַנ ראנד פונ ביידע זײַטנ וועג. א גרופע רײַטער פונ א מענטשנ 12 זײַנענ געפאָרנ באזונדער אינ איינ קופקע. דאָס זײַנענ געווענ מערסטנטייל אָפיצערנ. די גרופע איז אוועק אינ דער ריכטונג, ווו עס איז געזעסנ טימאָכ בוד־זיק. „געווים וועלֿנ זיי ארומרינגלֿענ דעם וואלֿד, קעדיי צו כאפנ די אונטערצינדער,"—האָט א טראכט געטאָנ טימאָכ: „אונ וואָס וועט זײַנ, ווענ איכ שיק זיי אראָפ פונ דעמב א מאטאָנע?"—ניט לֿאנג געטראכט האָט טימאָכ ארויסגענומענ פונ הינטערנ פאס א בראנאטע, האָט זיכ אזוי אוועקגעשטעלֿט, עס זאָלֿ זײַנ באקווע־מער א שלֿײַדער צו טאָנ זי. אָנהאלֿטנדיק זיכ מיט איינ האנט פארנ צווײַג, האָט זיכ טימאָכ פארמאָסטנ אונ הויכ א וואָרפ געטאָנ די גראנאטע אנטקעגנ די אָנגרײַפנדיקע רײַטער אונ מיט הארצ־צי־טערניש ווארטנ געבלֿיבנ, באהאלֿטנדיק זיכ הינטער די ברייטע פלֿייצעס פונעם ריזיקנ דעמב. איינס... צוויי... דרײַ...—ציילֿט טימאָכ, אונ פ״וצלֿונג איז ער פארטרייסלֿט געוואָרנ. עס האָט א דונער געטאָנ, דער ריזיקער דעמב האָט א ציטער געטאָנ. מיט א קלֿינגערײַ זײַנענ זיכ פארנאנדערגעפלֿויגנ די שטיקלֿעכ פונ דער גראנאטע. עס האָבנ א ריס געטאָנ די צעשראָקענע פערד אונ ארופגעשפרונגענ איינע אפ די אנדערע. איינער האָט זיכ א וואקלֿ געטאָנ אונ א פאלֿ געטאָנ אָנמעכטיק אפ דער ערד צוזא־מענ מיטנ רײַטער. מעשוגענערווײַז האָבנ זיכ געטראַגנ די פערד, אייניקע מיט רײַטער, אנדערע שלֿעפנדיק זיי איבערנ פעלֿד מיט די קעפ אראָפ. איצט ערשט האָט זיכ טימאָכ באדאכט אונ האָט דערפילֿט דעם גאנצנ אומזינ פונ זײַנ טאט. אונ עפשער האָט דאָס

טאקע אים געהאָלפֿן. בייסן טומל איז ער אראָפּגעלאָפֿן פֿון דעמב, א לאָז געטאָן זיך אין וואלד און איז אנטלאָפֿן אין דער געדיכ־טעניש, כשעפּענדיק זיך מיטן ביקס אָן די צווײַגן.

וואסיל בוסיגא און זײַנע גוטע פֿרײַנט, וועלכע האָבן ניט באַ־וויזן ווי געהעריק צו באקלאָגן דעם אומגליק, וואָס האָט זיי געט־ראָפֿן—און געטראָפֿן האָט עס זיי ערשט יענע נאכט—און אָנעמען מיטלען אפֿ צו געפֿינען די פֿי, וועלכע מע האָט ארויסגעפֿירט פֿון די שטאלן, האָבן אויך נעקוקט אפֿן גלאנץ פֿון דער סרייפֿע און אומעטיק אראָפּגעלאָזן די קעפּ. אינעם דאָזיקן גלאנץ האָבן זיי געזען א וואָרענונג פֿאר זיך און זייער אייגענעם אורטייל. דאָס איז געווען א גרויזאמע און שרעקלעכע נאכט, וואָס האָט אָנגעוואָרפֿן א פּאניק אפֿ די פּריצים און האָט אופגערודערט די פּוילישע מיליטערישע שטאבן. זי האָט באוויזן, אז די פּארטיזא־נישע באוועגונג האָט געלאָזן טיפֿע וואָרצלען אינעם פֿאָלק פֿון די אָקופּירטע ערדן, אז זי ווערט געפֿירט אקשאָנעסדיק, ברייט אָרגאניזירט און הארב. אסאך מיליטערישע טיילן פֿון דעם פּוי־לישן מיליטער, וואָס האָבן געדארפֿט פֿארפֿעסטיקן דעם פֿראָנט, זײַנען פֿארהאלטן געוואָרן. מיט דער פּארטיזאנישער באוועגונג האָט מען זיך געדארפֿט רעכענען און ערנסט רעכענען.

די מילכאָמע אָבער, אין וועלכער עס האָבן אָנטיילגענומען די רעגולירע ארמייען פֿון צוויי זײַטן, האָט ניט אופגעהערט. די פּאָליאקן האָבן זיך גערוקט אין דער ריכטונג צו קיִעוו, פֿארכאפּנ־דיק אויך א טייל פֿון פּאָלעסיע לויט דער ליניע רעטשיצע־מאָ־זיר. קעריי אָפּשוואכנ דעם קלאפּ פֿון די פּאָליאקן אין קיִעווער ריכטונג, זײַנען די טיילן פֿון דער רויטער ארמיי, וועלכע האָבן פֿארנומען דעם פּאָלעסיער ראיאָן, אריבער אין א קאָנטר־אָנג־ריף קעגן דעם צענטער פֿונעם פּוילישן פֿראָנט. אין באשטאנד פֿון דער דאָזיקער ארמיי איז אויך געווען דער באטאליאָן פֿון כ׳ שאליאָכין. דער אלטער טאלאש מיט זײַנע פּארטיזאנער האָבן געהאלטן פֿארבינדונג מיט דעם דאָזיקן באטאליאָן. אָבער מיטן

אָנגריפ פונ די ווײַספּאָליאקנ אונ מיטנ אָפּטרעטנ פונ דער רויטער ארמײ, איז די פארבינדונג איבערגעריסנ געוואָרנ. דער אלטער טאלאש מיט זײַנע פּארטיזאנער איז שוינ געווענ אינ טיפנ הינטערלאנד פונ פּוילישנ פראָנט אונ האָט געפירט זײַנע שלאכט־פּאָזיציעס זעלבשטענדיק, אָדער לויט דער אָנווײַזונג פונ די פאָרשטייער פונ די אונטערערדישע קאָמוניסטישע אָרגאניזאציעס. איצט איז שוינ זײַנ ארמײ באשטאנענ פונ ארומ 200 פּארטיזאנער באוואָפנטע מיט ביקסנ אונ מיט עטלעכע קוילנוואַרפער. רעכטס אינעמ זעלבנ ראיאָנ האָט ארודעוועט די גרופּע פּארטיזאנער פונ מארקע באלוק, וואָס איז אויכ באשטאנענ פונ גוטע הונדערט מענטשנ.

די פּאָלעסיער, אָדער מאָזירער גרופּע פונ דער רויטער ארמײ, ווי זי האָט געהייסנ אָפיציעל, האָט אויסגעקליבנ א באצירק אפ צו געבנ א קאָנטר־קלאפּ אפ דער ליניע קריוועצ־וויסאָקאיע, וווּהינ זי האָט געבראכט מיליטער אונ הארמאטנ. אינ די 20־טע דאַטעס פונ אפּרעל־כוידעש, פארטאָג האָבנ אָנגעהייבנ קנאלנ די רויטע באטארייעס, קאָנצענטרירנדיק דעמ פײַער אפ די פּוילישע פּאָזיציעס. עטלעכע שאָ האָבנ געדונערט די הארמאטנ אינ דער אָפּהילכ פונ זייערע דונערנ האָט זיכ ווײַט צעטראָגנ איבער די וועלדער אונ זומפּנ פונ פּאָלעסיע. עס האָט זיכ דערקלײַקלט אויכ אפ יענער זײַט פריפּעט ביז דעמ אָקופּירטנ טייל פונ פּאָלעסיע, צעטראָגנדיק קלאנגענ וועגנ דעמ אָנגריפ פונ דער רויטער ארמײ. נאָכ א קורצער, אָבער אָנגעשטרענגטער ארטילערישער צוגרייטונג האָבנ זיכ א לאָז געטאָנ אינ אטאקע די פוסגייער־טיילנ פונ די רויטע קעמפער. ס'איז אויסגעבראָכנ אנ אקשאָנעסדיקער קעגנזײַטיקער שלאכט. די פּאָליאקנ האָבנ אָנגעשטרענגט אלע קרעפטנ אפ צו אָפּשלאָגנ די אטאקע אונ אײַנהאלטנ זייערע פּאָזיציעס. זייערע שלאכט־קייטנ זײַנענ, ווי כוואליעס, געגאנגענ איינע נאָכ די אנדערע, אָבער דער פײַער פונ די הארמאטנ אונ קוילנ האָט זיי אונטערגעשניטנ איינע נאָכ די אנדערע. זייערע קרעפטנ האָבנ זיכ

אונטערגעריסן, זייער אקשאָנעס איז געבראָכן געוואָרן, זיי האָבן זיך אָנגעהויבן וואקלען, אָפּגעטראָטן און אוועקגעקייַקלט זיך צוריק, איבערלאָזנדיק דאָס געווער, געהארגעטע, פארוווּנדעטע און געפאנגענע. מע האָט זיי ניט געלאָזט קומען צו זיך און געטריבן זיי צום פריפּעט. דער קאָנטער־מאנעוור פון דער שלאָג־גרופּע פון דער סאָוויעטישער ארמיי האָט געהאט דעם ציל — מיט איין קורצן קלאפּ אָפּוואַרפן די פּאָליאקן אויף יענער זייַט פריפּעט, איבער זייערע פּלייצעס איבערגיין דעם טייַך, באוואָרענענדיק די מעגלעכקייַט צו האָבן א פּלאצדארם אויפן מייַרעוו־ברעג פון פּריפּעט, קעדיי קאָנען כאנאנדערוויקלען די אייגענע קרעפטן פאר א ווייַטערדיקן אָנגריף.

די צעגראָמירטע און צעקלאפּטע טיילן פונעם פּוילישן מיליטער האָבן שוין ניט געטראכט הייגן אָפּשטעלן דעם דראנג פון די אָנגרייַפנדיקע פּאָלקן פון דער רויטער ארמיי, זיי האָבן געטראכט בלויז, וויאַזוי רייַסט מען זיך ארויס פון די צוואנגען, וואָס קלעמען זיי, און אָפּטרעטן בעשאָלעם אויף יענער זייַט פריפּעט.

די יעדיע וועגן דעם אָנגריף פון דער רויטער ארמיי איז דערגאנגען אויך צו די פּארטיזאנער. אין דער זעלבער צייַט האָבן זייערע נאטשאלניקעס באהאנדלט עקסטרע די וויכטיקע פראגע וועגן קומען צו הילף דער רויטער ארמיי און וועגן פארשטעלן דיק צעגראָמירן די אָפּטרעטנדיקע ווייַס־פּאָליאקן. דער אַלטער טאלאש מיט זייַנע טיילן זייַנען שנעל אוועק צום פריפּעט, קעדיי ניט דערלאָזן די פּאָליאקן פארפעסטיקן זיך אויפן רעכטן ברעג. באַלויק איז באופטראָגט געוואָרן צו היטן די קאָמוניקאציע פון פּוילישן הינטערלאנד און ווי ווייַט מעגלעך פארהאלטן די פּוילישע רעזערוון פון הינטערלאנד, קעדיי ניט צו דערלאָזן זיי העלפן די אייגענע. פארנאכט איז דער אַלטער טאלאש מיט זייַנע אָנדערהאלבן הונדערט פּארטיזאנער שוין געווען אין ראַיאָן פון וויסאָקאיא רודניא, ווו די פּאָליאקן האָבן געדארפט איבערגיין דעם פריפּעט, און האָט

פארנומען די פלאנג־פאָזיציע אפן הויכן רעכטן ברעג פון פריפעט. די דאָזיקע פאָזיציע האָט פארצאמט די פּאָליאקן דעם וועג צום אָפּטרעטן איבער דעם איינציק־באקוועמן וועג פון דעם דאָזיקן ראיאָן צו סטאווּאָק־קארנאטשי. זייער אוואנגארד איז שוין ארויסגעגאנגען אפן רעכטן ברעג, א קילאָמעטער אָנדערהאלבן פון דעם אָרט, ווו די פארטיזאנער האָבן פארנומען זייער פּאָזיציע. אריבערגעגאנגען זײַנען זיי סײַ אפּ פאָנטאָנען, סײַ איבערן בריק. פון יענער ברעג האָבן געדונערט אונדזערע הארמאטן. סנאריאדן זײַנען געפאלן אין פריפעט פוןביידע זײַטן, אופּהויבנדיק הויכע פאָנטאנען, זײַנען פארפלויגן אפן ברעג און אָנגעסאכט א פאניק אפּ די אָפּטרעטנדיקע. די פּאָליאקן האָבן זיך אין א בעדיכטער קאָלאָנע געשפארט אפּ די בריקן און פאָנטאָנען, געשטויסן זיך, אראָפּגעפאלן און געוואָרפן זיך אין די טיפע וואסערן פון פריפעט. אריבערפעקלענדיק עטלעכע הארמאטן, האָבן זיי ארויסגעפירט זיי אפן הויכן ברעג, ווו עס האָבן זיך אויסגעלייגט די פארטיזאנער. צוגעלאָזן זיי נעענטער צו זיך, האָט דער אלטער טאלאַש, וועלכער האָט אין אופרעגונג פארגעסן דעם לאָשן פון מיליטערישער קאָמאנדע, א געשריי געטאָן:

— שנײַד זיי, כעוורע!

עס האָט א דונער געטאָן א העפטיקער זאלפּ, עס האָבן אָנגעהויבן קלאפן קוילן־ווארפער, איינער און א צווייטער. די פּאָליאקן האָבן זיך ניט געריכט אפן סוינע פון דער זײַט, און האָבן ניט געוווּסט, ווער ער איז. זיי האָבן זיך א לאָז געטאָן צוריק, איבערלאָזנדיק דעם הארמאט, געלאָפן, געפאלן און מער ניט אופגעהויבן זיך. די פארטיזאנער האָבן זיך א לאָז געטאָן אפן הארמאט, פארכאפּט אים צוזאמען מיטן וועגעלע און מיטן גאנצן געשפאן. עס האָבן זיך אָפּגעזוכט אלטע סאָלדאטן, ארטילעריסטן. דעם הארמאט האָט מען א קער געטאָן אין דער ריכטונג צו די פּאָליאקן און אָנגעהויבן קלאפן איבער זיי. די פּאָליאקן האָבן איבערגעלאָזן דאָס געווער, די הארמאטן און אין אומאָרדענונג,

ניט פאָלגנדיק זייערע קאָמאַנדירן, זײַנען זיי געלאָפן אין וואַלד, ווער וווהין עס האָט געקאָנט. אַלס אַ מיליטעריש־אָרגאַניזירטע קראַפט, האָט די דאָזיקע טייל פון פּוילישן מיליטער אויפגעהערט צו עקזיסטירן.

דער אומגעריכטער קאָנטער־קלאַפּ פון דער רויטער אַרמיי, וואָס איז געגעבן געוואָרן מיט אַזאַ קראַפט, האָט זיך צעטראָגן ווי אַ דונער איבערן פּוילישן הינטערלאַנד, און האָט אויפגערודערט דעם פּוילישן מיליטערישן שטאַב, אָבער די העכערע פּוילישע אָנ־פירונג האָט, דאַרף מען זאָגן, ניט פאַרלאָרן זיך. דרינגענדיק און אָנשיידנג האָט זי אָרגאַניזירט דאָס מיליטער אַף צו ליקווידירן דעם דורכרײַס אַפן פראָנט, איבערוואַרפנדיק אַלץ, וואָס איז מעגלעך געווען פון די הינטער־רעזערוון און פון די טיילן, וואָס זײַנען באַשטימט געוואָרן פאַר אַנדערע ערטער פון פראָנט. שוין אַפן צווייטן טאָג האָבן די טיילן פון דער רויטער אַרמיי באַגעגנט אַ האַרטן און אײַנגעשפּאַרטן ווידערשטאַנד מיצאַד די פּאָליאַקן. די פּוילישע קרעפטן זײַנען געגאַנגען פון אַלע זײַטן אַרײַנעכענדיק ווי אין קלעמען אונדזערע אָנגרײַפנדיקע טיילן. אַ הייסער אָנגעשטרענגטער שלאַכט האָט געקאָכט אין די וועל־דער, אַף די זומפּן, אַף די וועגן, אַף די גאַסן פון די דערפער. די טיילן פון דער רויטער אַרמיי, וועלכע זײַנען געווען אין עט־לעכע מאָל שוואַכער פונעם סוינעס קרעפטן, האָבן געמוזט אָפּשטעלן זיך און אָפּטרעטן צוריק. דערבײַ איז די פאַרבינדונג צווישן די באַזונדערע מיליטערישע טיילן איבערגעריסן געוואָרן. אייניקע טיילן, באַטאַליאָנען, ראָטעס האָבן זיך געשלאָגן זעלבסטשטענדיק, אָן אַן אַלגעמיינער אָפּעראַטיווער אָנפירונג. אין אַ באַזונדערס שווערער לאַגע האָט זיך אַרײַנגעפּאַקט שאַליאָכינס באַטאַליאָן, וועלכן די פּאָליאַקן האָבן אַרומגערינגלט צווישן פריפּעט און צווישן דער אָזערע מיט די זומפּיקע ברעגן. אַ פאַרמאַטערטער פון די אומופהערלעכע שלאַכטן און מאַרשן אין פאַרלויף פון עטלעכע טעג, אָן פּראָוויאַנט, אָן פּאַטראָנעס, האָט זיך דער באַ־

שאליאָנ מוטיק געשלאָגנ ביונ לעצטנ פאַטראָנ, אָפּקלאַפּנדיק די אטאקעס פונעמ סוינע מיט שפּיז.

עס איז געווענ שפּעט אינדערנאַכט, דורכ די צווייַגנ פונ די בוימער האָט זיכ קאַמ דורכגעשלאָגנ די שייַנ פונ דער לעוואָנע. די פארמאַטערטע קעמפער האָבנ מיט אומ־ו געדארט אַפּנ פרי־מאָרגנ פונ קומענדיקנ טאָג. די גרעסטע טייל איז געשלאָפנ צו־נויפגעקאָרטשעט לעבנ די אויסגעהאַקטע בוימער, אָנשפּארנדיק דעמ קאָפּ אַפּ די וואָרצלענ. אונטער א צעצווייַגטנ רעמב האָט זיכ צוגעשפּארט דער קאָמאנדיר־באַשטאַנד פונ באַטאַליאָנ: שאַליאָכינ, דרייַ ראָטע־קאָמאנדירנ און דער נאַטשאַלניק פונ דער קוילנוואַרפער־קאָמאַנדע. פארמאַטערטע, מידע שווייַגנ זיי, בלויז פונ צייַט צו צייַט ווארפנ זיי זיכ דורכ מיט קורצע פראזנ:

— שוואַכע געשעפטנ!—זאָגט דער נאַטשאַלניק פונ דער קוילנ־ווארפער־קאָמאנדע.

— וואָלסט געזאָגט עפּעס נייַעס!—באַמערקט איינער פונ די ראָטע־קאָמאנדירנ.

— מייַנ מיינונג איז א פּרווו טאָנ דורכרייַסנ זיכ,—זאָגט א צווייטער.

— ווענ צוליב דעמ וואָלט מענ זיכ געקאָנט באַניינ מיטנ פּויסט אָנשטאָט געווער, וואָלט מענ זיכ עפּשער דורכגעריסנ,—רופט זיכ אָפּ א קאָמאנדיר פונ א צווייטער ראָטע.

— ווהינ דורכרייַסנ זיכ?—פרעגט דער ארטילעריסט.

— איז וואָס זשע לויט דייַנ מיינונג? איבערגעבנ זיכ זיי אינ די הענט?—רייַסט איבער מיט קאַעס שאליאָכינ.

ער קראַצט פארקלערטערהייט די פּאַטיליצע און זידלט זיכ שטארק, ניט אדרעסירנדיק צו קיינעמ זייַנע זידל־ווערטער.

דער קאָמאַנדיר פונ דער ערשטער ראָטע זינגט אונטער שטיל דאָס אַלטע לידל, וואָס איז אמאָל געווענ פארשפּרייט אינ די צארישע קאַזארמעס:

געוועזנ טעג גאָר פריילעכע,
געהוליעט האָב איכ דאַנ.

— און האָסט זיך דערהוליעט,—באמערקט איראָניש דער אר־טילעריסט.

שאליאָכין טראכט און קען גאָרנישט ניט צוטראכטן. ער בייסט נערוועז די ליפּן. אין אזא מיִעסן זאך האָט ער זיך נאָך קיינמאָל ניט אריינגעפּאקט. ס'איז אים מיִעס, מיִעס פארן גאנצן באטאליאָן, פאר די פּאָשעטע ארמייער, וועלכע האָבן אים אָנגעטרויט זייער העלדנ־ערע און רום.

— וואָלט כאָטש זיין פּארויכערן, דער טייוול זאָל עס נעמען,— הערט זיך עמעצנס א שטים און דערנאָך אויך דער ענטפער אף דעם:

— ס'האָבן זיך דערלעבט די פּאַליאקן, אז ניט קיין ברויט, ניט קיין טאבאק.

א שווייגנדיקע שטילקייט. דער מידער שאליאָכין שלאָפט ניט. עס שלאָפן ניט די קאָמאנדירן. האָפענונגלאָזע גערעדנקען באהערשן זיי, אָבער קיינער רעדט ניט וועגן דעם. עס פּאסט ניט פאר א קעמפער. ערגעצ־ווו אין דער טיפעניש פון באוווסטזיין בלייבט אן אָרט פאר דער האָפענונג: ס'וועט זיך פּאָרט געפינען אן אויסוועג.

שאליאָכין הויבט אוף מיטאמאָל דעם קאָפּ: צי ער האָט טאקע געהערט אָדער עס איז נאָר א האליוצינאציע פון געהער? ער לייגט אוועק די האנט אפּן נאהאן, הערט זיך צו. פּאָרזיכטיקע טריט, ווי עמעצער וואָלט זיך גאנוועגען. עס הויבט אוף דעם קאָפּ אויך דער קאָמאנדיר פון דער ערשטער ראָטע, א הויכער אן אויסגעטריקנטער, מיט טיף איינגעפאלענע אויגן. זיי קוקן זיך איין אין דער פינצטערניש פון נאכט, וואָס איז נאָך גע־דיכטער אונטער די צווייגן. א געזעצטע פעסטע פיגור פון א מענטשן שווימט ארויס פון דער פינצטערניש.

— כ' שאליאָכין!—רופט שטיל די טונקעלע פיגור.

דער קאָמבאט הויבט זיך אוף א ביסל.

— ווער רופט מיך?

— איכ, טאלאש!—ענטפערט די טונקעלע געזעצטע פיגור.

שאליאָבינ שטייט האסטיק אופ—גיט זיכ א וואָרפ צומ אלטנ טאלאשנ.

— באטינקע, דאָס זייַט איר!

אונ טרייסלט שטארק דעט אלטנס האנט.

— דייַגעט ניט, כאווײרימ, איכ וועל אייַכ ראטעווענ!

— אָט דו ווײסט זייַנ אונדזער באָלשעוויסטישער מאלעכ!—דערהערט זיכ עמעצנס צופרידנ־שפאסנדיקע קול.

— רופט־זשע צונויפ די נאטשאלניקעס, קלייַבט צונויפ די קעמפער אונ אינ מארש!

— אינ וואָסער מארש?

— צצסס!—שטילט אייַנ דער אלטער טאלאש די הויכע שטימ פונ ארטילעריסט:—נאָכ מיר צומ פריפעט: מייַנ פלאָט אונ מייַנע מאטראָסנ ווארטנ אפ אייַכ, כאווײרימ,—זאָגט פייַערלעכ־שפאסנדיק דער אלטער אטאמאנ.

איינ מינוט—אונ דער באטאליאָנ איז אפ די פיס. שטיל גייט מענ צומ פריפעט. אנ אומענדלעכ לאנגע פאלאנגע שיפלעכ שפארנ זיכ אייַנ אָנ ברעג מיט זײערע שארפע נעזער. מע האָט אָנגעלאָדנ אפ די שיפלעכ אלע קוילנוווארפער. עס האָבנ זיכ ארייַנגעזעצט די ארמײער. די שטרענגע אונ שווייַגנדיקע אריבערפירער מיט ביקסנ אונ גראנאטעס פאָרנ אָפּ שטיל, אָנ טומל, שווימענ אביסל צייַט לענג אויס דעמ ברעג צווישנ דעמ הויכנ יונגנ טשערעט, אונ דערנאָכ פארקערנ זײ זיכ אינ דער ברייט פונ פריפעט אונ קומענ רויִק צומ אנדער ברעג.

XXXV

עס האָט זיכ באנייַט, עס האָט אָפּגעלעבט די ערד.

א פילשטימיקער, פארשײרנארטיקער שטראָמ פונ לעבנ פארגיסט יעטווידער שפאנ אירנ, פארפילט די וועלדער, דאָס פעלד, די בלאָטעס אונ מיט אנ אומופהערלעכנ הילכנ באוועגט ער דעמ

פּילבאָרג דורכזיכטיקן װעטער. עס האָבן זיך אָנגעטאָן די ביימער אין נײַער גרינער קליידונג, און אַזאַ װיכטיקן, קלוגן שמועס פירט בוים מיט בוים, בלעטל מיט בלעטל און גרעזל מיט גרעזל, און אין די דאָזיקע בוימער, בלעטער און גראָזן רופן זיך איבער פויגלען, פויגעלעך און זייערע שטימען גיסן זיך צונויף אין איין סימפאָניע פון אַ װוּנדערלעכער לעבנס־מוזיק.

אַ ניט הויכער, דאַרער מענטש הערט זיך צו צום קלינגען, צום בעזאַנג, צו דער מוזיק, װאָס באַגלייטן אים אויף זײַן װעג לענגויס דעם װאַלד, װאָס גייען אומעטום, װוּ עס טרעט נאָר זײַן פוס. און אָט די גאַנצע סימפאָניע, װען מען זאָל זיך אײַנהערן אין איר בעסער און נעענטער, איז זי דער אָפּקלאַנג פון דעם פאַרבאָרגענעם און אָפט אָפּענעם אומבראַכמאָנעסדיקן קאַמף פאַרן לעבן. דער ניט הויכער דאַרער מענטש, װאָס זייט שטורעם און קאַמף, איז איבערצײַגט אין דעם, װאָרעם פאַר זײַנע אויגן איז פאַנאַנדערגעעפנט דער עמעס פון לעבן און זײַנע פאַרװואַלירטע פּרוזשינעס. אָט פאַרװאָס ער בייט אַזוי זיכער און דרייסט מיט געהיימע װעגן איבער דער ערד פון דער אָקופּירטער פּאָלעסיע און זייט פון דער פּו/ער האַנט די זוימען פון שטורעם און האַס צו די קלאַסן־סאָנים, אופאַקערנדיק טיף דעם באָדן פון באַװוּסטזײַן פון די אונטערדריקטע, װעלכע מען האָט פאַרשטויסן אין די װינקלען פון לעבן. בײַ אים איז דאָ אַ טיפער גלויבן אין עמעס פון דעם דאָזיקן פאַרזיי. ער זעט די רײַכע אופגאַנגען פון זײַן פאַרזיי, און דערפאַר איז אים אַזוי פרייִלעך און זײַן שטימונג איז אַ געהויבענע.

זײַן לעבן איז פול מיט געפאַר. יעטװידער טאָג, יעטװידער שאָ פאַרבאָרגן אין זיך פּראָװאָקאַציע און פאַראַט. און אַסאַך זײַנען באַם כ' ניעװידני געװען מאָמענטן אָנגעשטרענגטע, אַזעלכע, װען די פרײַהײַט און דאָס עצם לעבן איז געהאַנגען אויף אַ דינינקער שטריקעלע. ער װאָלט געקאָנט דערציילן אַסאַך אינטערעסאַנטע צופאַלן פון דער פּראַקטיק פון זײַן געהיימען װאַנד־

רעוועגן און אומלעגאַלן לעבן צווישן די גרויזאַמע אָקופּאַנטן. אם אים שטעלן פֿאַנאַנדער זייערע נעצן די עכטע ספּעצן פֿון דער פּוילישער פּאָליציי, כיטרע און דורכגעטריבענע שפּיאָנען פֿון מייַרעוו־אייראָפּייִשן שניט. אָבער אים העלפֿט זייַן אָרגאַנישער צונויפֿוווּקס מיט די מאַסן פֿון דער אָרעמשאַפֿט, וואָס איז פֿאַרשטויסן אין די ווינקעלעך פֿון לעבן. די אָרעמשאַפֿט האָט אים ליב, גלויבט אים, ווי אַן אייגענעם מענטשן. זי היט אים אָפּ, וואָרנט אים, באַהאַלט אים אויס, רייַסט אים אַרויס פֿון די הענט פֿון די פּרייַוויליקע אַגענטן ווי בוסיגאַ, וועלכע האָבן געזען זייער אומקום אין דער פּראָפּאַגאַנדע און אין דער אונטערערדישער אַרבעט פֿון ניעווידני. ניעווידני ווייס, וואָס עס דערוואַרט אים ווען עס כאַפּט אים די פּריצישע אַגענטור. אָבער ער ווייס און גלויבט אין דעם עמעס פֿונעם נייַעם לעבן, פֿון יענער אָרדענונג פֿאַר די אידעאַלן פֿון וועלכער עס קעמפֿט די פּאַרטיי פֿון די קאָמוניסטן. און דאָס גיט אים דעם אינהאַלט פֿון לעבן, דעם זין און די באַרעכטיקונג פֿון דעם, וואָס ער טוט, גייענדיק מיטן שמאָלינקן סטעזשקעלע באַם ברעג פֿון פֿינצטערן אָפּגרונט, ריזיקירנדיק אַלע חייַלע אַרייַנצופֿאַלן אַהין. דאָס אַלץ צווינגט אים האַלטן אויער און אויג אָפּ דער וואַך, אַרומקוקן זיך. עס איז אָבער אינטערעסאַנט צו זען, ווי ־וועט ווייַטער וואַקסן אָט דער פּאַרזיי פֿון קאַמף און קלאַסן־האַס, ווו עס זייַנען פֿאַראַן ניט קנאַפּ קערנדלעך, וועלכע ער האָט מיט זייַן האַנט צעוואָרפֿן. עס איז בינכלאַל אינטערעסאַנט צו לעבן און שלאָגן זיך פֿאַר אַ נייַער אָרדענונג פֿון לעבן און וויסן, ווּיאַזוי און ווען עס וועט זיך ענדיקן דער דאָזיקער קאַמף און ווי וועט זיך עס בויען דאָס נייַע, וואָס די וועלט האָט נאָך ניט געזען. ער דערמאָנט זיך דעם פּאַרטיזאַנישן מיטינג אַפֿן פּוסטן פֿעלד, לעבן וואַלד, ווו ער האָט צופֿעליק באַגעגנט זיך מיטן אַלטן טאַלאַשן. פֿאַר זייַנע אויגן שטייען אויף די קאָלאָריטנע פֿיגורן פֿון דעם אַלטן פּאַרטיזאַנישן אַטאַמאַן און זייַן געהילף מאַרטין ריל מיטן ביקס און מיט

דער הילצערנער טרובע. דאָס אַלץ זײַנען אַזעלכע דערשײַנונגען, װעלכע זאָגן זײער אַסאַך און פריִער פאַר אַלץ װעגן דעם, װאָס פאַר א טיפע װאָרצלען עס האָט געלאָזן אין די אַרבעטנדיקע מאַסן די פּאַרטײ פון די קאָמוניסטן. דאָס אַלץ טרײסט און פרײט דעם כאַװער ניעװידני און נערט זײַן אומװאַקלדיקן גלױבן אין דעם זיג. ער טראַכט װעגן די סרײפּעס פון די פריצישע מאַיאָנטקעס, װי װעגן דעם אָפּקלאַנג פון דער פּאַרטיזאַנישער מילכאָמע. די דאָזיקע סרײפּעס װעלן סאָפּקאָלסאָף מיטהעלפן פאַרברײטערן און פאַרטיפערן די פּאַרטיזאַנישע באַװעגונג, עס צעשטערט ניט זײַן זיכערקײַט אינעם זיג פון דער נײַער אָרדענונג דער פאַקט, װאָס די רױטע אַרמײ איז אָפּגעטראָטן אונטערן אָנגריף פון די פּױלישע לעגיאָנען. די געשיכטע פון דעם בירגערקריג, די געשיכטע פון פיל אינטערװענציעס קעגן דעם לאַנד פון סאָװעטן באַװײַזט אים, אַז דער זיג װעט זײַן אויף דער זײַט פון די באָלשעװיקעס אויך דעם מאָל.

ניעװידני גײט און צוזאַמען מיט אים, לעבן אים און איבער אים רױשט דער פילשטימיקער שטראָם פון לעבן, אַ האַרמאָנישער, אַ סמירעספּולער און דורכגעדרונגענער מיטן גײַסט פון קאַמף. ניעװידני שמײכלט זיך אונטער פאַר זיך, ער װײס, װער איז דער פרײדיקער פון דער דאָזיקער האַרמאָנישקײַט פון לעבן ניט נאָר אין דער נאַטור, נאָר אויך אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט, װעמען און צוליב װאָס דאָס איז נײטיק. ניעװידני אָנערקענט ניט אַזאַ אַגיטאַציע—ער איז דער זײער פון שטורעם און קלאַסן־האַס אין נאָמען פונעם נײַעם מענטשן, פון דער נײַער סאָציאַלער אָרדענונג, װײַל בלױז דורך שטורעם פון קאַמף װעט אַראָפּגעװאָרפן װערן די אַלטע װעלט און עס װעט קומען אַ נײַע עפּאָכע. די געדאַנקען פאַרפירן ניעװידנען װײַט, אויף יענער זײַט גרענעץ פון הײַנטיקן טאָג. ער פאַרגעסט זיך, אַז ער גײט איבערן ברעג פון אָפּגרונט, אַז די סאָנים שפּירן אומעטום אים נאָך, פאַרנעפּלט, װי אין כאָלעם, װײַזט זיך אים אויס אויף אַװײַלע

א מענטשלעכע פיגור, אָבער זי ווערט גלייך פארשוווּנדן פון זײַן בליק און פון זײַן באַוווּסטזײַן.

דער וועג גייט אוועק צווישן וועלדער און לאָזט זיך אראָפּ אין א טאָל, דערנאָך הייבט ער זיך ווידער אויף אף א בערגל. ניעווידני גייט ווײַטער. פאר אים עפנט זיך פאנאנדער א פעלד און אפן פעלד זעט זיך א יישעוו,—א כוטער צי א פּאָלוואַרעק. ניעווידני וויל זיך אָפּקערן פון וועג אָנאַזײַט, אז מע זאָל אים ניט באַמערקן פון כוטער. ערשט, נאָדיר—ס׳רוקן זיך ארויס מיטאמאָל אים אנטקעגן עפּעס דרײַ מאנספארשוינען. לויטן אָנטאָן זײַנען זיי אָרטיקע פּויערים. ניעווידני האָט זיך אביסל צעכומלט. זייער פּאָנעם און דער קוק, וואָס זיי האָבן אף אים געוואָרפן זייער אופמערקזאם, האָט אים אויסגעוויזן, איז ניט גאָר גלאט. אָבער אומקערן זיך צוריק אין וואלד איז שוין געווען שפּעט. ניעווידני גייט אנטקעגן זיי און סטארעט זיך ניט ארויסווײַזן קיין שום אומרויִקײַט.

— פּאנאָטשעק, עפּשער האָט איר פײַער?—האָט גניעוויש א פרעג געטאָן איינער מיט א פּאָנעם אויסגעגעסן פון פּאָקן. און צוליב מער נאטירלעכקײַט פון אזא פראגע באַווײַזט ער א ציגארקע, וואָס איז צונויפגעדרייט פון צײַטונג־פּאפּיר. אלע דרײַען שטעלן זיך אָפּ, דערבײַ שטעלן זיך די אנדערע צוויי ניעווידנען פון ביידע זײַטן.

„שפּיקן!"—האָט ווי א בליץ זיך דורכגעטראָגן בא ניעווידנען אין קאָפּ.

— פײַער דארף זײַן,—ענטפערט ער קלוימערשט רויִק און טאפּט ארום די קעשענעס, פארהאלטנדיק די האנט אפן הענטל פון בראונינג. די, וואָס האָבן זיך געשטעלט בא די זײַטן, האָבן זיך איבערגעקוקט, האָבן מיט די אויגן איבערגעוווּנקען זיך איינער צום צווייטן.

— נעמט אים!

און פּלוצלונג האָבן זיי זיך א וואָרף געטאָן אף ניעווידנען. אין איין רעגע האָט ניעווידני ארויסגעכאפּט א בראונינג און האָט אויס-

געשאָסן, ניט צילנדיק זיך, אין דעם, וואָס איז געווען פון לינקס. דער שפּיק איז געפאַלן אַפ דר׳ערד, אָבער דאָס איז געווען בלויז אַ שפּיצל: די קויל איז דורכגעפלויגן פאַרביי, דורכגעלעכערט די קליידער און קוים אָנגערירט די הויט אפן זייט. דער צווייטער האָט אין דעם זעלבן מאָמענט געכאַפּט ניעווידנען פאַרן האַנט נידערי־קער פון עלנבויגן און האָט זי שטאַרק צוגעדריקט. דער מענטש מיטן געפּאַקטן פּאָנעם האָט זיך א לאָז געטאָן לויפן. דער שפּיק, וואָס איז געפאַלן, האָט זיך שנעל ווי א בליץ אופגעהויבן און א כאַפּ געטאָן ניעווידנעס האַנט מיטן בראַונינג און האָט זי אַזוי צוגעדריקט, אַז די פינגער האָבן זיך פאַנאַנדערגעבויגן און דער רעוואָלווער איז ארויסגעפאַלן אַפ דער ערד.

ס׳האָט זיך אָנגעהויבן צווישן זיי א שרעקלעכער געראַנגל.

ניעווידני האָט זיך געריסן מיט אַלע קויכעס צו באַפרייען די הענט, אָבער דער שפּיק האָט אים געהאַלטן פעסט און געסטאַ־רעט זיך א וואָרף טאָן אים.

— א, פאַרפלוכטער באָלשעוויק דו! ס׳וועט גאָרנישט העלפן! — האָט ער געכריפּעט.

דער צווייטער, וואָס האָט זיך אופגעהויבן פון דער ערד, האָט א ריס געטאָן ניעווידנען פאַר די פיס און ער איז געפאַלן. איצט איז אויך צוגעלאָפן דער, וואָס מיטן געפּאַקטן פּאָנעם. פון וואַלד זיינען ארויסגעפלויגן נאָך צווייען אין א מיליטערישער אוניפאָרם. ניעווידנען האָט מען געטאָפּטשעט מיט די פיס און געשלאָגן, אָבער מיט אזא כעושבן, אז מע זאָל אים לאָזן א לעבעדיקן. א צעמאַזיקטער און צעבלוטיקטער איז ניעווידני געלעגן אומבא־וועגלעך. מע האָט אים אופגעהערט שלאָגן, מע האָט אויסגע־טרייסלט די קעשענעס און דאַן האָט מען אים אָנגעטאָן קייטן אַף די הענט. פון כוטער איז צוגעפאָרן א פור, אין וועלכער מע האָט ניעווידנען ארייננגעוואָרפן און אוועקגעפירט אונטער א קאָנוואָי פון דריי פּוילישע אגענטן.

ערשט אין וועג, אין א צייט ארום איז ניעווידני געקומען צו

זיך, אָבער ער האָט דאָס ניט ארויסגעוויזן פאר די אגענטן, וועלכע זײַנען געזעסן לעבן אים. ווײַזט אויס, אז זיי האָבן זיך ווייניק וואָס געזאָרגט פארן לעבן פון זייער קאָרבן: זיי זײַנען געווען ספּעציאַליסטן אָפּ שלאָגן ביז א געוויסער מאָס, מיטן רעכענונג צו פארהיטן דעם קאָרבן פארן פארהער אין די פּוי־לישע אַסטראָגן. זיי זײַנען געפאָרן מיט טריומף און וואכזאם גע־היט זייער קאָרבן. ניעווידני האָט זיך געסטארעט דערמאָנען, וועלכע דאָקומענטן זײַנע זײַנען ארײַנגעפאלן אין די הענט פון זײַנע הענקער. אזוינע דאָקומענטן, וואָס זאָלן קענען ארײַנציִען אין ארעסט אנדערע פּערזאָנען, האָט ניעווידני דאָסראָוו מיט זיך ניט געטראָגן. בא אים זײַנען געווען בלויז עטלעכע בראָשורן פון מיליטערישן אגיטפּראָפּ. די דאָזיקע בראָשורן זײַנען געווען געווענדעט קעגן דער ווײַספּאָליאקישער אָקופּאציע. דאָס זײַנען געווען אופרופן צו דער האָרעפּאשנער אָרעמשאפט אָפּ ארײַנצו־טרעטן אין שלאכט קעגן דעם קלאסן־פײַנט דורך א פּארטיזאַני־שער מילכאָמע און דורך אָרגאניזירן רעוואָליוציאָנערע קאָמי־טעטן. די דאָקומענטן אליין האָבן גאָרנישט געגעבן דער פּריצי־שער אגענטור אין זין פון אופדעקן אנדערע פּערזאָנען אכוץ ניע־ווידנען. דאָס האָט אים בארויִקט. אים האָט געמוטשעט דער דורשט, אָבער ער האָט געליטן. די אגענטן האָבן געפּרוּווט שמועסן מיט אים, אָבער ער האָט, ניט באהאלטנדיק זײַן האס צו זיי, געשוויגן און אפילע ניט געקוקט אָפּ זיי.

וועגן דעם, אז מע האָט ארעסטירט א געפערלעכן „פארברע־כער", האָט מען טייקעף אָנגעזאָגט די העכערע אָרגאנען פון די געהעריקע פּוילישע אָפּטיילן. פון דאָרטן האָט מען פאראָרדנט, מע זאָל ניעווידנען ברענגען טיפער אין הינטערלאנד, אין א מער זיכערן אָסטראָג. עטלעכע טעג נאָכאנאנד האָט מען איבערגעשיקט ניעווידנען פון איין אָסטראָג אין צווייטן אונטער א שטארקן קאָנ־וואָי, אין אנדערע ערטער צופוס און אין אנדערע אָפּ פורן און ענדלעך מיטן באן.

דער אָסטראָג, וועלכער איז געווען נאָך אויסגעבויט פאַרן קייסער, איז געווען א פינצטערער און א כיטרונער. מע האָט אַריינגעפירט ניעווידנען אין קאַנטאָר פון אָסטראָג, מע האָט אים איבערגעגעבן לויט די דאָקומענטן, אין וועלכע עס איז געווען פאַרשריבן דער כאַראַקטער פונעם „פאַרברעכן“: אונטערערדישע אַרבעט, וואָס איז געווען אַ פאַראַרייטן די פּוילישע „מעלוכע־שאַפט“, אָרגאַניזירט „מאָרדן“ און בלאָזט פאַנאַנדער דעם קלאַסן־האַס צום הערשנדיקן קלאַס. מען האָט אים אונטערגערוקט און שוין די טורמע־היטער אונטער א שטאַרקן קאָנוואָי האָבן אים אוועקגעפירט אין אַן איינציק־קאַמער, וועלכע האָט זיך געפונען אינעם אונטערשטן עטאַזש פון דער טורמע. הונדערטער אַרעסטירטע פאַרן אָנטיילנעמען אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג האָבן אָנגעפילט דעם אָסטראָג. זייערע בלייכע אויסגעמוטשעטע פּנימער האָבן זיך באַוויזן אין די פענצטער־גראַטעס פון אַלע עטאַזשן פון אָסטראָג.

— פון וואַנען, כאַווער?

— פּאַרוואָס?—האָבן זיך געהערט שטימען פון מענער און פרויען.

— פון פּאָלעסיע!

— עס איז דיר ניט אַ זער פריי!—האָט א געשריי געטאָן צו ניעווידנען א שוואַרצער אָסטראָג־היטער און האָט אים א שטויס געטאָן אין פּלייצן, און די וואַכטע, וועלכע איז געשטאַנען אַפן הויף פון אָסטראָג, האָט מיט ביקסן געדראָעט די אַרעסטירטע און האָט מיט א ספּעציפיש־אָסטראָג־ווירלעכער אָפּגעטריבן זיי פון די פענצטער.

מיט א פּאַמעלעכן סקריפּ האָבן זיך פאַנאַנדערגעעפנט די שווערע אייזערנע טויערן פון אָסטראָג. דורך א פינצטערן קאָרידאָר אונטער דער ערד, וווּ עס האָבן קוים געפינקלט די פייערלעך פון לאַמטערנעס אין פון דער זייט האָבן זיך געפונען קאַרצערן און פאַרשיידענע צימערלעך, האָט מען אויסגעפירט ניע־

ווידנע אינ א ווינקל־טורעמ. מענ איז דורכגעגאנגענ דעמ קאָרידאָר, מע האָט זיכ א קערעווע געטאָנ אינ אנ ענגנ דורכגאנג צווישנ גראָבע געמויערטע ווענט, מענ איז דורכגעגאנגענ נאָכ א טיר אונ ניעווידני האָט זיכ אפיניעט אינ א קייַלעכדיקער קליינער קאמערע. אינ קאמערע איז געווענ פוסט, קאלט אונ פייַכט. אפנ צעמענטענעמ דיל איז געשטאנענ א הילצערנער טאפטשאנ, אונ אינדער־הויכ איז געמאכט געוואָרנ א ניט קיינ גרויסער פענצטער, וועלכע איז געווענ פארקלאפט מיט אייַזערנע גראטעס. דורכנ פענצטער האָט זיכ קוימ דורכגעשלאָגנ די שייַנ אינ דער קאמערע, די טורמע־וועכטער זייַנענ ארויסגעגאנגענ. עס האָט א קלאפ געטאָנ דער שליסל אינ שלאָס, די טיר האָט זיכ שווער פארמאכט אונ ניעווידני איז געבליבנ אליינ, אנ אָפגעשניטענער פונ דער וועלט, פונ מענטשנ אונ פרייַהייַט. ער האָט זיכ צוגעזעצט אפנ הילצנ טאפטשאנ, האָט זיכ ארומגעקוקט... ווייַטער איז ניטאָ וווהינ. אנ עק!

ניעווידני האָט זיכ ניט געטרייסט מיט קיינ שומ אילוזיעס. א שרעקלעכער אומעט, האָט אימ אָנגענומענ. איינינקער אליינ, קיינ לעבעדיקער נעפעש איז ניטאָ. א שוידערלעכע שטילקייַט אונ אינ דער דאָזיקער שטילקייַט האָבנ ארומגעשוועבט ווייַטע פארטויבטע קלאנגענ אונ האָבנ זיכ דאָרט פארלאָרנ. דאָרטנ אינ האָמעלשטשינע איז פארבליבנ אנ אלטע מאמע. נאָכ קיינמאָל אינ לעבנ האָט ער ניט געפילט אזא שארפנ ראכמאָנעס צו איר, ווי אינ דעמ דאָזיקנ מאָמענט. זי האָט זיכ אזוי געטרייסלט איבער אימ, זי האָט זיכ אזוי געסטארעט אייַנהיטנ אימ. צוויי זינ אירע זייַנענ אומגעקומענ אינ דער אימפעריאליסטישער מילכאָמע, צוויי טעכטער האָבנ כאסענע געהאט אונ צעשטאָרבנ. איצט איז זייַנ ריי. אונ די מאמע בלייַבט איינינקע אליינ אפ דער וועלט, איבערלעבנדיק די קינדער אונ דעמ מאנ, דעמ שווארצארבעטער. זי האָט ניט געזענ קיינ פרייד אינ איר לעבנ אונ זי ווייס ניט, אז ער, איר לעצטער זונ, איר פרייד אונ לעצטע פארבינדונג אירע

מיטן לעבן, זיצט איינער אליין אין אָט דעם דאָזיקן קייוער... גע־צײלטע טעג און עפּשער שאָען טײלן אים אָפּ פון פינצטערן, שווערלעכ־פּוסטן און שטומען ניט־זײַן.

ער האָט אָנגעשפּארט דעם קאָפּ אין די הענט. א שטראָם פון שארפן ווייטעק און לײַדן האָט אים ארומגעכאפּט און פארדרייט אין זײַנע מוטנע כוואליעס... אוועק, אוועק פון מיר, שוואכקײַט און קליינמוטיקײַט! ער גיט זיך א ריס פונעם טאפּטשאן. זײַן פּנים ווערט גרויזאם און שטרענג. מיט שטײַפע טריט גייט ער ארום איבער דער קאמערע. איינס, צוויי, דרײַ. איינס, צוויי, דרײַ. די קאמערע איז אַן ענגע, דרײַ טריט און מע דארף שוין אפּצוריק. דאָס ארומגיין און באוועגונג האָט אײַנגעהאלטן זײַנע נערוון, ער האָט זיך אביסל בארויִקט. ער טראכט וועגן דעם, וואָס טוט זיך דאָרטן, אף פּאָליעסיע, ער טראכט, אין וואָס פארא מאָס עס וועט זיך אָפּרופן זײַן ארויסגיין פון סטרוי אף דער באנצער ארבעט. די ארבעט וועט זיך ניט אָפּשטעלן. זײַן אָרט וועלן פארנעמען צענדליקער, הונדערטער, טויזנטער נײַע קעמפער, וועלכע זײַנען געבאָרן געוואָרן אינעם שטורעם פון מילכאָמע און רעוואָליוציע, טויזנטער נײַע זייער פון שטורעם און קאמף.

לאנג איז ער ארומגעגאנגען און האָט געטראכט. א פארמאַ־טערטער פונעם ארומגיין, פון די געדאנקען און פון אלץ, וואָס ער האָט דורכגעלעבט פאר דער לעצטער צײַט, האָט ער זיך צו־געלייגט אפן טאפּטשאן און איז אנשלאָפן געוואָרן מיט א שווערן שלאָף פון א מענטשן, וועלכער איז אויסגעמאטערט מאָראליש און פיזיש.

דאָס סקריפּן פונעם שליסל אין שלאָס האָט אופגעוועקט ניע־ווידבען. ער האָט גלײַך אופגענומען אָט די דאָזיקע גאנצע שרעקלע־כע ווירקלעכקײַט. אין קאמערע זײַנען ארײַן דרײַ טורעמשטשיקעס.

— אנו, הייב זיך אוף! — האָט אים איינער געגעבן א שטויס בעטאָן.

מע האָט אים אוועקגעפירט אפן פארהער.

מיט גרויס אינטערעס האָט ניעווידני געקוקט אַפ די אויספאָר־שער. כארא הערכלנכע זיי זײַנענ. דאָס זײַנענ דווטכיקע פיאוקעס. זיי וועלנ אויסצאפּנ דעם זאפט פונ זײַנ מארכ, פונ זײַנע נערוונ. געווענ זײַנענ זיי זאלבענאנד. איינער האָט זיכ געגרייט פאר־שרײַבנ. דער צווייטער וועט אויספאָרשנ. ניעווידני האָט א קוק געטאָנ אַפנ שרײַבער אונ א טראכט געטאָנ: „קיינ כאכ וועסטו ניט האָבנ וואָס צו שרײַבנ". ער האָט זיכ גלײַכ אָוועקגעשטעלט פּײַנטלעכ צום פאר־העער אונ האָט געגובענ א קורס אַפ וואָס ווייניקער ריידנ אונ גאָרניט ניט דערציילנ וועגנ דעם, וואָס זיי וועט אמערסטנ אינטערעסירנ.

— ווער ביסטו אונ ווי איז דײַנ פאמיליע?—איז געווענ די ערשטע פראגע.

— א רעוואָליוציאָנער. קיינ פאמיליע האָב איכ ניט.

— ניעווידני—דאָס איז דײַנ פּסעוודאָנים?—האָט א פרעג געטאָנ דער אויספאָרשער.

— אזוי רופ איכ זיכ אַליינ.

— אונ די פאמיליע ווילכטו ניט זאָגנ?

— איכ האַלט, אז דאָס איז איבעריק.

— וואָס איז איבעריק אונ וואָס ניט איבעריק, דאָס איז שוינ ניט דײַנ זאכ צו אורטיילנ.

— איכ האָב געמיינט, אז אינ דער „דעמאָקראטישער" פּריצי־שער פוילנ האָבנ אַלע רעכט צו אורטיילנ,—האָט אירָאָניש באַ־מערקט ניעווידני.

— וואָס דערלויבט איז דעם וואָיעוואָדע, איז נאָכ ניט דער־לויבט דיר, כבארקאכש,—האָט אזוי רויִק געענטפערט דער אויספאָרשער.

— אנ עכט „דעמאָקראטישער ווערטל",—האָט זיכ צעלאכט ניע־ווידני.

דער אויספאָרשער האָט אָנגעהויבנ אינ קאעס ווערנ.

— מיר האָבנ וועגנ דיר א גרויסנ דאָקומענטאַלנ מאַטעריאַל, — האָט ער אָנגעהויבנ — דײַנע פאַרברעכנס זײַנענ אונדז גוט באַוווּסט און עס איז ניטאָ קיינ שום זינ אָפּצולייקענענ דאָס. מיר ווייסנ, אַז אַפ דער טעריטאָריע פונ פוילנ, אַפ דער טעריטאָריע, וועלכע עס האָט דע־אָבערט די פוילישע אַרמיי, האָסטו געפירט אַנ אונטערירדישע, פאַרברעכערישע אַנאַרכאָ־באָלשעוויסטישע אַרבעט, וועלכע איז געווענדעט אַפ אַראָפּרײַסנ די פוילישע מאַכט, אַנ אַרבעט אַפ אָרגאַניזירנ פויערישע באַנדעס פאַר א באַוואָפנטנ אויפשטאַנד, אַפ אונטערצינדנ מאַיאָנטקעס און אַפ טעראָר בענעגײַע די געוועזענע באַויצער און דער אַדמיניסטראַציע פונ דער פוילישער מאַכט. דערבײַ האָסטו אָט די דאָזיקע פאַרברעכערישע טעטיקײַט געפירט אינ א ראַיאָנ, וועלכער איז דערקלערט געוואָרנ אַפ קריגס־צושטאַנד. די שווערקײַט פונ דער שטראָף פאַר אָט די אַלע פאַרברעכנס קאָנ פאַרקלענערט ווערנ, אויב דו וועסט זאָגנ, ווער זײַנענ דײַנע כאַווײרים.

— איר ווילט עס וויסנ? — האָט א פרעג געטאָנ ניעווידני.

— יע.

— כאַווײרים האָב איכ אַסאַך. ווענ איכ וואָלט אָנגערופנ יענע, וועלכע איכ ווייס פונ־ווײַטנ, וואָלט דאָס געדויערט עטלעכע מיליאָנ־ביליאָנ פונ זיי אַליין. מײַנע כאַווײרים — דאָס איז דאָס גאַנצע פאָלק, וואָס איז אויפגעשטאַנענ קעגנ דעם סאָציאַלנ אומרעכט, קעגנ דער אייביקער אונטערדריקונג און עקספּלואַטאַציע, דאָס איז די מיליאָניקע מאַסע פונ דעם אַרבעטנדיקנ פויערטום און פונ די אַרבעטער, מײַנע כאַווײרים — דאָס זײַנענ די מיליאָנעס אונטערדריקטע פונ פוילנ...

— בײַ אונדז איז דאָ ניט קיינ באָלשעוויסטישער מיטינג, — האָט ביעווידנע אָפּגעשטעלט דער אויספאָרשער: — שוינ צופיל זײַנענ פאַראַנ אַזעלכע כאַווײרים. אונדז טאַקע אינטערעסירנ פונקט יענע, וועלכע דו קאָנסט פערזענלעכ, די אָנטיילנעמער פונ דײַנ פאַרברעכערישער טעטיקײַט.

— איך וועל זאָגן פּאַשעט און קאַטעגאָריש: איך וועל זיי נים ארויסגעבן און איך וועל זיי ניט אָנרופן.

דער אויספאָרשער האָט א בלאַנק געטאָן מיט די אויגן.

— אכוצ ווערטער־שפּראַכ, איז בא אונדז דאָ נאָכ א שפּראַכ פון אנדערע מיטלען.

— איך האָב געהערט פון איר און ווייס איַער שפּראַכ פון „אנדערע מיטלען".

דאַן האָט דער אויספאָרשער געזאָגט:

— גיב פּאָרט א קלער, מיר גיבן דיר צען מינוט אפּ באַטראַכטן זיכ.

ניעווידנען האָט מען ארויסגעפירט אין קאָרידאָר.

אין צען מינוט ארום האָט מען אים ווידער אריַנגעפירט אפן פאַרהער. אפ דער פראַגע פון דעם אויספאָרשער וועגן די רעזולטאַטן פון זיַין באַטראַכטן זיכ, האָט דער גרויזאַמער, רויִקער און שטאָלצער ניט הויכער שטשופּלער מענטש, דער זייער פון שטורעם און קאַמפּ געזאָגט:

— טרעט שוין צו צו איַער שפּראַכ פון „אנדערע מיטלען", מער וועל איך איַיך גאָרנישט ניט זאָגן.

און ניעווידני האָט אויסגעהאַלטן וואָרט. ער האָט געשוויגן ווען מע האָט אים געשלאָגן, א וואָרפ געטאָן אפן קויטיקן דיל פון קאַזעמאַט, געקלאַפּט און געקנאָטן מיט די שווערע שטיוול; ער האָט געשוויגן, ווען מע האָט איַינגעשטשעמעט זיַינע הענט צווישן ברעטער ספּעציִעל צוגעפּאַסטע, מע האָט געריסן זיַין לײַב, געצויגן אים זיַינע אָדערן און ביינער. ער האָט זיכ פאַרוואַנדלט אין א מענטשן א ניט לעבעדיקן, א מענטשן, וואָס האָט פאַרלאָרן פילבאַרקיַיט און זינען. מע האָט אים אָפּגעגאָסן מיט וואַסער, ווידער געמוטשעט, און ער האָט נאָר געסקריִעט מיט צונויפגעדריקטע ציינער, אָבער ער האָט ניט ארויסגעזאָגט קיין איין וואָרט. זיַינע הענקער, אָנגעפּרעסענע, אָפּגעקאָרמעטע מענטשן,

וועלכע האָבן פארלאָרן שוין דעם מענטשלעכן פארצעפ, האָבן זיך געפילט ווי געשלאָגענע הינט.
אפן דריטן טאָג, ווי נאָר ס'האָט אָנגעהויבן טאָגן האָבן די געפאנגענע קאָרבאַנעס אין דער אלטער צארישער טפיסע דער־הערט א טומל אין דער ווינקל־קאמערע. צענדליקער בלאסע שאָטנס פון מענטשן האָבן זיך צוגערוקט צו די גראטעס פון טפיסע, האָבן זיך איינגעקוקט אין דער פינצטערער גרופע פון די מענטשלעכע סילועטן, וועלכע האָבן ארויסגעפירט אפ יענער זייט טויער פון טורמע א גיט הויכן דארן מענטשן אפן לעצטן עטאפ פון זיינע יעסורים.
דער ניט הויכער דארער מענטש האָט באמערקט די בלאסע שאָטנס אין די פענצטער פון טורמע. ער האָט אין זיך געפונען קויעך הויך א זאָג טאָן צו זיי:
— זייט געזונט, כאווערים! זאָלן לעבן די סאָוועטן!

## XXXVI

ווען די טיילן פון דער רויטער ארמיי זיינען אריבער דעם פריפעט און זיינען שוין צוגעגאנגען צו די דערפער פרימאקי און וועפרי, האָבן וואסיל בוסיגא און זיינע גוטע ברידער איבער־געלעבט אומרויקע טעג. די ניט שטאנדהאפטיקייט פון פראָנט, דער אלץ גרעסערער און ברייטערער מאסשטאב פון די פארטיי־זאנישע אָפעראציעס, זייער סטיכיישער וווקס,—דאָס אלץ האָט געצוווּנגען דעם וויט און זיין כאַווריי קראצן פארזאָרגט די פאטיליצעס און פארטראכטן זיך, צו וואָס עס קאָן ברענגען זייער כאווערן זיך מיט די פאנעס. און וואָס וועט טאקע זיין, ווען די פאנעס וועלן פארשפילן? צוגלייך מיט דעם, ווי עס האָט זיך גע־וואקלט דער פראָנט, האָט זיך געוואקלט אויך זייער שטימונג. זייערע געפאלענע שטימונגען פלעגן דורכגיין, ווען די פאָליאקן פלעגן ביי־קומען, זייער שטימונג האָט זיך באַ־זונדערס אופגעהויבן דעמלט, ווען די טיילן פון דער רוי־

טער אַרמיי זײַנענ געצוווּנגענ געווענ ווידער אָפּטרעטנ אפ יענער זײַט פּריפּעט אונ ווענ עס איז אָנגעקומענ א ידיִע, אַז די פּאָליאַקנ האָבנ גענומענ קיִעוו. נאָכ פריילעכער זײַנענ געוואָרנ ברוי אונ בירקא, ווענ דער ווייט האָט געבראַכט א ידיִע, אַז קעגנ די פּאַרטיזאַנער פונ דעמ אַלטנ טאַלאַשנ שיקנ די פּאָליאַקנ אַרויס מיליטער, וואָס אינדערעפּיצ פונ אימ שטעלט זיכ דער פּאַוויאַט־„קאָמיסאַרוש" פאַנ קרוליעווסקי אַליינ. פאַנ קרוליעווסקי איז אַנ אָפּיצער. ער ווייס גוט דעמ אָרט אונ זײַנ מאַיאָנטעק האָט דאָכ אויכ באַלויכטנ דעמ הימל אינ יענער שרעקלעכער נאַכט. דערפאַר טאַקע וועט פאַנ קרוליעווסקי זיכ א כטאַרע טאָנ.

די ידיִע וועגנ פאַנ קרוליעווסקיס שטראָפּ־באַטאַליאָנ איז דערגאַנגענ צומ אַלטנ טאַלאַשנ אונ זײַנע פּאַרטיזאַנער. די פּאַרטיזאַנער האָבנ געהאַט א גענויע אינפאָרמאַציע וועגנ אַלצ, וואָס זייערע סאָנימ טוענ. יעדער פּוילישער אָנפאַל, יעטווידער עקזעקוציע, יעדער מאָל אַרויסרײַסנ עסנוואַרג אונ שכײַערנ, יעדער מאָל, וואָס עס פלעגנ באַווײַזנ זיכ ערגעצ אינ א דאָרפ פונ דער פּוילישער פּאָזיציע, פּוילישע סאָלדאַטנ,— דאָס אַלצ פלעגט זײַנ באַוווּסט די פּאַרטיזאַנער אונ זיי פלעגנ רעאַגירנ אפ דעמ אַלצ מיט פלוצלונג באַווײַזנ זיכ דאָרט, ווו מע האָט אפ זיי ניט געוואַרט.

אינ א טיפנ וואַלד, וואָס איז אַרומגערינגלט מיט ניט צוטריטלעכע בלאָטעס, האָבנ געמאַכט א באַראַטונג די פּאַרטיזאַנישע אַטאַמאַנענ אונ זייערע אָנגעזעענסטע באַהעלפער. דער אַלטער טאַלאַש האָט גערעדט צומ פּאַרטיזאַנישנ מיליטער:

— כאַווײרימ! עס רוקט זיכ אָנ אפ אונדז אַנ אומגליק. די פּוילישע גענעראַלנ שיקנ אפ אונדז מיליטער — א גאַנצנ באַטאַליאָנ. אונ פאַר א קאָמאַנדיר האָט מענ אַוועקגעשטעלט דעמ פאַנ קרוליעווסקי אונ געזאָגט האָט מענ אימ — טו וואָס דו ווילסט, נאָר זייער מיליטער זאָלסטו פאַרניכטנ ביז איינ מענטשנ. אונ זייער אַטאַמאַנ דעמ אַלטנ טאַלאַשנ אונ נאָכ דאָרטנ אַנדערע קאָמאַנדירנ ברענגט צופירנ לעבעדיקע. אָט, כאַווײרימ, מיט וואָס עס גייט

אפ אונדז דער פאנ קרוליעווסקי. בא זײַנ טאטנ האָב איכ גע־פּאשעט די פי אונ דער זונ וויל, אז איכ זאָל אפ דער עלטער א פּאשע טאָנ די פריצישע לײַו אינ אָסטראָג אונ דערנאָכ איז־דיעקעווענ זיכ איבער מיר אונ איבער אנדערע אונדזערע קאָמאנ־דירנ אונ דעמלט ערשט דערהארגענענ אונדז.

— א מאקע זיי אינ די זײַטנ! —האָט זיכ פונ פּארטיזאנישנ אוילעמ ארויסגעריסנ א שטימ, וועלכע איז פול געווענ מיט קאעס אונ אופרעגונג.

— איז ווי זשע זאָל זײַנ, כאוויירימ? —דער אלטער טאלאש וויל וויסנ די שטימונג פונ זײַנ מיליטער.

— ארויסהארגענענ זיי ווי מעשוגענע הינט!

— אונ דעמ פאנ קרוליעווסקי אפ אנ אסינע אופהענגענ! —האָט א שטורעמ געטאָנ דער פּארטיזאנישער אוילעמ.

— איז וועלנ מיר מילכאָמע האלטנ?

— מילכאָמע האלטנ, שלאָגנ זיכ ביזנ לעצטנ מענטשנ!

— גוט, גוט, כעוורע! אדאנק אײַכ כאוויירימ! איז וועלנ מיר טאקע מילכאָמע האלטנ. מיר האָבנ שוינ אונדזערע פּלענער, ווי מילכאָמע צו האלטנ. אָבער דאָ וועל איכ אײַכ ניט זאָגנ וועגנ זיי. א סאָסנע קאָנ אויכ האָבנ אויערנ.

— מיר גלויבנ, באטינקע, דיר אונ אונדזערע קאָמאנדירנ.

דער אלטער טאלאש האָט אראָפּגענומענ דאָס היטל אונ האָט א בלאנק געטאָנ מיט זײַנ פּליכעוואטנ קאָפּ.

— איז סטארעט זיכ טאקע, כעוורע! קוקט גוט, הערט זיכ אײַנ וואכזאמ אונ טוט אלצ, וואָס עס וועלנ אײַכ זאָגנ די קאָ־מאנדירנ.

— מיר וועלנ קוקנ, וועלנ פאָלגנ אונ טאָנ אלצ אזוי, ווי מע וועט אונדז זאָגנ, —האָבנ זיכ אָפּגערופנ אלע פּארטיזאנער ווי איינער.

געהיימ האָט דער פאנ קרוליעווסקי געלאָזנ זיכ אינ מארש אינדערשפּיצ פונ זײַנ באטאליאָנ בא פיר לײַכטע הארמאטנ מיט קוילנווארפער. געפאָרנ איז ער שטאָלצ, מיט א טראסק, ווי א

באַדימטער קריגס־העלד. פּונקט ווי עס וואָלט געטאַנצט אונטער אים זײַן הניאַדער פערד, אויסגעבויגן זײַן עלאַסטישע האַלדז ווי אַ שוואַן. פאַן קראָליעווסקין האָט זיך געדוכט, אַז אויף אים קוקט איצט די גאַנצע וועלט און זײַן גײַוועס איז געווען אָן אַ בו׳עג.

ניט דערגייענדיק צו וועפּרי, האָט זיך דער באַטאַליאָן אָפּגע־שטעלט. דער באַטאַליאָן האָט געהאַט אַ זעקס הונדערט סאָלדאַטן. פאַן קראָליעווסקי האָט צונויפגעקליבן די אָפיצערן און האָט זיי גענוי איבערגעגעבן זײַן סטראַטעגישן פּלאַן, האָט צעטיילט די פּאָזיציע, געגעבן יעדער אָפּטייל אַ שלאַכט־אויפגאַבע, האָט באַ־שטימט אַ פּונקט, צו וועלכן עס דאַרף זיך באַוועגן דער באַ־טאַליאָן, וועלכער איז צעטיילט געווען אויף דרײַ טיילן, האָט גע־געבן גענויע אינסטרוקציעס יעטווידער נאַטשאַלניק, האָט זיך גע־זאָרגט וועגן דעם, אַז עס זאָל זײַן אַ צוזאַמענבונד צווישן באַ־זונדערע אָפּטיילן. מיט איין וואָרט, ער האָט גאָרנישט ניט פאַר־געסן. אָפּגעבנדיק די דאָזיקע באַפעלן, האָט פאַן קראָליעווסקי אַליין אָנגעהויבן איבערצײַגן זיך, אַז ער איז ניט נאָר אַן עמעסער קאָמאַנדיר פון באַטאַליאָן, נאָר אַז ער וואָלט געקאָנט קאָמאַנדע־ווען מיט אַ דיוויזיע און עפּשער נאָך בעסער ווי מיט אַ באַטאַליאָן. זײַנע מילכאָמע־פאַנטאַזיעס וואָלטן געהאַט אַ גרעסערן שוווּנג.

דער באַטאַליאָן איז אומיטלבאַר אַריבער אויף דער לאַגע פון פאַנאַנדערגעוויקלטע שלאַכט־טײלן, וועלכע זײַנען גרייט אָנהייבן אַ שלאַכט, כאָטש דעם סוינע האָט מען נאָך ניט געפונען. די אויפגאַבע, וועלכע דער פאַן קראָליעווסקי האָט געשטעלט פאַרן באַטאַליאָן, איז געווען אַזאַ: אַרומנעמען מיט „אײַזערנע לאַפּעס" דעם געדיכטן וואַלד אונטער פּריפּעט, וווּ עס האָבן זיך באַהאַלטן די פּאַרטיזאַנער, אַז קיינער פון זיי זאָל ניט קענען אַרויסגיין פון דאָרט. דער באַטאַליאָן איז שטילערהייט באַנאַכט דורכגע־גאַנגען אַרום פּרימאַקי און וועפּרי און האָט זיך באַהאַלטן אין וואַלד, אַרויסגעשטעלט אַ וואַכטע און אַ קאַראַול און אין אַ שלאַכט־אָרדענונג זיך אָפּגעשטעלט נעכטיקן אין וואַלד.

אויסבאהאלטנדיק זיך אינדערהיים, האָט סאָווקע מילהויז דער־הערט וועגן דעם שטראָף־באַטאַליאָן. די מוירע ער זאָל זיך ניט פאַקן צו די פּריצים אין די הענט, האָט אים געצוווּנגען אוועקגיין אין וואַלד. אין יענער נאַכט האָט ער זיך אויסגעקליבן, אַרײַנגעלייגט ברויט אין טאָרבע און אין האַלבער נאַכט האָט ער זיך געלאָזן אין וועג אַרײַן. שוין באַם וואַלד האָט אים אַ וועכטער אַ רוף געטאָן און געהייסן אָפּשטעלן זיך. „אַ יאָלד געפונען!" האָט באַ זיך אַ טראַכט געטאָן סאָווקע און האָט אַזוי אַ שמיץ געטאָן אין וואַלד אַרײַן, אַז אַ ווינט האָט זיך צעפּײַפט אַרום די אויערן. דער סאָלדאַט האָט אויסגעשאָסן, סאָווקע איז אַזש אונטערגעשפּרונגען פאַר שרעק, אָבער גלײַך האָט ער זיך אַליין אַ זאָג געטאָן: „אַ קרענק וועסטו טרעפן". באַגינען איז ער שוין געווען ווײַט פון פּרימאַקי און איז געזעסן אין אַ לאָך פון אַן אַלטן דעמב. דאָס דאָזיקע באַהעלטעניש איז אים שטאַרק געפעלן געוואָרן. אים איז נאָר אײַנגעפאַלן אַ שרעקלעכער געדאַנק: און וואָס וועט זײַן, אַז די פּאָליאַקן וועלן אונטערצינדן אָט דעם דאָזיקן בוים? סאָווקע האָט ניט געהאַט קיין פּינקטלעכן אָנגעמערקטן פּלאַן. פּלענער און קאָמבינאַציעס פּלעגן באַ אים דער־שײַנען פּלוצלונג אונטער דער ווירקונג פון די אָדער יענע געשעענישן. אַזוי איז טאַקע איצט אויך געווען: ער וואָלט אין וואַלד ניט אוועקגעגאַנגען און וואָלט ניט פאַרקראָכן אין אָט דעמדאָזיקן בוים, ווען ניט די מײַסעס מיטן שטראָף־באַטאַליאָן. זיצנדיק אין לאָך פון עם דעמב, האָט ער באַטראַכט אַ שפּאַרונע, דורך וועלכער ס'האָט קוים־קוים דורכגעשלאָגן זיך אַ שטיקל ליכטיקייט פונעם פרילינגדיקן פרימאָרגן. אין דעם אָרט איז אַמאָל געווען אַ סוק. איצט איז ער צעפוילט געוואָרן. סאָווקע האָט דורכגעקלופּעט מיט אַ מעסער אַ שפּעלטל און האָט געמאַכט אַזוי, מע זאָל קענען זען, וואָס עס טוט זיך אין וואַלד.

דעם ערשטן טאָג האָבן די שלאַכט־אָפּעראַציעס פון פּאַן קרוליעווסקיס באַטאַליאָן ניט געגעבן קיין שום רעזולטאַטן. די אויס-

שפּירונג, וועלכע מע האָט אַרויסגעשיקט אין וואַלד, האָט זיך ניט אומגעקערט. צי זי האָט זיך פאַרבלאָנדזשעט אין וואַלד, צי זי האָט זיך געפּאַקט צו די פּאַרטיזאַנער, צי זי האָט פּאַשעט דעזערטירט—דאָס איז געבליבן אומבאַוווּסט. דער פאַן קרול־ליעווסקי האָט אָפּגעגעבן דעם באַטאַליאָן א באַפעל א רוק טאָן זיך טיפער אין וואַלד און פאַרנעמען נײַע פּאָזיציעס. ער אַליין מיט זײַן שטאַב און מיט זײַן אָפּטייל, מיט וועלכן ער האָט אַר־מיטלבאַר אָנגעפירט, האָט פאַרנומען דעם צענטער פון דער פּאָ־זיציע. איין גרופּע מיליטער האָט ער געהייסן פאַנאַנדערשיטן זיך אין א שלאַכט־קייט, אַרומכאַפּן איין פליגל פונעם געדיכטן וואַלד באַם פּריפּעט און דורכגיין אים, האַלטנדיק די ריכטונג אויפן צענטער פון דער פּאָזיציע. דער פאַן קרוליעווסקי האָט גע־רעכנט, אַז ווען די שלאַכט־קייט וועט דורכגיין דעם וואַלד, וועט ער אָנשרעקן די פּאַרטיזאַנער און זיי וועלן אַנטלויפן אַפּ צווייטן פליגל, מיטן וועג, וואָס ער האָט פאַרנומען מיט זײַן מיליטער. אָט דאָ, האָט ער געמיינט, וועלן זיי כאַפּן די עמעסע באָד. אזא מאַנעוור האָט געפּאַסט מער אין נעיעג אַפּ האָזן, אין וועלכן דער פאַן קרוליעווסקי איז געווען א ספּעץ, אָבער ניט אַפּ מילכאָמע־האַלטן מיט פּאַרטיזאַנער. אויך דער צווייטער טאָג האָט ניט געבראַכט די געווונטשענע באַגעגעניש, אָבער אין דעם טאָג האָט זיך געטראָפן עפּעס זייער א אינטערעסאַנטע זאַך, וואָס האָט צוגע־זאָגט א רײַכן שניט אַפּן פעלד פון מילכאָמע: די אויסשפּירונג האָט פאַרהאַלטן אין וואַלד עפּעס זייער א מאָדנעם מענטשן א בעט־לער צי גלאַט א טאַמעוואַטן. געזעסן איז ער באַם וועג אונטער א בוים, האָט זיך אײַנגאַנצן געטרייסלט פון שרעק. אַן אָנגעטאָ־נענער אין שמאַטעס, אַן אומגעהאַנגענער מיט טאָרבעס, מיט א לאַנגן שטעקן פון א נוס־בוים אין האַנט, האָט ער דערמאָנט עפּעס א וואַלד־גנאָם, און באַזונדערס איז בא אים געווען א מאָדנע גראָע בערדל.

— ווער ביסטו?—האָבן אים געפרעגט די סאָלדאַטן?

— קיינער ניט. א מענטש.

— פונוואנען גייסטו?

— פון פעטריקאָוו.

— וווהין גייסטו?

— ערגעץ ניט.

— איז וואָס־זשע טרייסלסטו זיך?

— מע האָט מיך אָנגעשראָקן?

— ווער האָט דיך אָנגעשראָקן?

— כ'ווייס ניט: עפשער מ[illegible]נטשן. עפשער שיידים.

האָט מען אים אוועקגעפי[illegible]ט צום פאן קרוליעווסקי.

— סקאָנט טי יעסט (פו[illegible] וואַנען ביסטו)?—האָט אים א פרעג געטאָן דער פאן קרוליעווסקי.

— הא?—האָט דער אלטער ניט פארש[illegible]אנען די פראגע.

— פונוואנען ביסטו?

— פון וואלד, פון וואנען זאָל איך ז[illegible]ן?—האָט רויִק געענטפערט דער אלטער און האָט עטלעכע מאָל אויסגעשפּיַען. ער האָט אראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ און האָט קענטיק פאר זיך עפּעס געטראכט.

— דו האָסט דאָך געזאָגט, אז דו גייסט פון פעטריקאָוו?

— נו, יע, פון פעטריקאָוו—האָט מיטן קאָפּ א שאָקל געטאָן דער אלטער.

— און איצט זאָגסטו, אז דו גייסט פון וואלד.

— נו, פון וואלד אויך.

— ווער האָט דיך אָנגעשראָקן?

— מע האָט אָנגעשראָקן, אוי, האָט מען אָנגעשראָקן!—איז לעבעדיק געוואָרן דער אלטער און האָט א פאָר מאָל אויסגעשפּיַען.

— ווער האָט אָנגעשראָקן?

— נו, ווער זשע, זיי, די שיידים... פון זומפּ זיַינען זיי ארויסגעקראָכן. און א זומפּ איז דאָרט א גרויסער! מענטשן גייען דאָרט ניט ארום, ווײַל ווי דו גיסט א טראָט אינעם זומפּ, ווערסטו

שוינ אפ אייביק ניט ארויסקריכנ. ניינ, וועסט שוינ ניט ארויס-
קריכנ.

— דערצייל אונדז גענוי וועגנ זיי. מיר האָבנ קיינמאָל ניט
געזענ קיינ שיידים.

— הער אופ, פאנאָק, פרעגנ וועגנ זיי; ס'וועלנ זיכ נאָכדעם
כאָלעמענ אייַכ בייזע כאָלוימעס.

אָבער דעמ אלטנ האָט מענ איינגערעדט, אז ער זאָל דערציילנ
וועגנ די שיידים.

— גיי איכ מיר אזוי, מייַנע ליבע פאנאָטשקעס,—האָט אָנגע-
הויבנ דער אלטער,—איכ גיב א קוק—עס גייט ארויס איינער אונ
עפעס אזא שרעקלעכער, א שווארצער! אונ אפנ ברוסט בא אימ
זייַנע אָנגעהאנגענ גאנצע פעק פאטשערקעס. פונ אויבנופ מע
זאָל א קוק טאָנ, איז עס דאכט זיכ א מענטש, אָבער ווי קומט
אהינצו א מענטש? אזא כוישעכ, אזא פינצטערניש, אזא העק.
איבערנ וואלד זעט מענ ניט דעמ הימל אונ פונ די זייַטנ איז
בלאָטע אונ אזא זומפיקע, אז נאָר דאָרטנ קענענ זיי טאקע לעבנ.
א שרעק האָט מיכ אָנגעכאפט. איכ קוק אזוי, קוק זיכ אייַנ, אונ
זיי, אז זיי גיבנ זיכ דאָס א לאָז פונ בלאָטע אונ הייבנ דאָס אָנ
צו ראהאָטשענ, דערזעענדיק מיכ—די הויט האָט אפ מיר געצי-
טערט. האָב איכ זיכ א לאָז געטאָנ לויפנ, באהאלטנ זיכ—אונ זיי
נאָכ מיר. שטיי!—שרייַענ זיי. האָבנ זיי מיכ דעריאָגט, האָבנ מיכ
ארומגערינגלט. אונ מיר איז אינ די אויגנ פינצטער געוואָרנ.—
„ווער ביסטו? ווהינ גייסטו? ווער האָט דיר צוגעשיקט אהער?"—
אונ האלטנ אינ איינ טייַנענ—וויַאזוי האָב איכ זיכ דאָס צו זיי
אינ גענעמ געפאקט. מענ האָט מיכ אָפגעלאָזנ... „גיי, זאָגנ זיי
אונ זע אָבער זאָלסט קיינעמ ניט דערציילנ, וואָס דו האָסט דאָ
געזענ. וועסטו דערציילנ—וועלנ מיר דיכ אינ זומפ ארייַנוואַרפנ"
אונ ווי נאָר זיי האָבנ מיכ אָפגעלאָזנ, האָב איכ זיכ דערמאָנט,
אז איכ בינ דאָכ א קריסט. האָב איכ זיכ אָנגעהויבנ צײלעמענ
אונ מאָליענ זיכ...

רײַגסט, פלוידערזאק!—האָט עשריי געטאָן דער פאַן קרוליעװוסקי און האָט געכאַפּט דעם אַלטן פאַרן באָרד. דעם אַלטנס באָרד איז געבליבן אינעם פאַרעצם האַנט.

— װאָס װעסטו איצטער זאָגן?—האָט אים א פרעג געטאָן פאַן קרוליעװוסקי און א רוק געטאָן אין נאָז דעם אָנבאָרדיקן אַלטן מאַן דעם יאַדלאָװנג מאָכ.

דער איבערגעטאָנענער פּאַרטיזאַן האָט געשװיגן.

— דו ביסט געקומען שפּיאָנעװען, זײַ זיך מודע, לײַדעק.

— פאַנאָק, איך בין זיך מודע,—האָט זיך א װאָרפּ געטאָן אין די פיס דעם פאַן קרוליעװוסקי דער דעמאַסקירטער פּאַרטיזאַן: מע האָט מיך געשיקט אױסשפּירן. איז אָט טראַכט איך בא זיך, איך װעל טאַקע אװעקגיין, אָבער װעל צוריק ניט קומען, װעל אַנטלויפן אַהײם און װעל דאָס אַלץ לאָזן. ניט שוין־זשע קאָנען מיר, פּראָסטע מוזשיקעס, מילכאָמע האַלטן מיט אַזא מי־ליטער, װי דאָס פּױלישע? און װען מיר האָבן זיך דערװוּסט, אַז קעגן אונדז גייט דער פּאָלקאָװניק פאַן קרוליעװוסקי אַליין, איז אַפּ אונדז אָנגעפאַלן אַזא איימע, און אונדזער מיליטער האָט זיך אָנגעהױבן פאַנאַנדערלויפן. און די איבעריקע האָבן זיך פאַרוקט אין אַזעלכע לעכער, אַז זיי װעלן גיכער פון הונגער צעפּייגערן, איידער מע װעט זיי דאָרטן געפינען.

— א, הינטישע מוטער! איצט ערשט האָבן זיי זיך געכאַפּט צום סייכל,—האָט זיך ניט אײַנגעהאַלטן פאַן קרוליעװוסקי, אָבער ער איז גלײַך װייכער געװאָרן, דערהערנדיק אַזא אַטעסטאַציע דעם פּױלישן מיליטער, אַז אים האָט מען אָנגערופן פּאָלקאָװ־ניק,—ער האָט געהאַט א טשין פון א קאַפּיטאַן.

— איז צוליב װאָס זשע האָסטו זיך איבערגעטאָן פאַר א בעטלער?

— פאַנאָטשעק, איך האָב געמיינט, אַז א בעטלער װעט מען ניט פאַרהאַלטן. אַסאַך בעטלערס גייען אַרום איצטער.

— איך גלויב ניט, פּסיא קרעװ!

— פאנאָק! איך זאָג דעם עמעס! זאָל איך די וועלט ניט זען, די קינדער זאָל איך ניט דערהארן זען, אויב איך ליַיג. עס איז מיר נימעס געוואָרן דאָס אלץ.

— און דו וועסט מיר וויַיזן דעם אָרט, ווו עס באהאלטן זיך איַיערע באנדיטן!

— איך האָב מוירע, פאנאָק! זיי וועלן מיך סיַיווי דערהארגענען, ווען זיי וועלן זיך דערוויסן. איך וועל בעסער דערציילן, ווי מען גייט אהין.

— ניין, דו מוזט אונדז אליין באוויַיזן זייער נעסט,—איז ניט אָפּגעטראָטן פאן קרוליעווסקי:—וועסט ניט גיין, וועל איך הייסן שיסן דיך דאָ אפן אָרט.

דעם דעמאסקירטן פארטיזאן האָט מען גענומען אונטער א שטרענגער וואכטע. ווי ער האָט זיך ניט געדרייט, אָבער ער האָט געמוזט באוויַיזן דעם אָרט, ווו עס האָבן זיך אָפּגעשטעלט די פארטיזאנער.

אין צוזאמענהאנג מיט דעם האָט פאן קרוליעווסקי צונויפגעשטעלט א נײַעם פלאן. צוויי ראָטעס האָט ער אָפּגעגעבן א באַפעל פארנעמען אלע דורכגאנגען און אליין האָט ער זיך מיט די הויפּט־קויכעס א לאָז געטאָן צו דער זומפיקער בלאָטע, ווו עס האָבן זיך געטוליעט די פארטיזאנער. זיי האָבן זיך גערוקט זייער לאנגזאם. דער פארטיזאן, וועלכן מע האָט גענומען אונטער א וואך, האָט אופריכטיק געוויזן דעם וועג. ניט געטרויענדיק אים, האָט פאן קרוליעווסקי געשיקט אויסשפירן דעם אָרט און די וועגן.

דורכגייענדיק א וויאָרסט פינף, האָט די אויסשפירונג איבערגעגעבן, אז אין וואלד האָט מען געפונען א פרישן שײַטער און אן אויסגעטאָפּטשעט אָרט ארום אים. ארום דעם שײַטער האָט מען אויך געפונען רעשטלעך פון· פארטיזאנישן צובײַסן: סקאָרינקעס ברויט, שאָלעכץ פון קארטאָפל. פאן קרוליעווסקי האָט אליין ארומגעקוקט. דער באגלייטער האָט באשטעטיקט, אז דאָס

איז א פארטיזאנישער שײַטער און האָט אפילע געמאָלדן, אז ניט ווײַט פון דאנען זײַנען פאראן נאָך עטלעכע שײַטערס. אלע זײַנע יעדיעס האָבן זיך באשטעטיקט. די באוועגונג פון מיליטער איז געוואָרן נאָך לאנגזאמער און דער באגלייטער האָט געזאָגט, אז דער אָרט, ווו די פארטיזאנער באהאלטן זיך, איז ניט ווײַט.

און דער וואלד איז געוואָרן וואָס ווײַטער אלץ געדיכטער און געדיכטער. אלץ אָפטער האָבן זיך באגעגנט פארבלאָטיקטע ערטער, פארוואלגערטע מיט אויסגעדרייטע ביימער און פוילע קלעצער. דער פאן קרוליעווסקי אליין, די אָפיצערן און סאָלדאטן, האָבן זיך גאנץ שטארק אָנגעהויבן אופרעגן. אין אזא אָנגעשטרענגטן צושטאנד זײַנען זיי געגאנגען נאָך בא א האלבע שאָ. ענדלעך, האָט דער באגלייטער געגעבן א צייכן, אז מע זאָל זיך אָפשטעלן.

— אָט, דאָרטן! — האָט ער שטיל געזאָגט און האָט באוויזן מיטן האנט אפ א ריינעם אָרט אין וואלד.

פאן קרוליעווסקי האָט אָפגעשטעלט דעם שפיץ פון דער קאָלאָנע און האָט געגעבן א צייכן אונטערצוציען דאָס מיליטער. די אָפיצערן האָבן זיך צונויפגעקליבן ארום זייער נאטשאלניק און האָבן געווארט אפ א פאראָרדענונג. פאן קרוליעווסקי האָט אָנגעהויבן געבן באפעלן די ראָטנע קאָמאנדירן און פלוצלונג האָט א געדיכטער קנאקנדיקער זאלפ פון הינטערטייל און דערנאָך פון דעם רעכטן פלאנג איבערגעריסן די באפעלן. עטלעכע צענדליק סאָלדאטן זײַנען געפאלן. א האָגל פון קוילן האָט מיט א שיפּען פון א שלאנג צעוויעט זיך איבער די קעפּ פון די אָפיצערן, ארויסרײַסנדיק פון זייער גרופּע דרײַ מענטשן מיטאמאָל און האָט זיך אָפּגעקלאפּט אָן די צווײַגן און וואָרצלען פון די ביימער. סאָלדאטן האָבן זיך א לאָז געטאָן ווער וווהין. א טייל האָט זיך צעלייגט אפ דער ערד און זיך באהאלטן אהינטער די ביימער. דער ווזוואָד און די ראָטעס האָבן זיך צעמישט. די דרײַ סאָלדאטן, וועלכע האָבן געהיט דעם באגלייטער, האָבן זיך

אויך א לאָז געטאָן לויפן. אין דער דאָזיקער סומאטאָכע האָט דער פארטיזאנ, וואָס איז געווען איבערגעטאָן פאר א בעטלער,— מארקע באלוק—גליקלעך פארייניקט זיך צו זיינע פארטיזאנער.

פאן קרוליעווסקי האָט זיך געוואָרפן אהין און אהער, איינ־בויגנדיק דעם קאָפּ, האָט עפּעס געשריִען, אָבער קיינער האָט אים ניט געהערט.

דער פּאָרושיק זשילקאָווסקי אליין נאָר האָט ניט פארלאָרן דעם קאָפּ, ער האָט זיך א לאָז געטאָן צו זיין װזװאָד און גע־געבן א קאָמאנדע, אז מע זאָל זיך לייגן און פאנאנדערשיטן זיך אין א שלאכט־קייט. אָבער אין אָט דעם מאָמענט האָט א טרעפ־לעכע פארטיזאנישע קויל אים אליין אוועקגעלייגט אפ דר'ערד און זיין װזװאָד איז ארומגעכאפּט געוואָרן מיט א גרויסער צע־טומלונג און פאניק. אונטער אן אומופּהערלעכן פייער, אין טומ־לעניש און אומאָרדענונג האָבן די פּאָליאקן פארנומען פּאָזיציעס, אָבער די אומבאוווסטע סאָנים האָבן זיי ארויסגעשלאָגן פון די פּאָזיציעס, האָבן זיי ניט געלאָזן פארפעסטיקן זיך. בלויז אין איין אָרט האָט זיך אָפּגעשטעלט א גרופּע סאָלדאטן מיט צוויי אָפיצערן, האָבן צעשטעלט קוילנוואַרפער און געעפנט א שטור־מישן פייער, האקנדיק מיט די קוילן די ביימער פון אלטן וואלד, אָפּהאלטנדיק דעם פארטיזאנישן דראנג.

— פארכאפּן די קוילנוואַרפער! נאָך מיר!—האָט א געשריי געטאָן מארטין ריל. אליין פאָרויס און נאָך אים א מאן דרייסיק פארטיזאנער האָבן זיך א לאָז געטאָן אפ די קוילנוואַרפער. א 20 טריט האָט אָפּגעטיילט מארטין רילן פונעם געווונטשענעם ציל. דער פּוילישער אָפיצער האָט אליין געשאָסן פון קוילנ־וואַרפער. דריי קוילן האָבן זיך איינגעשניטן אין מארטינס ברייטער ברוסט. אין היץ פון אטאקע זיינען די פארטיזאנער אים פארבייגעגאנגען, לאָזנדיק נאָך זיך די כאוויירים, וועלכע דער קוילנוואַרפער האָט ארונטערגעשניטן. זיי זיינען דערלאָפן און האָבן מיט באגנעטן און פריקלאָדן אויסגעהארגעט די קוילנוואַר־

פער־קאָמאַנדעס און דעם פאַרביסענעם אָפּיצער קווילנוואַר־פער.

פון דער צווייטער זײַט האָט זיך אַ פּאַרטיזאַנישער שטראָם אַ לאָז געטאָן אויף פּלאַנג פון די פּאָליאַקן. די פּאָליאַקן האָבן ניט אויסגעהאַלטן, האָבן זיך אַ לאָז געטאָן לויפן, אָבער דעם וועג האָט זיי איבערגעצוימט אַ זומפּיקע בלאָטע. עטלעכע סאָל־דאַטן האָבן פון היץ און שרעק אַ שפּרונג געטאָן אין בלאָטע און זײַנען דורכגעפאַלן אין זומפּ מיט די קעפּ און די פּאַרטיזאַ־נער האָבן אַלץ געדיכטער און ענגער פאַרקוועטשט זייער קרײַז. די סאָלדאַטן האָבן צעוואָרפן די ביקסן, האָבן אויפגעהויבן די הענט אינדערהויך. אַ בלייכער און אַן איבערגעשראָקענער איז געשטאַנען פאַן קרוליעווסקי איינער אַליין פונדערזײַט, האָט ניט אוועקגעלייגט דאָס געווער און ניט אויפגעהויבן די הענט אינ־דערהויך.

— אנו, קינדערלעך, גייט אַרויס אויפן פּלאַץ! — האָט דער אַל־טער טאַלאַש אַ זאָג געטאָן צו די פּוילישע סאָלדאַטן. ער איז געשטאַנען און געקוקט, ווי אַ שטאָלצער אָדלער פון די פּאָלע־סיער וואַלד־געדיכטענישן. אויפן ברוסט בײַ אים האָבן געבליש־טשעט סטענגעס פּאַטראָנעס, וועלכע האָבן אַרומגענומען דעם אַלטנס שטײַפע ברוסט אין צוויי ברייטע פּאַסן. אין איין האַנט האָט ער געהאַלטן די „עמעסע" מיליטערישע ביקס, אָנשפּאַרנדיק זי מיטן פּריקלאַד אויף דער מאָכיקער ערד. צוזאַמען מיט אים אויך מיט אַ פּאַטראָנען־סטענגע איבערן פּלייצע איז געשטאַנען זײַן קלענערער זון פּאַנאַס און אַלע פּאַרטיזאַנישע קאָמאַנדירן. צווישן זיי איז נאָר ניט געווען מאַרטין ריל.

— און דו, פּאַן, וואָס־זשע נעמסטו ניט אַראָפּ דאָס געווער? צי ווילסטו נאָך מילכאָמע האַלטן? — האָט אַ פרעג געטאָן דער אַלטער טאַלאַש דעם פּאַן קרוליעווסקי. יענער האָט שווײַגנדיק אַראָפּגענומען דעם שווערד מיט דעם רעוואָלווער און האָט זיי אָפּגעגעבן די פּאַרטיזאַנער.

— נו, וועמעס אונטערטאַנ ביסטו איצט?—האָט אים דער אַל־טער טאַלאַש דערמאָנט די זעלבע פראַגע, וועלכע ער האָט פונ אים געהערט אמאָל. פאַנ קרוליעווסקי האָט געשוויגנ.

— פירט זיי אהינ!—האָט מיטנ גרויסנ פינגער פונ דער לינ־קער האַנט געוויזנ צום וואַלד דער אַלטער אטאַמאַנ.—אונ אים פירט אויכ!—האָט ער א ווונק געטאָנ אפנ פאַנ קרוליעווסקי.

דעם פאַנ קרוליעווסקי האָט מענ געפירט אָפּגעטיילט פונ די סאָלדאַטנ. פונ די אָפּיצערנ איז ער נאָר אליינ געבליבנ: די אי־בעריקע זייַנענ געפאַלנ בייסנ שלאַכט.

אפ א קליינער קופּקע ערד איז געלעגנ, ברייט פאַנאַנדער־וואַרפנדיק די אומבאַוועגלעכע הענט, א שוואַרצ־וואָגיקער מענטש. דער טויט האָט אים געטראָפנ דעמלט, ווענ ער איז פונ א ניט גרויסער גרוב אַרויסגעלאָפנ אהער. אפ דער לינקער האַנט בא אים, נידעריקער פונ עלנבויגנ, איז געלעגנ זייַנ שטענדיקער מיטגייער, דער אויסלענדישער קאַראַבינ. דער בלאַסער פּאָנעם פונ דעם דערהאַרגעטנ העלד־פּאַרטיזאַנ, וואָס איז געווענ אויס־געקערט צום הימל, אונ האָט בלינד געקוקט אפ דער ערד דורכ די געדיכטע שפּיצנ פונ אַלטנ וואַלד, איז געווענ פייַערלעכ רויִק. די שטרענגע קנייטשנ אפנ שטערנ האָבנ זיכ פאַנאַנדערגענומענ אונ שטרענג זייַנענ געווענ זייַנע געשלאָסענע ליפּנ אונ די וואָנצנ, די אויסגעבויטע ווי שווארצע דוהעס.

אביסל ווייַטער זייַנענ געלעגנ געהאַרגעטע פּאַרטיזאַנער. דער אַלטער טאַלאַש האָט זיי באַטראַכט מיט זייַנע אַלטע אומעטיקע אויגנ. ער האָט זיכ אָפּגעשטעלט איבערנ קערפּער פונ זייַנ גע־טרייַענ כאַווער אונ אומעטיק אראָפּגעלאָזנ איבער אים זייַנ גראָענ קאָפּ. ניט קוקנדיק אפ קיינעמ, האָט דער אַלטער טאַלאַש גע־זעגנט זיכ מיטנ קערפּער פונ זייַנ פרייַנט אונ מיט די דערהאַר־געטע כאַווײרים.

— איר וועט זיכ שוינ מערניט אופהייבנ, מייַנע טייַערע, אפנ שאַל פונ דער קעמפערישער טרובע! מאַרטינ, טייַערינקער מייַנער:

די האָט זיך ארויסגעריסן פון דער פריצישער קנעכטשאפט, און דעם דאָזיקן קאראבין, וועלכער האָט זיך געלייגט אפ דײַן טויטער האנט, האָסטו באקומען פארטיידיקנדיק דײַן פרײַהײַט. נעם זשע פאנאנדער, טײַערינקער, די אויגן און גיב א קוק: אָן, שטייט ער, אונדזער סוינע, אראָפּגעלאָזט די אויגן. אים האָט זיך ניט אײַנגעגעבן נעמען אונדז לעבעדיקע... מיר שווערן אײַך, אז אײַער זאך וועט ניט פארלאָרן גיין... מיר וועלן זי היטן וואכזאם און אײַערע קינדער וועלן מיר אויך ניט פארלאָזן.

דער אלטער טאלאש איז אנשוויגן געוואָרן און האָט גידריק אראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

— גראָבט, כאווירים, א קייווער: לאָמיר זיי באגראָבן.

דער אלטער האָט איפגעהויבן די אויגן, האָט א קוק געטאָן אפ די פוילישע סאָלדאטן.

— און איר, קינדער, וואָס זשע שטייט איר? איר זײַט פאנעס אָדער פריצישע קנעכט, וואָס איר זײַט געקומען אָפּנעמען די פרײַהײַט בא אונדז, בא דער האָרעפּאשנער אָרעמשאפט?

פונעם אוילעם געפאנגענע איז ארויסגעטראָטן א סאָלדאט.

— באטקא-קאָמאנדיר! קער מיר אום די פרײַהײַט און דעם ביקס: איך וועל מיט אײַך האנט בא האנט מילכאָמע האלטן.

און נאָך אײנער פון די געפאנגענע איז ארויסגעטראָטן. ער איז צוגעגאנגען צו פאנאסן.

— צי דערקענסטו מיך, יאטל—האָט ער א פרעג געטאָן און אופמערקזאם ארײַנגעקוקט פאנאסן אין די אויגן. פאנאס האָט אפ אים א קוק געטאָן און צופרידן א שמייכל געטאָן.

— טאטע! אָט דאָס איז דאָך דער זעלבער סאָלדאט, וואָס האָט מיך ארויסגעלאָזן פון אָסטראָג.

דער אלטער טאלאש האָט א קוק געטאָן אפן פאן קראָליעווסקי.

— זעסט—פאן: דײַנע סאָלדאטן גייען איבער אפ אונדזער זײַט, אלע וועלן זיי איבערגיין, ווען זיי וועלן דערגיין דעם עמעס.

נאָכ א מענטש איז געשטאנענ איינזאמ אינ וואלד אונ האָט געזענ די דאָזיקע סצענע. ער האָט געוואָלט צוגייִנ אהער אונ זאָגנ זײַנ וואָרט, אָבער ער האָט זיכ ניט דערוועגט. דאָס איז געווענ סאווקע מילהונ.

א שארפ־נאָזיקע שיפל שווימט שנעל איבערנ פריפעט. צוויי מענטשנ זיצנ אינ שיפל. איינער א יונגער, א קורנאָסער מיט אנ אופגעשויבערטנ טשוב, ניט אײַלנדיק, ריטמיש, א פּאָכ נאָכ א פּאָכ, טרײַבט ער דאָס שיפל. דער צווייטער זיצט וואזשנע אפנ פאָדערשטנ טייל פונעמ שיפל. אונטערנ פאכווע בא אימ איז א פּאָרטפעל. אסאכ יאָרנ האָט פארשריבנ די צײַט אינ די קנייטשנ פונ זײַנ פּאָנעמ אונ אינ די טיפע קנייטשנ אפ זײַנ הויכנ שטערנ. פארטראכטערהייט קוקנ ערגעצ אינדערטיפ, ווײַזט אויס, אינ דער פארגאנגענהײַט, זײַנע פינצטערע, אָבער נאָכ לעבעדיקע אונ שארפע אויגנ. דאָס איז דער אלטער טאלאש—דער פּאָרזיצער פונ דאַרפסאָוועט. דאָס שיפל טרײַבט זײַנ סעקרעטאר, סאמאָק פונ וועפרי.

עס רוט איצט אָפ דעמ אלטנס „עמעסע” ביקס. זי האָט שוינ אַפגעקילט פונ די הייסע שלאכטנ אינ די וואלד־געדיכטענישנ פונ פּאָלעסיע. איצט האָט דער אלטער טאלאש אנדערע דײַגעס. אנדערע געדאנקענ, אָבער דער דאָזיקער גרויסער פריפעט וועקט באמ אלטנ זיכרוינעס פונ דעמ נאָענטנ אמאָל.

— געדענקסט, סאמאָק, ווי קונציק מיר האָבנ אויסגעריסנ דעמ כ׳ שאָליאָכינס באטאליאָנ פונ די פוילישע לאפעס אונ האָבנ אימ איבערגעפעקלט אפ יענער זײַט?

סאמאָק הייבט אופ פריילעכ זײַנע גראָע אויגנ אונ אינ זיי פינקלט א געלעכטער.

— דערלאנגט זיי, ווי זאָגט מענ עס, א פײַג אונטערנ נאָז... נו, האָבנ זיי זיכ דאָס געכידעשט, ווו זײַנענ אהינגעקומענ די רויטארמייער.

דער אלטער טאלאש שמייכלט נאָר זיכ אינ וואָנצ ארײַנ.

— נו, ווי מיינסטו, טײַערינקער! ס'וועט גיין אונדזער קאָלעק־טיווע ווירטשאפט?

— פארוואָס זאָל זי ניט גיין? ערד איז פאראן, פערד זײַנען פאראן, ארבעט־הענט סטײַעט... ס'וועט גיין!—און עס פילט זיך א זיכערקײַט אינעם סעקרעטארס שטימע.

— עהע! איך מיין אויך, אז עס וועט גיין. זיי פאָרן טאקע איצט וועגן דער קאָלעקטיווער ווירטשאפט אין וואָלאָסט־אויס־פירקאָם, קעדיי אויספאָרמירן עס. מע האָט זיך איינגענעם באַ־טראכט שאפן די ווירטשאפט. זי פלאָנטערט פאנאנדער פראקטיש א גאנצן קנויל טרויעריקע פראגן וועגן הילף די געזינדן פון די געפאלענע פארטיזאנער: מארטין ריל, קאָנדראט בוס און אנ־דערע. אין דער דאָזיקער ווירטשאפט וועלן ארײַן קאָנדראט בירקעס און סימאָן ברויס ערדן. מע האָט זיי געמישפעט אין פראָלעטארישן געריכט און פארמישפעט אפ ארויסשיקן. דעם וויט, וואסיל בוסיגען, האָט מען אין „ראסכאָד" ארויסגעפירט אלס א פארביטענעם קאָנטער־רעוואָליוציאָנער. אוהיניע האָט ניט געוואָלט בלײַבן אפ וואסילס ווירטשאפט, האָט אָפגעגעבן דעם קאָלעקטיוו איר גאנצן פארמעגן און האָט דערלאנגט א מעלדונג, אז מע זאָל זי אויך צונעמען אין דער קאָלעקטיווער ווירטשאפט. אוהיניעס מעלדונג האָט מען באטראכט, מע האָט גענומען אין אכט אוהיניעס פארדינסט פאר די פארטיזאנער און מע האָט באשטימט צונעמען זי.

עס רוישט און ראשט די סאָוועטישע פאָלעסיע און נײַע אקאָרדן הערן זיך אין דעם דאָזיקן געררויש און אין דעם דאָ־זיקן טומל. דער ווינט פאלט צו מיטן הייסן פאָנעם צו די ברייַ־טע שטומע בלאָטעס און ס'שעפּטשעט דער גרינער הארטער גראָז איבער די ערד־בערגלעך וועגן דעם, אז עס גייט אהער א נײַער סאָוועטישער מענטש, אופרודערן זייער שטילקײַט, קעדיי פאר־וואנדלען זיי אין רײַכע לאָנקעס און פעלדער. שפילט דער ווינט איבער די קוטשעראווע שפיצן פון די פאָלעסיער וואלד־געדיכ־

טענישן, וויגט די צווייַגן אונטער די פרישע קורהאנעס־קוואַרים, וואָס זייַנען צעוואָרפן אַף די הויכע זאמד־וויספּעס, און זינגט ער, אָט דער דאָזיקער פרייַער באיאן וועגן דעם העלדנטאט פון די, וואָס זייַנען באגראָבן אין די דאָזיקע קורהאנעס־קוואָרים און שאפט פאר די מענטשן לידער וועגן די זייער פון שטורעם און קאמף.

איבער דער זומפּיקער בלאָטע הייבט זיך אויף א וויספּע, אַף דער וויספּע — א קורהאן. א הויכער און ברייטער שטאנג, וועלכער איז גוט אָפּגעטעסיעט מיט א פארטיזאנישער האק, היט אָפּ דעם דאָזיקן קייווער־קורהאן. אפן דעמבענעם שטאנג זייַנען אויסגעשניטן מיט דער האנט פון א געוויינלעכן שניצלער צוויי ווערטער: „מארטין ריל". אפן קייווער ליגט א פאַשעטער קראנץ פון לעבעדיקע בלומען פון פּאָלעסיע. אהערצו קומען זעלטן, אין פרייַע טעג צוויי פרויען: א מוטער און א טאָכטער. די מוטער האָט פאר דער טאָכטער אנטדעקט איר סאָד, דעם עמעס וועגן דעם, ווער עס איז איר פאָטער. פארקלעמט הייבט אויף אלייעסע איר שווארצכענעוודיקן קעפל און קוקט אפן הויכן דעמבענעם סלופּ. דאָס ברענגט זי אפן קייווער א קראנץ פון לעבעדיקע בלומען. שווייַגנדיקערהייט גייען זיי צום קייווער, איינע אין בענקעניש וועגן דעם, וואָס איז געווען, די צווייטע א פריילעך־צופרידענע פון דעם באוווסטזייַן, וואָס דער עמעסער טאטע אירער איז א העלד א פארטיזאן.

עס גייען דורך יאָרן. דעם אלטן טאלאשן איז איצט איבער 80 יאָר. ס'איז אים שווער צו פארנעמען זיך מיט געזעלשאפטלעכער ארבעט, אָבער אָן ארבעט וויל ער ניט בלייַבן. ער איז א וועכטער אפן פּריפּעט. זייַן ארבעט באשטייט אין אכטונג געבן און אָנצינדן די לאמטערנס אַף דער נאכט. דער אלטער טאלאש האָט האָלט דערמאָנען זייַנע פארטיזאנערייַ. א רעזולטאט פון די דאָזיקע זיכרוינעס איז די דאָזיקע דערציילונג „זומפּ".

ענדיקנדיק זי, וויל איך זאָגן דעם אוילעם וועגן איינעם זייער

א שטארקן ווונטש פונעם אלטן, א ווונטש, מיט וועלכן ער לעבט איצט: דער אלטער טאלאש וויל זייער זען די כאוויירים: סטאלין, וואראשילאָוו און בודיאָני.

און נאָך איין שטריך אפ צו כאראקטעריזירן דעם אלטן פאר־טיזאנישן אטאמאן.

ווען דעם אלטן טאלאש דערמאָנט מען וועגן די סאָנים פון דער סאָוועטנמאכט און וועגן א מילכאָמע קעגן איר, גלייכט ער אויס דאן די פון יאָרן איינגעבויגענע פלייצע זיינע, גיט א בליק ווי אן אָדלער.

— אָ! איך וואָלט זיך געזעצט אפ א פערד, איך וואָלט נאָך געוויזן, וואָס עס קאָן דער אלטער טאלאש!

מינסק, 9 נאָיאבער 1933 י.



